נחמן דרוזדוב / אחז העם

מײַנע קינדער נעמי, מתתיהו
און זײערע משפחות א מתנה.

נחמן דרוזדוב

# אחד העם

שטריכן פון זיין לעבן, כאראקטער און שאפונגען

צווייטע, פארבעסערטע אויסגאבע

דערשינען ביי דער פרץ — ביבליאטעק
תל-אביב, ישראל
1959

# איי ניקע ווערטער

אין אַט דער באַשיידענער אַרבעט וועגן אחד העם, בין איך נישט געווען בדעה צו שרייבן די ביאָגראַפיע פון דעם גרויסן ייד און מענטש. אַזאַ אַרבעט וועט, האָף איך, אַרויסגעגעבן ווערן מיט דער צייט דורך איינעם פון אונדזערע גרויסע שריפטשטעלער, וועלכער איז ראוי צו דעם. צו געבן אַ ריכטיקע אָפּשאַצונג פון אחד העם איז אַ וויסנשאַפט אַן און פאַר זיך.

מיין כוונה איז נאָר געווען צו געבן אין קורצע שטריכן אַן איבערבליק וועגן אים אין דער יידישער שפּראַך, פאַר די וועלכע לייענען נישט קיין העברעיש און האָבן דערפאַר אַ שוואַכן באַגריף וועגן אחד העם בכלל און וועגן זיין שאַפן בפרט.

מיט מיין שרייבן האָב איך זיך געשטיצט אויף דעם מאַטעריאַל, געזאַמלט פון די מערסטע ווערק זיינע, דערהויפּט פון זיין קאָרעספּאָנדענץ, וואָס אַנטהאַלט זעכצן הונדערט בריוו („אגרות אחד העם"). יעדער פאַקט, וואָס איז אָנגעגעבן אין מיין אַרבעט, איז באַצייכנט מיט אַ ציפער, וואָס ווייזט דעם מקור פון וואַנען די באַשרייבונג איז גענומען, און געפינט זיך צום סוף פון בוך.

איך האָב פּרובירט זיך צוריקהאַלטן פון אויסדריקן מיין פּערזענלעכע מיינונג. איך האָב געזוכט איבערצוגעבן פאַקטן אין קורצן, לויט זיינע אייגענע ווערטער און שריפטן. זאָל דער לייענער אַליין אָפּשאַצן די גרויסקייט פון דעם מאַן, וועלכער האָט געלייגט דעם פונדאַמענט פאַר דעם נאַציאָנאַלן גייסט און פאַר דער ווידערגעבורט פון דעם יידישן פאָלק.

דאָס בוך איז איינגעטיילט אין פּעריאָדן, יעדע פון זיי פאַרנעמט אַ געוויסע צאָל יאָרן, וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט היסטאָרישע דערשיינונגען און טעטיקייט, אין וועלכע אחד העם האָט געשפּילט די הויפּט ראָלע.

אין דער איצטיקער פיל אויסגעבעסערטער צווייטער אויסגאַבע, נאָך אַן איבעררייס פון אַ פּאָר צענדליק יאָרן זינט דער ערשטער, וועט דער לייענער געפינען אַ גרויסע צאָל באַמערקונגען צוגעפּאַסט צו די לעצטע פּאַסירונגען אין פּאָליטישן ציוניזם.

נ. ד.

1856—1885

# די ערשטע יארן

א. זיין קינדהייט

ב. זיין יוגנט

ג. נאָך דער חתונה

# זיין קינדהייט

אין דעם תהו ובהו, וואָס האָט עקזיסטירט אין יידישן לעבן, אין אָנהויב פון דער צווייטער העלפט פון פאָריקן יאָרהונדערט, דערהויפט אין די קליינע שטעטלעך פון רוסלאַנד און פוילן, וואו פאַנאַטיזם און אָבער־גלויבן האָבן געהערשט אין אַלע ווינקעלעך, איז אויפגעגאַנגען אַ שטראַל פון ליכט. גראָד אין דעם ווינקל פון פינצטערער עם־הארצות און פאַנאַטישן חסידיזם, אין אַ פאַרוואָרפן קליין שטעטל אין אוקראַינע, אַ געגנט ווייט פון השכלה און בילדונג אין אַלגעמיין און אינגאַנצן פאַסיוו צו וועלטלעכע יידישע ענינים, איז אויפגעגאַנגען דער שטערן, וואָס וועט אונדז באַלייכטן אויף דורות — אין דער געשטאַלט פון אחד העם.

אשר גינצבורג איז געווען זיין נאָמען. געבוירן י״ז אב, תרט״ז (1856) אין דעם קליינעם שטעטל סקווירא, קיעווער גובערניע. זיין פאָטער, ר׳ ישעיה, אַ גרויסער חסיד, אַ למדן און אַ מיוחס פון אַ רייכער, חסידישער בני־תורה פאַמיליע. די מוטער — אַ קרובה פון רבי ישראל׳טשע רוזשינער.

ווי געוויינטלעך, אין יענער צייט, אין אַזאַ קליין־שטעטלדיקער אַטמאָ־ספערע, האָט מען זיך זייער ווייניק געזאָרגט וועגן דעם געזונט פון קליינע קינדער, און צו דריי יאָר איז דער קליינער אשר שוין געגאַנגען אין חדר. דער פאָטער האָט טאַקע אויסגענומען אַ תנאי מיטן מלמד, אַז ער זאָל נישט לערנען מיט אים מער ווי דריי שורות אַ טאָג, אָבער דער קליינער תלמיד האָט דאָס גלייך פאַרנומען, און דער רבי פלעגט אַריינכאַפּן מיט אים אייניקע שורות מער אַ טאָג. איינמאָל האָט ער פאַרמסרט דעם רבין פאַר די עלטערן און מיט טרערן פּראָטעסטירט קעגן איבערטרעטן דעם „יושר" צו אים. פאַר־נעמענדיק שנעל, וואָס דער מלמד פלעגט אים לערנען, האָט מען אים אָפּט איבערגעזעצט אין העכערע חדרים, און ווען ער איז צען יאָר אַלט געוואָרן, האָט ער אָנגעהויבן צו לערנען ש״ס און פוסקים.

די אָוונטן פלעגט ער פאַרברענגען אין חסידים־שטיבל און לייענען ספרי חסידות, נישט קוקנדיק וואָס אין חדר האָט ער געמוזט גיין גאַנץ פרי

און לערנען איניקע שעה, פאַר פרישטיק. זיין מאַלצייט האָט מען אים געבראַכט אין חדר, און פיל מאָל, אין ווינטערדיקע טעג, איז דאָס עסן שוין געווען קאַלט, ווען ער האָט עס גענומען טועם זיין. פון פאַרברענגען אַביסל צייט אין שפּילעריי, איז אָפּגערעדט — דאָס האָט נישט געפּאַסט פאַר אַ גוטן חדר־יינגל, וואָס לערנט שוין גמרא. זיין גאַנצע דערציאונג איז באַשטאַנען פון לערנען תורה און חסידות, אָדער גיין אין דער חסידישער קלויז דאַוונען מיט זיין פאָטער און זיך צוהערן צו דברי חכמה ותורה פון דעם „הרבי מסדיגורא״, דעם רוזשינער צדיקס אַ זון. זיך לערנען אַ שפּראַך — רוסיש אָדער לשון הקודש — איז געווען שטרענג פאַרבאָטן ביי זיינע עלטערן, אין דער צייט ווען די קינדער פון די אָרימע חסידישע עלטערן האָבן זיך יאָ געלערנט שרייבן רוסיש (אַזוי האָט מען זיך אויסגעדריקט אין יענע צייטן), כדי מען זאָל זיך קענען אונטערשרייבן אויף געשעפט־פּאַפּירן. אשר, אָבער, וועמענס רייכע עלטערן האָבן דווקא געקענט זיך פאַרגינען אַזאַ לוקסוס און אַריינבעמען אַ פּריוואַטן לערער צו זיך אין הויז און געבן אים אַזאַ „בילדונג״ פון „שרייבן רוסיש״, זיי האָט דער גרויסער פאַנאַטיזם דאָס נישט דערלויבט. ביי די עלטערן איז געווען אַ מסורה פון דער מוטערס צד צדיקים, אַז די צורה פון רוסישע אותיות קען נאָך מטמא זיין די אויגן, און פון דער סכנה האָט מען דעם יינגל שטאַרק אָפּגעהיט. אָבער ווען דער קליינער אשר איז אַלט געוואָרן אַכט יאָר, האָט ער זיך געפונען אַן עצה: פון זיינע חברים אין חדר האָט ער זיך אויסגעלערנט דעם רוסישן א׳־ב׳, און מיט דער הילף פון די שילדן אויף די קראָמען אין דער רוסישער שפּראַך, פלעגט ער זיך לערנען צוזאַמענשטעלן און לייענען די ווערטער. און אַזוי האָט ער זיך דערוואָרבן דעם ערשטן צוגאַנג צו לייענען רוסיש אַן דעם פאָטערס וויסן. איינמאָל האָט זיך זיין פאָטער פון דעם דערוווּסט ווייל ער פלעגט אָפּט פאַרשפּעטיקן צו קומען אַהיים אין צייט, און אַמאָל אויף גאַנצע שעהען. מען האָט אים נאָכגעשפּירט און דערגאַנגען זיין זינד און פון דעמאָלט אָן איז געקומען אַן ענדע צו זיין „לערנען רוסיש״. אָבער דער אָנהויב איז אים גוט צונוץ געקומען אין די שפּעטערדיקע יאָרן, ווען ער האָט זיך מיט אַן אמת גענומען צו דער רוסישער און אַנדערע שפּראַכן.

עס איז כדאי צו באַמערקן דעם סדר פון די לימודים, וואָס מען האָט אַרויפגעצוווּנגען אויף אַזאַ יינגל, אַרום צען יאָר אַלט. עס איז כמעט אומ־מעגלעך צו גלויבן, אָבער דאָס זענען געווען ריכטיקע פאַקטן, ווי ער

אליין דערציילט אין זיינע „פרקי זכרונות". אַ חוץ גמרא און „חשן המשפט" האָט דער רבי פריער מיט אים געלערנט אויך דעם „טור" מיטן „בית יוסף" און „יורה דעה" מיט אַלע מפרשים, און ווען ער איז אַלט געוואָרן עלף יאָר, האָט ער שוין געוואוסט זיך מפלפל צו זיין אין „קצות החושן" און „שב שמעתתא". יעדן שבת פלעגט זיין פאָטער אים פאַרהערן, וואָס ער האָט געלערנט די גאַנצע וואָך, ווי דער שטייגער איז דאַמאָלט געווען ביי שטרענג פרומע עלטערן. דערצו האָבן די טאַטעס דעמאָלט געהאַט די געוווינהייט צו זיין גרויסע מקפידים מיט זייערע קינדער און שטענדיק וואַרפן אַ פחד אויף זיי. אַזוי האָבן זיי דעמאָלט פאַרשטאַנען די כללים פון דערציאונג — מען דאַרף דאָס קינד שטענדיק האַלטן אין שרעק און זאָגן, אַז עס איז אומגערעכט. לויט ווי ער דערציילט, פלעגט דער קליינער אשר, נאָכן פאַרהערן, כאַפּן אַ פּאַטש פון זיין פאָטער, צי ער האָט זיך פאַרדינט אָדער נישט. און נאָך בעסער — די מוטער פלעגט דאַמאָלט אויפמאַכן די טיר און זיך שטאַרק אָנבייזערן אויפן פאָטער. און אַזוי האָט ער פאַבראַכט זיינע קינדערישע יאָרן, מיט למודים פיל העכער, ווי אַ געוויינטלעכער יונגער מח האָט געקענט באַגרייפן, אַרומגערינגלט מיט פאַנאַטיזם און שטרענגע באַציאונגען צווישן עלטערן און קינדער.

צוליב זיינע גרויסע פעיקייטן פלעגט ער שטענדיק ווערן פאַרטיק מיט די לימודים שנעלער ווי אַנדערע קינדער, און אים פלעגט ציען צו באַשעפטיקן זיך מיט עפּעס אַנדערש. האָט זיך דעריבער אַנטוויקלט ביי אים אין חדר אַ געוווינהייט צו רויכערן פּאַפּיראָסן. דער פאָטער, דערוויסנדיק זיך פון דעם, האָט געזוכט כלערליי מיטלען, ווי אָפּצוברעכן אָט די שלעכטע געוווינהייט פון אים, אָבער קיין זאַך האָט נישט געהאָלפן, ביז וואַנען ער האָט אים גענומען צו אַ גרויסן מעדיצינישן פּראָפעסאָר, וועלכער איז דעמאָלט גראָד געווען אין זיין געגנט, לעבן סקווירא. דער דאָקטער האָט געוואָרפן אויפן יינגל אַ מורא, וואָרנענדיק אים, אַז ער וועט גיך שטאַרבן, אויב ער וועט נישט אויפהערן רויכערן. דאָס האָט אויף אים געווירקט און מער האָט ער נישט גערויכערט.

ער זוכט ווייטער ווי צו פאַרברענגען זיין ליידיקע צייט. גראָד געפינט ער צווישן דעם פאָטערס ספרים אַ בוך „מלאכה ומחשבות" פאַר אַלגעברע און געאָמעטריע, מיט וועלכן ער האָט זיך שטאַרק פאַראינטערעסירט. דערהויפּט איז אים געפעלן געוואָרן אַלגעבּרע, און פון דעמאָלט אָן,

ווען ס'איז נאָר געווען אַ ליידיקע שעה אין חדר, האָט ער שטודירט דאָס בוך. קומענדיק אַהיים פון חדר, פלעגט ער מאַכן צייכנונגען פון אַלגעבּרע־פּראָבלעמען אויף די טירן און פענצטער, ביז וואַנען זיין זיידע האָט דאָס איינמאָל באַמערקט און צוליב זיין פאַנאַטיזם איז ער געווען זיכער, אַז דער יינגל באַשעפטיקט זיך מיט ציפערן פון כישוף. מען האָט דאַן געגנוי־נאַכגעפאָרשט ביז מען איז דערגאַנגען דעם סוד, און מער האָט ער שוין דאָס בוך נישט געקראָגן. מיט דעם ענדיקט זיך זיין מאַטעמאַטישער שטודיום. ער האָט זיך גענומען צוריק צום רויכערן, אַ געוווינהייט צו וועלכער ער איז געווען צוגעבונדן זיין גאַנץ לעבן. אָבער די פּרינציפּן פון מאַ־טעמאַטיק, וואָס ער האָט באַקומען פון דעם העברעישן בוך אין זיינע קינדערישע יאָרן, זענען פאַר אים געווען אַ גרויסע הילף אין די שפּעטער־דיקע צייטן, ווען ער האָט שטודירט מאַטעמאַטיק אויף אַ סיסטעמאַטישן אופן.

## זיין יוגנט

צו צוועלף יאָר איז אשר, קען מען זאָגן, אַרויס פון זיינע קינדערישע יאָרן און איז געוואָרן, ווי מען דריקט זיך אויס אויף דער פּשוטער שפּראַך, „אַ בחור", כאָטש לויט זיין קענטשאַפט אין „תלמוד ומפרשים", וואָס אָפטמאָל שיינט עס צו זיין ווי אַ לעגענדאַרע דערציילונג, האָט מען אים געקענט רעכענען אַלס פולקאָמער מענטש און אַ גרויסער למדן.

אין יענער צייט האָט זיין פאָטער גענומען אין אַרענדע אַ גרויסן מאַיאָנטעק און די גאַנצע פאַמיליע איז אַריבער ווינען אין דאָרף. דאָרטן האָט דער פאָטער געדונגען אַ מלמד פאַר אים אַליין, אָפּגעגעבן אַ באַ־זונדערן צימער פול מיט ספרים, און דער בחור אשר האָט זיך גענומען שטאַרק צום לערנען, מיט גרויס התמדה. ער דערציילט, אַז דאָס הויז וואו זיי האָבן געוווינט, איז געווען גרויס, פיל צימערן, אַרומגערינגלט מיט אַ גרויסן גאָרטן, וואָס האָט זיך געצויגן ביזן טייך. די נאַטור אַרום איז

געוועזן זייער שיין, אָבער — ער האָט נישט געשענקט קיין אויפמערקזאַמ־קייט צו דער שיינער נאַטירלעכער אומגעבונג; צופיל איז ער געווען פאַר־נומען מיט זיינע למודים און ספרים. אפילו צו רייטן אויף אַ פערד, אַ פשוטע זאַך ביי דאָרף־מענטשן, האָט ער אויך זיך נישט געקענט אויסלער־נען. אויך אין די שפּעטערע יאָרן, ווען ער האָט שוין געלייענט העברעי־שע שירים און אַלגעמיינע פּאָעזיע אין אַנדערע שפּראַכן וועגן נאַטור דערשיינונגען, האָט ער זיך קיינמאָל נישט פאַראינטערעסירט צו פאַר־ברענגען זיין צייט מיט אַזעלכע ענינים. לערנען און לייענען ביכער איז געווען זיין הויפּט באַשעפטיקונג. דער רבי פלעגט לייענען מיט אים ספרי מוסר יעדן טאָג און שבת. אויך דעם „עקידת יצחק", דער איינציקער ספר, וואָס דער רבי האָט געהאַלטן פאַר כשר. פון מוסר איז ער אַליין אַרי־בער צום „חובת הלבבות" און ענלעכע פילאָזאָפישע ווערק פון די ספרדים, נאָכדעם „ספרי דרוש", ביז דעם רמב"ם און אבן עזרא.

איידער ער האָט געדאַרפט ווערן בר־מצוה, האָט דער פאָטער אים מיט־גענומען אויף אַ יום־טוב צום „רבין" אין סאדיגורא, ער זאָל אים געבן אַ „ברכה" און אגב זאָל דער בחור זיך באַקענען מיט דער גרויסקייט און הייליקייט פון רבין. דער רבי האָט געמאַכט אַ גוטן איינדרוק אויף אים נאָר די מעשים און דער אומגאַנג פון די שמשים, מקורבים און די חסידים אין רבינס הויף, האָבן שטאַרק אָנגערירט זיין איידעלע און ערלעכע נאַטור. פון דעמאָלט אָן האָט ער זיך אינגאַנצן אָפּגעטרייסלט פון דער חסידישער סביבה און אָוועקפאַרנדיק פון סאדיגורא איז ער געוואָרן אַ פולקאָמער מתנגד פון וואָס זיין פאָטער האָט זיך שטאַרק מצער געווען, אָבער ער האָט זיך ווידער גענומען פלייסיק צום תנ"ך און צו דער מיטלאַלטערלעכער לי־טעראַטור.

צו פופצן יאָר איז ער שוין פעיק צו לערנען אָן אַ מלמד און ווערן זעלבסטשטענדיק אין זיינע למודים. ווערנדיק פריי פון זיין מלמד, האָט ער זיך אַליין אויסגעאַרבעט זיין סדר הלמוד. אַ חוץ דעם תלמוד און פוסקים, הויבט ער אָן שטודירן דקדוק און העברעישע ספרים, ווי פי־לאָזאָפיע און היסטאָריע, וועלכע ער האָט געפונען צווישן זיין פאָטערס ספרים. אָבער דער פאָטער האָט נאָך אַלץ געהאַלטן אַ שטרענג אויג אויף אים, ער זאָל נישט לייענען ספרי מינות. אפילו די ספרים פון אַזעלכע מחברים ווי נפתלי הערץ וויזיל, האָט ער אויך פאַרבאָטן. די איינציקע

השכלה־ספרים וואס ער האט יא דערלויבט, זענען געווען: „דברי ימי עולם״ פון קלמן שולמאן.

אבער עס האט נישט גענומען לאנג און אשר איז געווארן פון א „מתנגד״, אן אמתר „משכיל״. דער רוח הבקורת האט זיך אין אים געשטארק זייער שנעל. אפטמאל פלעגט דורכפארן א מוכר ספרים אין דארף צו פארקויפן „כשרע ספרים״ צו זיין פאטער. דער בחור אשר פלעגט שטי־לערהייט דורכקוקן זיינע ספרים און זוכן א „טריף־פסול״. איינמאל האט ער ביי אים געפונען דעם „מצפה לבית ישראל״ פון ה׳ ערטער. קויפנ־דיק דאס בוך און מורא האבנדיק איבערצולאזן אזא „פסול״ אין זיין צימער, ווארט ער ביז נאכט און ווען דאס גאנצע הויזגעזינט איז געשלאפן, נעמט ער זיך צו דעם און לייענט עס דורך אין פארלויף פון דער נאכט. פארטאג, ווען דער באדינער איז אריין צו אים מאכן פייער אין אויוון, האט ער דאס בוך אריינגעווארפן אינעם פייער און פארברענט, אז קיינער זאל פון דעם גאר נישט וויסן. עס זענען פארגעקומען נאך ענלעכע פאלן, ווען דעם בחור איז געלונגען צו קריגן ספרי השכלה פון געסט און רייזנדע, וועלכע פלעגן באזוכן זיין פאטער געשעפטלעך. און אזוי האט ער זיך איינגעשאפן בילדונג און וויסנשאפט דורך פארשידענע וועגן און מיטלען.

מיט דער צייט האט זיין פאטער אנגעהויבן אים נאכצוגעבן אין זיינע פארלאנגען און אשר קריגט מער פרייהייט אין לייענען און שטודירן, ביז וואנען ער האט שוין אנגעהויבן שרייבן שירים און מליצות, וועלכע ער האט אנגערופן „קינדערשע נארישקייטן״. אין דערזעלבער צייט לערנט ער אויך געשמאק ש״ס און פוסקים מיט אלע מפרשים, דערהויפט איז ער געווען פאראינטערעסירט אין „שאלות ותשובות״ ספרים. צו זעכצן יאר אלט, איז ער שוין געווען א „בקי בש״ס ופוסקים״ און אויך געפירט „שאלות ותשובות״ מיט פיל רבנים, וואס האבן נישט געוואוסט זיין עלטער. אנדערע פון די האבן זיך געווענדט דירעקט צו אים מיט פראגעס וועגן וויכטיקע ענינים. ער האט דאמאלט געענדיקט דעם גאנצן ש״ס און זיין פאטער פראוועט פאר אים א „סיום״ מיט א גרויסארטיקן מאלצייט כנהוג. (זע נאטיץ ענדע בוך).

# נאָך דער חתונה

עס האָט נישט גענומען לאַנג און, לויט דעם מנהג אין יענער צייט און אין יענע מקומות, האָט מען אשרן חתונה געמאַכט מיטן זשיטאָמירער רב׳ס טאָכטער, אַן אייניקל פון דעם באַוואוסטן „רבי״ מנחם מנדל לובאַ־וויטשער. ווען ער איז נאָך געווען אַ חדר־יינגל אין סקווירא, האָט מען שוין גערעדט אים פיל שידוכים און די עלטערן האָבן באַשלאָסן אויף דעם שדוך מיט דער מיוחסדיקער טאָכטער פון גרויסע הייליקע און צדיקים. די עלטערן האָבן אפילו נישט געקענט דאָס מיידל, קיינמאָל איר נישט געזען, דער עיקר איז דאָך געווען דער יחוס און די הייליקייט פון דער משפחה. און נאָכדעם, ווען ער האָט חתונה געהאַט, האָט די „קדושה״, וואָס די עלטערן האָבן געזוכט פאַר אים, גאָר נישט אויסגעהאַלטן. נאָך דער חתונה איז ער פאַרבליבן מיט זיין פרוי ביי זיינע עלטערן אין דאָרף און זיך גענומען מיט מער חשק און התמדה צו בילדונג, באַנוצנדיק זיך מיט יעדן ספר, וואָס איז אַריינגעפאַלן צו אים אין האַנט. אָן לערער און אָן אַ פּראָג־ראַם האָט ער אָנגעהויבן זיך לערנען רוסיש און דייטש, שטודירן די מאָדערנע אַלגעמיינע ליטעראַטור און וויסנשאַפט.

אין יאָר 1878, אייניקע יאָר נאָך זיין חתונה, מאַכט ער אַ רייזע נאָך אָדעס דעמאָלט דער הויפּט־צענטער אין יענער געגנט פון לערנען און ביל־דונג פאַר יידישע יונגעלייט. דאָרטן באַגעגנט ער זיך מיט אַ יונגן מאַן, וואָס איז געווען זייער גוט באַקאַנט מיט דער רוסישער ליטעראַטור. דער יונגערמאַן האָט זיך שטאַרק פֿאַראינטערעסירט מיט דעם אויסערגעוויינט־לעכן יונגן דאָרפסמאַן און זיי זענען געוואָרן באַפריינדעט. זיי פלעגן זיך טרעפן כמעט יעדן טאָג און דיסקוטירן פאַרשידענע ליטעראַרישע פּראָב־לעמען. דורך זיין נייעם פריינד האָט אשר זיך באקענט מיט דער שאַפונג פון דעם באַוואוסטן, גלענצנדן רוסישן שריפטשטעלער פּיסאַרעוו און אויך מיט אַנדערע גרויסע שאַפער אין דער רוסישער ליטעראַטור. פּיסאַרעוו האָט אויף אים געמאַכט דעם שטאַרקסטן איינדרוק אַלס דער פּאָזיטיוועדער קריטיקער און דאָס, קען מען זאָגן, האָט געווירקט נאָכהער אויך אויף זיינע ליטעראַרישע שאַפונגען. אונטער דער ווירקונג פון דער נייער ליטעראַרישער ספערע, באַשליסט אשר גיצנבורג דורכצומאַכן אַ קורס אין גימנאַזיע,

כדי ער זאָל קענען דערנאָך אַריינטרעטן אין אוניווערזיטעט.

אויף דעם פאַרלאַנג פון זיין פרוי און עלטערן, פאָרט ער צוריק אין דאָרף אַריין. דאָרט נעמט ער זיך פלייסיק צו אַלגעמיינע למודים, לאַטיין און מאַטעמאַטיק, אַלץ וואָס מען פאָדערט פון אַן אַכט־קלאַסיקן עקזאַמען. אָבער ער קומט צום באַשלוס, אַז די אויסלענדישע אוניווערזיטעטן וועלן זיין בעסער צוגעפּאַסט פאַר אים און ער נעמט חלומען וועגן פאָרן נאָך אויסלאַנד.

ער פאָרט קיין ווין. אויפן וועג שטעלט ער זיך אָפּ אין בראָד און באַ־געגנט דאָרטן די מאַסן יידן, אַנטלאָפענע פון די פּאָגראָמען אין רוס־לאַנד און וועלכע קלייבן זיך קיין אַמעריקע. ער זעט ווי קאַרל נעטער מיט נאָך פאָרשטייער פון חברת „כל ישראל חברים" זענען זיך מתעסק מיט די אַנטלאָפענע און טיילן זיי אויס געלט אויף הוצאות. אין דעם זעלבן וואַגאָן, אין וועלכן ער פאָרט קיין ווין, זענען מיטגעפאָרן פיל פון די עמיגראַנטן און דאָס גאַנצע בילד האָט געמאַכט אויף אים אַ שווערן איינדרוק.

אין ווין איז ער געווען נאָר דריי וואָכן, עפּעס זיך נישט געקענט צו־פּאַסן צו דער אַטמאָספערע. ער, אַ בקי בש"ס ופוסקים, האָט אים געפעלט די מעגלעכקייט פון איבעראַנדערשן זיך און ווערן אַ תלמיד גליידך „עם כל הנערים", בפרט ווען ער האָט געלאָזן אַ פרוי מיט אַ קינד אין דער היים. נאָך מער: זיינע עלטערן און פרוי האָבן נישט געקאָנט פאַרשטיין, אַז ער, דער גרויסער תלמיד חכם, אַ פאַרהייראַטער מאַן און אַן דאגות־פרנסה, זאָל זיך פאַרנעמען מיט נאַרישע למודים נאָר „לשם לערנען" (אַזוי האָט ער זיי געזאָגט פאַר זיין אָפּפאָרן). ער פלעגט קריגן בריוו מיט טענות כמעט יעדן טאָג, ביז וואַנען ער האָט נישט געקאָנט מער ביישטיין און איז געפאָרן צוריק אַהיים.

קומענדיק צוריק אין דאָרף און זעענדיק די פּוסטקייט און אומעטיקייט דאָרטן, האָט ער זיך קיין מנוחה נישט געפונען, און אַזאַ לעבן איז אים כמעט נמאס געוואָרן. ער באַשליסט נאָך אַמאָל צו פאָרן קיין אויסלאַנד און פון יאָר 1882־1884 זעען מיר אים צוריק אין בערלין, ברעסלוי און ווין. ער שטודירט, באַזוכט אוניווערזיטעטן און לערנט פיל — אָבער מער ווי צוויי יאָר האָט ער נישט געקענט פאַרבלייבן דאָרטן. ער איז געווען צו גרויס, אַז ער זאָל זיך קאָנען צופרידנשטעלן אין דער ענגער סביבה פון תלמידים. לויט זיינע אייגענע ווערטער: „זענען די דאָזיקע אייניקע יאָרן געווען די

ערגסטע אין מיין לעבן". זייענדיק אין דארף האָט אים געצויגן צו דער גרויסער וועלט, אין אויסלאַנד, און קומענדיק אַהין, האָט ער געבענקט נאָך זיין היים. זייטיקע מענטשן האָבן נישט פאַרשטאַנען זיין אינערלעכן קאַמף מיט זיך אַליין. באַטראַכטנדיק אים, אַ קינד פון רייכע עלטערן, וואָס קיין זאַך האָט אים נישט געפעלט, האָט מען זיך געוואונדערט צו וואָס דאַרף ער ליידן. די גאַנצע סביבה אַרום אין הויז, איז געווען פול מיט פאַרגעניגן, רייכטום און כבוד, און ער געפינט זיך נישט קיין פלאַץ צווישן זיי און פילט זיך אומגליקלעך.

דער אינעווייניקסטער קאַמף אין אים האָט, אָבער, גוט געווירקט אויף זיין כאַראַקטער, ער איז אַרויס דער איש השלם פאַר שאַפונג און אַר־בעט. ער האָט אָנגעהויבן מאַכן פלענער צו פאַרלאָזן דאָס דאַרף אויף שטענדיק און זיך באַזעצן אין אַ גרויסער שטאָט, צו ווערן אַ סוחר, לעבן צווישן געבילדעטע לייט און משכילים, צווישן וועמען ער וועט האָבן אַ מעגלעכקייט פאַר געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. און צום סוף 1885טן יאָר באַזעצט ער זיך מיט זיין פאַמיליע אין אָדעס און ווערט אַ סוחר.

(זע נאָטיץ ענדע בוך).

1890—1886

# די נייע תקופה אין זיין לעבן

א. זיין אָנהויב אלס עסקן און ליטעראַט

ב. „לא זה הדרך"

ג. „בני משה"

ד. אמת מארץ ישראל

# זיין אנהויב אלס עסקן און ליטעראט

גלייך נאָך זיין באַזעצן זיך אין אָדעס און ברענגען אין אָרדענונג זיינע געשעפטן, פאַרברענגט ער זיינע פרייע שעהען מיט לערנען און בילדן זיך. די ברייטע פרייע אַטמאָספערע פון דער גרויסער שטאָט האָט אין אים אַריינגעטראָגן אַ שטראָם פון אַ ניי לעבן, באַקומענדיק אַלע מעגלעכקייטן צו דערגרייכן זיין ציל אין וויסנשאַפט, צו וועלכן ער האָט שטענדיק געשטרעבט. ער האָט זיך גענומען פלייסיק לערנען פראַנצויזיש און ענגליש און אין פאַרלויף פון אַ גאָר קורצער צייט איז ער געווען אימשטאַנד צו לייענען ביכער אויף די דאָזיקע שפּראַכן.

ביסלעכוויז דערנענטערט ער זיך צו די יידישע געזעלשאַפטלעכע ענינים אין אָדעס, דער עיקר אין די קרייזן פון די „חובבי ציון״, מאַכט באַקאַנטשאַפט מיט די פירער פון דער באַוועגונג: דר׳ פינסקער און מ. ל. ליליענבלום. עס האָט נישט גענומען לאַנג און זיי זענען געוואָרן זיינע בעסטע פריינד. דער גאַנצער קרייז פון די „חובבים״ האָט גלייך דערקענט אין „דאָרפישן רייכן משכיל״ אַן אויסערגעוויינטלעכע אינטעליגענץ, אַ שאַרפן קאָפּ און שכל הישר. מען האָט אים צוגעצויגן צו דער אַרבעט, און זיין נאָמען איז געוואָרן באַוואוסט צווישן אַלע געזעלשאַפטלעכע טוערס און מנהיגים. ער ווערט אויסגעקליבן אין קאָמיטעט פון די „חובבי ציון״, נעמט אנטייל אין די זיצונגען און ווערט שטאַרק פאַראינטערעסירט אין דער אַרבעט. פון אָנהויב פלעגט ער בייוואוינען די זיצונגען שווייגנדיק, נישט געבעטן קיין וואָרט צום ריידן. עס האָט אויסגעקוקט, ווי דער „דאָרפישער יונגערמאַן״ איז שעמעוודיק אין דער געזעלשאַפט פון די „גרויסע שטאָטישע גדולים״. אָבער גאָר אין קורצן האָט ער געלאָזט הערן זיין שטימע, און דאַן האָבן שוין אַלע זיך גוט צוגעהערט צו אים. ער האָט באַלד געזוכט צו ענדערן די טאַקטיק פון דער „חבת־ציון״ באַוועגונג, אַז זי זאָל נישט טראָגן אַ כאַראַקטער פון פילאַנטראָפּיע און צדקה, ווי אַנדערע האָבן דאָס געוואָלט טאָן, לכל הפחות אויסערלעך, כדי צוציען מער

כוחות. ער האָט אָבער גלייך אָנגעהויבן באַקעמפן דעם געדאַנק פון „צדקה״, און דאָס ערשטע מאָל איז געהערט געוואָרן דורך אים די בייע אידעע פון פאַרבינדן די „חבת ציון״ מיט דער אויפלעבונג פון דעם יידישן גייסט, אַז די יידישע הילף וועט נישט קומען דורך געלט־מענטשן, נאָר דורך דער אַנטוויקלונג פון דעם נאַציאָנאַלן גייסט ביי די מאַסן און נאָר דורך דעם פּראָצעס פון דערציאונג און צוגרייטן דאָס פאָלק סיי אין גלות און סיי אויך אין פּאַלעסטינע.

אָט דער אָנהויב פון דעם רעוואָלוציאָנערן גייסט אין דער „חבת ציון״ באַוועגונג, וואָס אָשר גינצבורג האָט אַריינגעבראַכט, איז געווען די התחלה פון זיין גרויסער אַרבעט אין דער צוקונפט. ער הויבט אָן שרייבן אַרטיק־לען אין העברעישע צייטונגען וועגן פאַרשידענע פראַגן אין דעם יי־דישן לעבן און דער עיקר וועגן דער „חבת ציון״ אידעע. איין מאמר איז געוואָרן דורך זיינע פאַרערער געדרוקט אין „המליץ״. דאָס איז געווען אַן „אַדרעס״ לכבוד דעם געבורטס־טאָג פון הרב שמואל יוסף פין. ער איז געווען באַפּולמעכטיקט צו רעדאַגירן דעם „אַדרעס״, און דאַמאָלט איז באַשלאָסן געוואָרן דאָס אָפּצודרוקן אויך אין „המליץ״. אַ צווייטער מאמר וועגן דעם סכסוך (נישט קיין אנגענעמער) צווישן דעם רעדאַקטאָר פון „המליץ״, אַלכסנדר צעדערבוים און דעם משורר י. ל. גאָרדאָן, איז אויך פאַרעפנטלעכט אין „המגיד״.ביידע מאמרים האָבן געמאַכט אַ גרויסן רושם אויף די העברעישע לייענער, און זיין נאָמען איז באַוואוסט גע־וואָרן איבעראַל, אַלס דער נייער, „יונגער״ שרייבער.

צוליב די צוויי אויבנדערמאָנטע אַרטיקלען האָבן פיל פון זיינע נאָ־ענטע ידידים געפאָדערט פון אים, כמעט מיט געוואַלט, אַז ער זאָל נעמען אַ גרעסערן אָנטייל אין דער העברעישער ליטעראַטור. פון אָנהויב האָט ער גאָר נישט געוואָלט הערן דערפון, פאַקטיש זיך אנטזאָגט אַרויסצוקומען אין דער עפנטלעכקייט מיט זיינע אידעען און געדאַנקען, אָבער אונטער דעם דרוק פון זיין ענגן קרייז פריינד, האָט ער זיך אונטערגעגעבן.

## „לא זה הדרך״

אינעם יאָר 1889 איז א. צעדערבוים, דער רעדאַקטאָר פון „המליץ״, גראָד געווען אין אָדעס, און זיי האָבן זיך דאָרט באַקענט. גוטע פריינד ווירקן אויף אים, ער זאָל אָפּגעבן מער צייט אויף ליטעראַרישער שאַפונג. אין דעמזעלבן יאָר זענען דערשינען אין „המליץ״ זיינע צוויי באַוואוסטע מאמרים „לא זה הדרך״, אונטערגעשריבן: „אחד העם״. ער האָט געוואָלט מיט דעם אָנווייזן דעם לייענער, אַז די מיינונגען און געדאַנקען, וואָס ער דריקט אויס אין זיין שרייבן, קומען פון איינעם פון פאָלק, נישט פון אַ פּראָפעסיאָנעלן שרייבער. נאַטירלעך האָט ער דעמאָלט נישט געטראַכט, אז שפּעטער וועט ער ווערן דער טרעגער פון דער העברעישער ליטעראטור, און אַז דער נאָמען „אחד העם״ וועט זיין אַ ליטעראַרישער סימבאָל.

אין די אַרטיקלען האָט ער שאַרף קריטיקירט דעם גאַנצן סיסטעם און אַרבעט פון די „חובבי ציון״, אַרייגערעכנט דעם אָדעסער קאָמיטעט אויך. די מאמרים האָבן געמאַכט אַ גרויסן רושם איבעראַל און זיי האָבן געגעבן געננג מאַטעריאַל פאַר דיסקוסיע אין דער פּרעסע און אין אַלע נאַציאָנאַלע אגודות, וואָס האָבן געהערט צו דער באַוועגונג. פון דעמאָלט אָן איז אחד העם געוואָרן די הויפּט קראַפט אין דער גרויסער נאַציאָנאַלער אַרבעט, וועלכע, אַ דאַנק זיין ווירקונג, האָט אָנגענומען גאָר אַ נייע ווענדונג.

אין די צוויי מאמרים דריקט ער אויס אַממערסטן זיינע אָריגינעלע אידעען וועגן נאַציאָנאַליזם אין באַצוג צו דער חבת־ציון באַוועגונג און אויך בנוגע די מעטאָדן פון דער גאַנצער פּראַקטישער אַרבעט אין דעם נייעם ארץ ישראל ישוב. ער שטעלט זיך אויף דעם שטאַנדפּונקט: „אַז די אויפלעבונג פון אַ פאָלק אויף דאָס ניי, צוריק אין זיין אייגן לאַנד, קאָן נאָר דעמאָלט האָבן אַ קיום, ווען די אָנערקענונג פון זיין זעלבסט־שטענדיקייט וועט אַרויסקומען פון זיין אינערלעכן נאַציאָנאַלן גייסט און באַוואוסטזיין. כדי צו דערגרייכן דעם ציל, מוזן מיר צוערש זיך אומקערן צו דעם אַמאָליקן לעבן פון די תנ״ך צייטן. לויט די היסטאָרישע פּאַסירונגען, וואָס מיר געפינען דאָרטן, איז דייטלעך צו באַמערקן, אַז דער סוד פון „קיום האומה״ איז געווען נאָר אין דער הצלחה פונעם כלל, אין וועלכן דער יחיד האָט קיין ראָלע נישט געשפּילט, ער איז געווען נאָר אַ גליד

פון פאָלק, און דאָס גליק פון עם ישראל איז דער שכר פאַר אים״.

„און אַזוי האָט דאָס פאָלק געלעבט״, ווייזט ער אָן, „אין אַ נאָרמאַלן נאַציאָנאַלן צושטאַנד ביז דעם ערשטן חורבן. ווייל די צעשטערונג פונעם לאַנד מיט זיינע אינסטיטוציעס און דאָס גלות־לעבן האָבן גאָר אינגאַנצן געענדערט זיין גייסטיקע פסיכאָלאָגיע. די צרות, וואָס דאָס פאלק איז אויסגעשטאַנען, האָבן געווירקט שטאַרק אויף דעם יחיד. דאָס גליק פונעם כלל האָט אים שוין מער נישט געקאָנט באַגייסטערן און יעדער פרט האָט אָנגעהויבן טראַכטן וועגן זיך אַליין. אין די לעצטע כתבי־הקדש הערן מיר שוין דעם אָפּקלאַנג און די טענות פונעם יחיד, ווי מיר געפינען אין „איוב״, „קהלת״ און אַמאָל אין „תהילים״, וואו די אינטערעסן פון דעם יחיד ווערן אַממערסטן אַרומגערעדט. די געדאַנקען פון די גרויסע חכמים און די יידישע פירער אין יענער צייט, נעמען גאָר אַן אַנדערע ווענדונג אין שייכות צו דער איינצלנער פערזאָן. ער שפּילט ביי זיי אַ גרעסערע ראָלע ווי דאָס פאָלק. מען זוכט צו פאַרגרינגערן זיין פערזענלעך לעבן אין אַן עת־צרה, מען טרייסט אים מיט דער גוטער צוקונפט פון „עולם הבא״, ווייל די וועלט דאָ האָט גאָר קיין באַדייטונג נישט, „כי העולם הזה דומה לפרוזדור״. ביסלעכווייז, דורך דעם פאַרלוסט פון פּאָליטישן לעבן, איז דער נאַציאָנאַלער גייסט ביים ייד פאַרשוואונדן געוואָרן, דער רעליגיעזער געדאַנק שטאַרקט זיך און פאַרנעמט זיין אָרט, די אמונה פון „תחית המתים״ ווערט די הויפּט שטרעבונג פאַר דעם „עתיד״. אפילו די האָפענונג אויף „גאולה״, דער איינציקער ענדציל פונעם פאָלק, ווערט צייטנווייז פיל שוואַכער, לויט ווי דער תלמוד דריקט זיך אויס אין אַ פּלאַץ: „אין בין העולם הזה לימות המשיח אלא שעבוד מלכיות בלבד״. מיט איין וואָרט, וואָס מער צרות דאָס יידישע פאָלק האָט דורכגעמאַכט, אַלץ מער האָט יעדע איינצלנע פערזאָן געטראַכט נאָר וועגן זיך און זיין פאַמיליע, און דער נאַציאָ־נאַלער אינטערעס און געפיל איז כמעט ווי פאַרלוירן געוואָרן״.

דעריבער, זאָגט ער, אַז אין אונדזער איצטיקער גרויסער נאַציאָנאַ־לער אַרבעט, אויב מיר ווילן זי אָנוועקשטעלן אויף אַ ריינעם נאַציאָנאַלן באַזיס דורך דער חבת ציון באַוועגונג, איז אונדזער הויפּט און ערשטע פליכט, ווידער אויפצולעבן די הערצער פון די מאַסן, צו דערוועקן זייער ליבע און דערהויבן זייער גייסט פאַר דעם כלל ישראל. דער יחיד זאָל ווידער אָנ־ערקענען און גלויבן, אַז זיין טובה וועט קומען דורך דער הצלחה פונעם

פאָלק. דאָס איז, אמת, אַ זייער שווערע און לאַנגזאַמע ארבעט, אָבער צום סוף וועט דער דערפאָלג זיין זיכער און שטארק. נאָך אַ זאַך באטאָנט ער: „אז אונדזערע שרייבער מאכן דעם גרעסטן פעלער מיט זייערע שרייענדיקע אַרטיקלען אין די צייטונגען, אַז די גאולה קומט שוין. זיי רייצן אויף די פאַנטאַזיע פון פאָלק מיט די פאַרשפּראָכענע גליקן, וועלכע דער־וואַרטן זיי אין ארץ ישראל. דער רעזולטאַט איז, אַז יעדער איינער מיט אַ שטיקל קאַפּיטאַל פאָרט באַלד און נעמט זיך אונטער צו ווערן אַ קאָלאָניסט אָדער אַ גוט־באַזיצער, מיט דער האָפענונג צו לעבן דאָרטן אַ גוטן טאָג. מענטשן געוואוינט צום שטאָטישן לעבן, אָן דערפאַרונג אין ערד אַרבעט, און וועמען נאָר זייערע אייגענע פערזענלעכע אינטערעסן האָבן געטריבן אין איילעניש, אָן אויסרעכענונגען, צו קויפן לאַנד, זענען געפאָרן. דער סוף איז געוועזן, אַז אַ גרויסער טייל פון זיי האָט אַלץ פארלוירן און דערמיט געמאַכט דעם גרעסטן שאָדן פאַר דעם כלל. די מאַסן האָבן זיך דערשראָקן, די ארבעט האָט זיך כמעט אָפּגעשטעלט, און די אַלגע־מיינע באַוועגונג האָט זייער פיל געליטן". (מ׳קאָן זאָגן, אַז ער איז דער פאָטער פון דער „החלוץ" באַוועגונג און איר איצטיקן פּראָגראַם).

דערפאַר, זאָגט ער, „מוזן מיר אָנגיין מיט אונדזער אַרבעט זייער לאַנג־זאַם און פאָרזיכטיק. אונדזער פּראָגראַם מוז זיין פון אַ פיל קלענערן מאַס־שטאַב. צוערשט זאָלן מיר בויען איין קאָלאָניע אויף אַ גוטן יסוד, זי זאָל ווערן באַאַרבעט דורך איבערגעגעבענע אידעאַליסטן מיט פיל געדולד און וואַרטן אויף דער צייט, ווען זיי וועלן זוכה זיין צו זען די פרוכט פון זייער מי. אַזאַ דערפאָלגרייכע קאָלאָניע וועט דינען פאַר אונדז אַלס מוסטער און וועגווייזער פאַר אונדזער ווייטערדיקער נאַציאָנאַלער אַרבעט. נאָר דעמאָלט קענען מיר זיין זיכער, אַז מיט דער צייט וועלן נאָך אַזעלכע פאַרפאָלקאָמענע קאָלאָניעס זיך פאַרשפּרייטן אין לאַנד. דורך אַזאַ סאָרט אַרבעט וועלן מיר געוויס זוכה זיין צו האָבן אין ארץ ישראל אַ דור פון הויכע אידע־אַליסטישע פּויערים, וועלכע וועלן האָבן די גרעסטע מאַכט און ווירקונג אויף דעם גאַנג פון דער נאַציאָנאַלער אַנטוויקלונג פון אונדזער פאָלק אין דער צוקונפט. שטילע, טיפע אַרבעט פון „גייסט" וועט ברענגען גוטע „טאַטן" פאַר דעם דור, וואָס וועט קומען נאָך אונדז".

„לא בחיל ולא בכח כי אם ברוח", פאַרענדיקט ער זיינע מאמרים.

## „בני משה"

דער אָדעסער קאָמיטעט פון די חובבי־ציון האָט באַקומען די אָפיציע־לע דערלויבעניש פון דער רעגירונג צו פונקציאָנירן און אָנגיין מיט זיין אַרבעט עפנטלעך אין רוסלאַנד. דאַמאָלט איז דאָס געווען פאַררעכנט אַלס דער גרעסטער זיג פאַר דער באַוועגונג. אין אַלע אגודות האָט זיך די טעטיקייט אָנגענומען מיט ניי לעבן. אחד העם קוקט אויף דער גרויסער געשעעניש גאָר אַנדערש און אַביסל פעסימיסטיש. ער דריקט אויס אַ געדאַנק, אַז דורך דער דערלויבעניש שטייט אין געפאַר די גאַנצע אַרבעט פון דער חובבי־ציון אָרגאַניזאַציע. ער האָט מורא אַז זי קאָן נאָך פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ פילאַנטראָפישער חברה פון קלייבן געלט און שטיצן קאָלאָניסטן, ווי אלע אַנדערע חברות. און דעריבער, כדי אָנצוהאַלטן דעם נאַציאָנאַלן גייסט, און די חבת־ציון זאָל שטענדיק זיין דער אידעאַל פון דער אויפ־לעבונג פונעם יידישן פאָלק און זיין לאַנד, האָט ער אָנגעהויבן אַגיטירן, אַז די איניקע געציילטע „חברים ברוח" זאָלן זיך אָרגאַניזירן אין אַן ענגער גרופע. זייער אויפגאַבע זאָל זיין דיזעלביקע, ווי די „כהנים" פון אַמאָל צום „העם", איבערגעגעבן מיט לייב און לעבן, צו דינען די אינטערעסן פון נאַציאָנאַלן אידעאַל פון פאָלק. אָט די אויסגעקליבענע חברים זאָלן זיין דער אַוואַנגאַרד פאַר די מאַסן, ווייזן דעם ביישפיל פון איבערגעבנקייט און טרייהייט פאַר דעם אידעאַל.

פון אָנהויב האָבן די אויבנדערמאָנטע אַרטיקלען ארויסגערופן נישט קיין קליינעם טומל אין דער פרעסע און צווישן פיל אגודות. אייניקע האָבן פּראָטעסטירט קעגן זיין קריטיק, דענקענדיק, אַז מיט אַזעלכע פעסימיסטישע רייד רופט ער אַרויס אומצוטרוי צו דער אָרגאַניזאַציע, און דער גאַנצער בנין פון דער באַוועגונג קאָן נאָך צעפאַלן ווערן. אָבער מיט דער צייט האָט זיך אַלץ בארויקט, דער בעסטער און אידעאַליסטישער טייל פון די חובבי־ציון האָבן אָנגעהויבן אנערקענען, אַז זיין מיינונג איז אַ גערעכטע, און טאַקע אין דעמזעלביקן יאָר, ז' אדר, תרמ"ט (1889), האָבן זיי זיך פאַרזאַמלט אין אָדעס, אונטער זיין פירערשאַפט, און געגרינדעט די באַוואוס־טע שטילע אָרגאַניזאַציע „בני משה", וועלכע האָט געשפּילט די גרעסטע ראָלע אין דער חבת־ציון באַוועגונג און שפּעטער אין דעם פּאָליטישן ציוניזם.

עס איז כדאי זיך אָפּשטעלן אַ ווײַלע און געבן אַ קורצע באַשרײַבונג פון דער דאָזיקער אייגנאַרטיקער „אגודה".

איר אַבזיכט איז געווען, אָנצופירן אַ שטילע און רויקע פּראָפּאַגאַנדע צווישן די מאַסן פאַר דער נאַציאָנאַלער אויפלעבונג פון פאָלק. דערוועקן אין זיי אַ געפיל פון באַוואוסטזײַן, באַזירט אויף ז׳עמאָקראַטישע פּרינציפּן און אידעאַלן, צו קאָנען אפילו ברענגען פּערזענלעכע קרבנות, ווען עס האַנדלט זיך וועגן דעם גורל פון דער יידישער נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ. די „בני משה" האָבן אַרומגענומען די בעסטע כוחות און פּערזענלעכקייטן פון די יידן אין פיל לענדער. אָפּטיילונגען האָבן זיך געפונען אומעטום, וואו נאָר די פּאַסיקע אידעאַליסטן האָבן זיך אָפּגערופן. די מיטגלידער האָבן זיך פאַרפּליכטעט אויסצופילן אַלע תקנות און געזעצן פון דער אָרגאַניזאַציע פּינקטלעך און האַלטן זיי אונטער אַ שטרענגן סוד.*)

זײַענדיק דער פירער פון דער אגודה פאַר די גאַנצע אַכט יאָר פון איר עקזיסטענץ, האָט אחד העם שטענדיק, ביי יעדער געלעגנהייט, געזוכט אויפצוגעבן זײַן פירערשאַפט, ווײַל לויט זײַן נאַטור איז ער נישט געווען קיין אָרגאַניזאַטאָר, אָדער אַ פירער פון אַן אָרגאַניזאַציע, וואו עס פאָדערט זיך צו זײַן אָפט דיפּלאָמאַטיש און באַנוצן אָמאָל דעליקאַטע פּאָליטיק אין כלל־ארבעט. ער, אלס דער ריכטיקער טיפּ פון אמת און יושר, האָט זיך פאַר קיין פאַל נישט געקאָנט צופּאַסן צו אַזעלכע אומשטענדן. אָבער ער האָט שטענדיק געמוזט בלײַבן דער פירער, ווײַל קיין אַנדערער איז נישט גע־ווען פּאַסיק פאַר אַזאַ מיסיע, וואָס האָט געפאָדערט אַ גרויסע מאָראַלישע קראַפט אָנצופירן אַזאַ שטרענגע שטילע אַרבעט. ער האָט קיינעם נישט נושא פּנים געווען. אין פאַל ווען ער איז געווען איבערצייגט, אַז דער אָדער יענער חבר טוט נישט ווי געהעריק, האָט ער נישט אויפגעהערט זאָגן מוסר ביז וואַנען דער פעלער האָט געמוזט גוט געמאַכט ווערן.

מיט דער הילף פון די „בני משה" פירט ער אָן אַ קאַמף קעגן דעם פרומען עלעמענט אין די חובבי־ציון רייען, צווישן וועלכע ער האָט אַגי־טירט און געשטרעבט אַוועקצושטעלן די באַוועגונג אויף אַ באַזיס פון ריינ־

*) דעם געדאַנק פון „בני משה" האָט ער אויסגעדריקט אין זײַן מאמר: „הכהנים והעם" וועלכער האָט זיך געדרוקט מיט איבער א יאָר און א האלב שפּעטער אין „המליץ" ה׳ תשרי תרנ"א.

קייט, געלייטערטקייט און טאָלעראַנץ. ער באַקעמפט זיי דורך שרייבן פיל אין צייטונגען מיט דער אויפקלערונג, אַז די חבת־ציון איז אַ נאַציאָנאַלע באַוועגונג און האָט גאָרנישט צו טאָן מיט פערזענלעכע איבערצייגונגען פון גלויבן און דענקען פון יעדן באַזונדער.

די „בני משה" האָבן באַקומען נאָך אַן ערגערן שונא, — די „לשכה השחורה" אין קאָוונער און סלאָבאָדקער ישיבות. אָט די „שווארצע ביורא" האָט פאַרשאַפט אחד העם׳ען פיל ערגערניש. זייערע ווילדע פּאַשקווילן זענען פאַרשפּרייט געוואָרן איבערן גאַנצן יידישן תחום, און האָבן געמאכט אַ גרויסן טומל אין דער פּרעסע און אין אַלע קהילות. זייער געשריי איז געווען, אַז די אַזוי־גערופענע פאַרבאָרגענע אָרגאַניזאַציע „בני משה" וויל פשוט אַראָפּפירן דעם כלל ישראל פון אמונה. זייער פיל איז געשריבן געוואָרן וועגן דעם פאַרדריסלעכן אינצידענט, און די פירער פון דער באַוועגונג, מיט אחד העם בראש, האָבן געמוזט אָנפירן אַ פאַרצווייפלטע פאַרטיידיקונג.

נישט פיל ווייניקער איז געווען די קעגנערשאַפט צו אים אין דעם אָדעסער קאָמיטעט גופא. דער הויפּט־קעגנער זיינער איז געווען משה לייב ליליענבלום, זיין בעסטער פריינד און חבר, און איינער פון די ערשטע חובבי־ציון פירער. משה לייב ליליענבלום האָט אין זיין נאַיווער פּראַקטישקייט געדענקט, אַז די אַרבעט פון חבת־ציון באַשטייט נאָר אין זאַמלען געלט און גלייך באַזעצן די יידן אויף לאַנד אין ארץ ישראל. ער האָט אפילו אויסגערעכנט וויפל מיליאָנען רובלס וועט זיך פאָדערן צו באַזעצן אַלע מיליאָנען יידן אין אַ גאָר קורצער צייט. ווי עס וואָלט געווען משיח־צייטן, האָט ער זיך גאָר נישט געוואָלט רעכענען מיט דעם טערק, דער בעל־הבית אין לאַנד, און מיט די שטרענגע געזעצן, וועלכע האָבן דאָרט עקזיסטירט קעגן פאַרקויפן ערד צו יידן. ער האָט געוואָלט אָנפירן אַ גרויסן קעלאָניזאַציע פּראָיעקט, בעת די מאַסן שטייען פון דער ווייטנס און זענען אויך זייער ווייט פון ערד אַרבעט.

אחד העם, דורך די „בני משה", האָט אָנגעפירט אַן אינערלעכן קאַמף צווישן די מיטגלידער פון דעם קאָמיטעט, קעגן אַזעלכע אומגעלומפּערטע פּראָיעקטן. ער האָט אָנגעהאַלטן אַ שטענדיקע פּראָפּאַגאַנדע פאַר אַ רויקן, מעסיקן, גוט־אָרגאַניזירטן פּלאַן פון קאָלאָניזאַציע, ביז וואַנען דער קאָמיטעט האָט באַשלאָסן צו שיקן אים קיין ארץ ישראל, כדי מאַכן אַ גענויע אויספאָר־

שונג פון דער לאַגע דאָרטן. („על פרשת דרכים ד׳, זייטן 196־227).

ער מאַכט צוויי רייזעס, אין ווינטער, 1891 און זומער, 1893, מיט פולער מאַכט צו אונטערזוכן און גרינטלעך שטודירן די גאַנצע אַרבעט פון ישוב ארץ ישראל און די לאַגע פון די קאָלאָניעס. ביידע מאָל האָט ער זיך פאַרזוימט צו עטלעכע חדשים, אַלץ געהערט און אַלץ געזען.

ער קומט צוריק זייער אַנטוישט פון די ביידע רייזעס, צוקוקנדיק זיך צו די אַלע פעלערן און אומאָרדענונג, וואָס ער האָט דאָרטן געפונען. אבער פון דער אַנדערער זייט, האָבנדיק דעם שטאַרקן גלויבן אין אונדזער נאַציאָנאַלער אַרבעט אין דער צוקונפט, ווייזט ער אַרויס גענוג מוט און קומט צו דער עפנטלעכקייט מיט דעם גאַנצן אמת, אין קעגנזאַץ צו דער אַלגעמיין אָנגענומענער מיינונג, וואָס די אַגיטאַציע אין דער פרעסע האָט געמתכט אַלעמען גלויבן, אַז אַלץ גייט כשורה אין ארץ ישראל.

## אמת מארץ ישראל

אַ גאַנצע רייע אַרטיקלען, אונטער דעם נאָמען „אמת מארץ ישראל״, האָט ער געשריבן אין „המליץ״, קומענדיק צוריק פון זיינע רייזעס. זיי האָבן געמאַכט דעם גרעסטן רושם און אַ טיפן איינדרוק אויף דער גאַנצער יידישער ליטעראַרישער וועלט און צווישן די ברייטע מאַסן פון די חובבי־ציון. איבעראַל האָט מען גערעדט און דיסקוטירט און געוויינטלעך האָט עס אַרויסגערופן פיל קעגנער, וועלכע זענען שאַרף אַרויסגעטראָטן קעגן אים, אָבער צו יעדער צייט האָט ער געענפערט מיט טאַקט און פאַרזיכטיקייט, באַגרינדעט מיט ציפערן און פאַקטן זיין קריטיק, ביז וואַנען, מיט דער צייט, האָט דער עולם דערזען זיין אויפריכטיקייט און איבעסער פאַרשטאַנען.

אין די מאמרים „אמת מארץ ישראל״ האָט ער פאַקטיש פאַרענדיקט זיינע אידעען און מיינונגען, וועלכע ער האָט אָנגעהויבן אַרויסצוברענגען אין זיין „לא זה הדרך״ מיט יאָרן פריער. דעמאָלט זענען זיי געווען מער

ווייניקער אויסגעדריקט טעאָרעטיש, אָבער איצט, נאָכדעם ווי ער איז דאָרטן געווען, איז ער געווען אימשטאַנד צו באַווייזן וואו דער טעות ליגט און ווי ווייט ער איז גערעכט, אפילו פון דער פראַקטישער זייט.

ער קומט צום באַשלוס, אַז „ארץ ישראל קאָן, פּאַרלויפיק, נישט אַריינ־נעמען קיין גרויסע צאָל אימיגראַנטן, ספּעציעל דעם קלאַס סוחרים און בעלי־מלאכות, וועלכע זוכן אַ פּלאַץ, וואו זיי זאָלן קאָנען באַלד געפינען אַ קוואַל פאַר זייערע לעבנסבאַדערפענישן און זענען נישט אימשטאַנד צו וואַרטן אויף די רעזולטאַטן פון דער אַגריקולטורעלער אַנטוויקלונג. דאָס הייסט, אַז ארץ ישראל קאָן נישט, ביי איצטיקע אומשטענדן, פאַרענטפערן די יידישע עקאָנאָמישע פראַגע, און דער אויבנדערמאָנטער קלאַס מוז דעריבער זוכן אַ מקלט אין אַנדערע לענדער, ווי אַמעריקע און פאַר־שידענע אימיגראַציע פונקטן, וואו זיי וועלן קאָנען לייזן זייערע באַלדיקע מאַטעריעלע נויטן.

„און אויב ארץ ישראל קאָן נישט זיין קיין ענטפער, איצט, אויף דער אַלטעגלעכער ברויט־פראַגע פון יחיד, מוז אונדזער ענערגיע, באַטירלעך, פאַרוואַנדלט ווערן אויסשליסלעך אין ארבעט פאר דעם צוקונפטיקן, נאַציאָ־נאַלן לעבן פון גאַנצן פאָלק. ארץ ישראל ווערט דערמיט, פאַרלויפיק, אַן אידעאַלער מוסטער־צענטער פאר די יידן. אונדזער ציל, זאָגט ער, מוז זיין קודם כל, צו אַנטוויקלען גרופּן פון די מאַסן וואָס זאָלן ווערן פעיק פאַר ערד אַרבעט און דערמיט שאַפן אַ געזונט־נאָרמאַל, קולטורעל יידיש לעבן אויף איין פּלאַץ, וואָס וועט „מיט דער צייט" זיך אויסשפּרייטן צו אַנדערע צווייגן פון אַרבעט און מסחר און מיט פּאָזיטיקע טריט דערוועַרבן וואָס מער פּאָזיציעס אין לאַנד".

עס איז אינטערעסאַנט צו באַמערקן, אַז אחד העם האָט שוין מיט אי־בער זעכציק יאָר צוריק אָנגעהויבן טראַכטן וועגן דער קאָמפּליצירטער אַראַבער־פראַגע, וועלכע אונדזערע פירער האָבן, פאַרנאַכלעסיקט די גאַנצע צייט, און איצט איז זי געוואָרן איינע פון די ברענענדיקסטע פראַגן אויף אונדזער טאָג־אָרדענונג, און פאַרשאַפט אונדז אַזוי פיל שמערצן. ער זאָגט, אַז עס איז נאַריש צו דענקען, אַז די אַראַבער זענען אַלע פּראַים און עס איז זייער לייכט זיי בייצוקומען. אדרבה, זיי זענען זייער שאַרפזיניק, שכלדיק, קוקן און שווייגן, נעמען אַלץ אַריין אין זיך, און מיט דער צייט וועלן זיי ווערן פאר אונדז זייער אַ שווער, און מעגלעך אַ געפערלעך פּראָבלעם.

מיר מוזן זיי באַהאַנדלען זייער פּאַרזיכטיק, כדי מיר זאָלן געווינען זייער צוטרוי.

אָבער די צרה מיט אונדז, זאָגט ער, איז וואָס מיר פאַרשטייען נישט אָדער מיר ווילן נישט וויסן די אמתע אויפגאַבע וואָס שטייט פאַר אונדז. מיר טאָרן זיך נישט לאָזן פאַרשיכורן מיט אונדזערע נצחונות אין דער גרינדונג פון אַ צאָל קאָלאָניעס. מיר דאַרפן בעסער אַכטונג געבן אויף דעם קוואַליטאַטיוון מאַטעריאַל פון וועלכן זיי ווערן געבויט. אונדזער ריכטיקער נצחון וועט קומען נאָר דורך דעם קאַמף, דורך אונדזער שטאַרקן ווילן, אחדות און פעיקער פּראַקטישער פירערשאַפט, וואָס וועט אויס־טרעטן דעם וועג פאַרן פאָלק אין דער צוקונפט.

אפילו נאָך דעם ווי כמעט אַלע זיינע פאָדערונגען אין ענדערן דעם סיסטעם פון דעם אָדעסער קאָמיטעט זענען נאָכגעגעבן געוואָרן, און פיל פאַרבעסערונגען זענען פאָרגעקומען אין דער גאַנצער אַרבעט פונעם ישוב ארץ ישראל, האָט ער נאָך אַלץ אָנגעהאַלטן אַ קאַמף מיט זיינע אלע מיטאַר־בעטער, פאַר זיינע אידעאַלן און פּרינציפּן, פאַר זיין גייסטיקן שטאַנדפּונקט אין דער באַוועגונג. ער האָט שטענדיק געשטעלט דעם גייסטיקן נאַציאָנאַלן טייל העכער ווי די פּראַקטישע זייט אין דער אויפלעבונגס־אַרבעט. אָט דעם קאַמף פאַר זיינע מיינונגען אין דער באַוועגונג האָט ער געפירט אין דער פּרעסע, אָבער אַממערסטן אין זיין קאָרעספּאָנדענץ מיט אַלע אָפּטיילונגען פון די „בני משה". צוליב דעם האָט ער געדאַרפט אויסשטיין פיל אומאַנגענ־נעמלעכקייטן פון דער אויסערער וועלט. די אַלע לייט, וועלכע האָבן געמאַכט אין ארץ ישראל אומגעלונגענע פאַרזוכן אין ערד־אַרבעט און האָבן פאַרלוירן זייער געלט, זענען אָפּטמאָל, אין דער פּרעסע, געקומען מיט טענות צו די „בני משה", דענקנדיק, אַז אַלס פאַרבאַרגענע אָרגאַניזאַציע, איז זי שולדיק אין די אַלע פעלערן. און ער, אַלס דער פאָרשטייער, האָט ממילא געמוזט אויסשטיין אַלע באַשולדיקונגען פערזענלעך. און אַזוי איז ער געשטאַנען צווישן פייער און וואַסער. ער האָט וועגן דעם אַ סך געשריבן און מיט זיינע אלע כוחות געזוכט צו באַשיצן דעם כבוד פון די „בני משה", דער־קלערנדיק די אומבאַגרינדעטקייט פון די אומזיסטע באַשולדיקונגען קעגן זיי.

מיט דעם אָנקומען פון דר' הערצלס פּאָליטישן ציוניזם, ווען די מער־סטע און וויכטיקע חברים האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין יענער באַ־וועגונג, האָט די „בני משה" אָנגעוואוירן איר באַדייטונג און ווירקונג.

נאָך דעם ווי זי האָט געלייסטעט דעם גרעסטן ביישטייער צו דער אויפ־לעבונג פון דעם יידישן נאַציאָנאַלן באַוואוסטזיין, האָט זי זיך אַלס אָר־גאַניזאַציע אויפגעלייזט. איינצלנע חברים מיט אחד העם בראש, האָבן פאָרגעזעצט זייער אַרבעט אַלס פריוואַטע פערזאָנען, אָנגעפירט זייער פראָפּאַגאַנדע צו פארשפרייטן דעם ריינעם יידישן קולטורעל־נאַציאָנאַלן געדאַנק צווישן דער העברעיש־יידישער אינטעליגענץ און דער ציוניס־טישער באַוועגונג. (עפ״ד ד׳, זייט 227).

1890—1895

# זיין בליענדע ליטעראַרישע שאפונג

א. „אחרי מטתו של תלמיד חכם“

ב. „חשבון הנפש“

ג. „האדם באהל“

ד. „תורה שבלב“

ה. „דברי שלום“

ו „עבדות בתוך חרות“

ז. „חצי נחמה“

ח. „בין קודש לחול“

ט. „מדת הדין ומדת הרחמים“

י. „לתולדות החיוב והשלילה“

## „אחרי מטתו של תלמיד חכם"

צו יענער צייט זענען דערשינען באַוואוסטע העברעישע צייט־שריפטן, אין וועלכע אחד העם האָט גענומען אַ גרויסן אָנטייל. געווייגט־לעך האָט ער אין אַלע זיינע מאמרים געפירט אַ קאַמף פאַר זיינע אָרי־גינעלע אידעען און מיינונגען אין באַצוג צו יהדות אין פאַרבינדונג מיט יידישע נאַציאָנאַלע אינטערעסן און אויפגאַבן. ער האָט זיך אויסגעשפּראָכן דערקעגן צו די אַלע אָנגענומענע טענדענצן, וועלכע זענען דער שינען אויף דעם יידישן האָריזאָנט פון צייט צו צייט אין דער יידישער און העברעישער ליטעראַטור. ער פלעגט שטענדיק באַטאָנען, אַז אים קימערט נישט, אויב ער איז פאַרלויפיק דער איינציקער אין פעלד, ווייל ער איז זיכער, אַז מיט דער צייט וועט מען אָנערקענען דעם „אמת" און דאַמאלט וועט די גאַנצע ליטעראַטור אונדזערע אָננעמען אַ גאַנץ אַנדערע ווענדונג.

אַממערסטן האָט ער געשריבן, אין „כורת" און „פרדס", אַרויסגעגעבן אין אָדעס. איך וויל דאָ דערמאָנען אייניקע פון זיינע אַרטיקלען:

אין „כורת" 1890 איז דערשינען זיין מאמר „אחרי מטתו של ת"ח", אין וועלכן ער איז מספיד דעם באַוואוסטן רב וגאון און חובב־ציון ר' מרדכי עליאַשבערג. דער אינהאַלט איז נישט נאָר אַ „הספד", נאָר אויך אַן אינטע־רעסאַנטער איבערבליק אויף רבנים, רבנות און זייער באַציאונג צו דער נאַציאָנאַלער חבת־ציון באַוועגונג.

ווי טיף און ברייט זיין בליק אויף יהדות האָט זיך אונטערגעשיידט פון דעם רבנישן, איז ער דאָך געווען אַ מוקיר רבנים, ווען נאָר ער האָט באַגעגנט אַ רב מיט ערלעכע איבערצייגונגען. ער האָט אים געאַכטעט און פאַרגעטערט, אויב נאָר זיינע טאטן און ארבעט לטובת הכלל זענען געווען דורכגעדרונגען מיטן אמת און אָן פערזענלעכע אַמביציעס. ער רופט רבי עליאשבערגן „דער פאָלקס רופא", אַ דאָקטער וואָס היילט דעם קראנקן קערפּער מיט ריכטיקע מיטלען לויט זיין צושטאַנד און באַנעמונג.

ער איז נישט גלייך צו די רבנים וועלכע דענקען, אַז דער בעסטער וועג צו היילן דעם קראַנקן איז צו באַנוצן כירורגישע מיטלען און זיי שניידן אזוי אַרום אברים פון פאָלק, וועלכע, לויט זייער מיינונג, זענען געפערלעך פאַר דעם קערפּער, אָבער אַנשטאָט אים געזונט מאַכן, ווערט ער גאָר אַ בעל־מום. זיין כוונה איז געווען קעגן די רעפאָרמער — אין יענע יאָרן.

„אַוואו זענען זיי, נאָך אַזעלכע ר׳ מרדכיס!״ — רופט ער אויס צום סוף.

# „חשבון הנפש״

אין אַ קורצער צייט שפּעטער, אין דעמזעלביקן יאָר, געפינען מיר אין „כורת״ זיין צווייטן מאמר „חשבון הנפש״, קריטיקירנדיק די צוויי עקסטרע־מע שטרעבונגען און אנשויאונגען, וואָס האָבן זיך אַנטוויקלט אין דעם יידישן לעבן, זינט מיר האָבן פאַרלוירן אונדזער נאַציאָנאַל־פּאָליטישע עקזיסטענץ. מיט שאַרפע ווערטער און אין אַ קלאָרן סטיל דערקלערט ער וויביידע שטרעבונגען דערוייטערן דאָס פאָלק פון דער נאַטור. דער ערשטער, דער פרומער־רעליגיעזער עלעמענט זוכט אַ טרייסט אין הייל־מיטלען פאַר דעם צעבראָכענעם יידישן קערפּער אין די הויכע הימלען, צוזאָגנדיק אים אַ לעבן געמאָלט אין שיינע בילדער און פאַרבנרייכע פאַנטאַזיעס פון דער ווייט־אומבאַשטימטער צוקונפט: „לעולם הבא״. לעבנדיק מיט אַזעלכע זיסע האָפענונגען און חלומות, שוועבנדיק הויך אין דער לופטן, האָט ער אים אינגאַנצן דערוייטערט פון אַ שטרעבונג צו אַן ערדישן לעבן. דער צווייטער עלעמענט מיט דעם פילאָזאָפיש־אַסימילאַטאָרישן געדאַנק, ציט אויך אוועק וואָס ווייטער דעם יידן פון זיין נאַטור־לעבן. ער פּריידיקט אים, אַז נאַציאָ־נאַליזם איז אַ קינדער־שפּיל, און גיט אים אַ לעבן פון גייסט און שכל, וואָס פאָדערט נישט פון אים קיין אַקטיווע אַרבעט פאַר זיין עקזיסטענץ, נאָר רבנים און דרשות.

ביידע צדדים, זאָגט ער, זענען גייסטיק שוואַך אין זייערע באַמיאונגען

אָפּצוזונדערן דעם יידן פון דער נאַטור. דער ערשטער זוכט דעם ציל פון לעבן אין דעם טויט און וואָס עס קומט נאָכדעם, דער צווייטער איז געגרן אים געבן טויט, כדי צו מאַכן אים לעבן.ביידע פאַרשטייען נישט דעם אָפּענעם און גלייכן וועג פון דער מענטשלעכער אַנטוויקלונג אויף דער ערד. זוכן דאָס לעבן אין דעם לעבן גופא, איז דער פּראָגרעס פון דעם קיום העולם פון אַמאָל ביז אייביק. ער באַנוצט קעגן זיי די ווערטער פון קהלת: גאָט האָט באַשאַפן דעם מענטש גלייך און נאַטירלעך און זיי זוכן נייע חשבונות און איינפאַלן". *)

## „האדם באהל"

אין „פרדס" פון 1892 איז דערשינען זיין מאמר „האדם באהל" אין דער פאָרם פון אַ בריוו צום רעדאַקטאָר. ער דריקט אויס דאָרטן אַ געדאַנק, וואָס לויט זיין מיינונג, דאַרף דאָס זיין די אויפגאַבע פון אונדזערע ליטעראַטן בנוגע די ברענענדיקע פראַגן אין יידישן לעבן פון אונדזער מאָדערנער צייט.

„אין דעם דור פאַר אונדז — זאָגט ער — אין דער צייט פון דער שטורעמדיקער השכלה באַוועגונג, האָבן אונדזערע וואָרט־פירער פון גייסט געלערנט די תורה פון „היה אדם בצאתך ויהודי באהלך". דאָס מיינט: זיי אַ ייד ביי זיך אין הויז, אָבער ווען דו ביסט אויסערהאַלב דיין וווי־נונג, דעמאָלט מוזטו זיין אַ מענטש מיט אַלע גלייך. דער ייד האָט טאַקע גלייך געענדערט זיין גאַנצן אויסזען, שפּראַך און מאַנירן, נאָכגעטאָן זיינע שכנים און געגאָסן פון לעבן מיט זיי צוזאַמען. די שרייבער האָבן געהאַלטן אין איין וועקן אים און ער איז געגאַנגען אַלץ פאָרויס און פולקאָם זיך איירָאָפּעיזירט. אָבער אין דערזעלביקער צייט האָט ער פאַרנאַכלעסיקט די אַנדערע העלפט פונעם פסוק — דעם „יהודי באהלך". און אין דעם זין

*) זינט מדינת ישראל זענען זיי פיל נענטער צום ציוניזם.

איז ער נאָך געגאַנגען צוריק. ער האָט נישט געמאַכט קיין באַמיאונג צו אויסברייטערן און אַנטוויקלען זיינע אינערלעכע מאָראַלישע און גייס־טיקע קרעפטן אַלס ייד. אין זיין „געצעלט" ביי זיך אין הויז איז ער געבליבן דערזעלביקער ייד מיט אַלע זיינע חסרונות, פאַרשקלאַפטע געפילן, מיט דער געוואוינהייט צו בוקן זיך צו איינגעבילדעטע פרעמדע אָפּשאַצונ־גען, אַ דאַנק זיין לאַנגן גלות. דאַמאָלט קומט די רעאַקציע און די אַנטוישונג ווערט גרויס. די יידישע ליטעראַטור נעמט גאָר אַן אַנדערע שטעלונג און געדאַנק ווי צו רעדן צום פאָלק, מען פאָדערט פון אים: „היה יהודי בצאתך", שעם זיך נישט מיט דיין יידישקייט פאַר דער אויסערלעכער וועלט, ווייז עפנטלעך דיינע נאַציאָנאַלע אייגנשאַפטן אין אַלע דיינע טאַטן, נישט אַלס דער אומגליקלעכער און רחמנותדיקער ייד, ווי די השכלה ליטעראַטור האָט אים פאָרגעשטעלט, נאָר אַלס דער שטאָלצער מיט זיין פאַרגאַנגענהייט און מיט האָפענונגען אויף נאַציאָנאַלער אויפלעבונג אין דער צוקונפט". ער זאָגט ווייטער:

„און אַזוי זינגענדיק דעם „גרויסן הלל" פון נאַציאָנאַליזם, האָבן אונ־דזערע ליטעראַטן פאַרנאַכלעסיקט נאָכאַמאָל דעם אַנדערן טייל, דעם „האדם באהל". ווייל כדי צו באַזיצן די הויכע און גרויסע אידעאַלן פון לאומיות, טאָר מען נישט פאַרגעסן דעם פונדאַמענט דערצו, וועלכער מוז זיין מער געזיכערט און טיפער. די פליכט פון אונדזער ספרות מיט אירע שרייבער איז קודם כל אויפצופאַסן אויף דעם „אדם באהל", כדי צו פאַרשטאַרקן זיין אינערלעך לעבן אַלס מענטש, ברענגען אָרדענונג אין זיינע געזעל־שאַפטלעכע אנגעלעגנהייטן, אויפגעבן די קליינלעכקייטן פון קנאה און שנאת־חנם, די געטאָ ירושה. אין דער צייט וואָס מיר ווילן ווירקן אויפן יידן, אז ער זאָל זיך ווייזן פאַר דער וועלט אַלס דער גאַנצער נאַציאָנאַלער ייד פון אַמאָל, פון זיין פאַרגאַנגענעם נאָרמאַלן לעבן אין זיין לאַנד, דאַרפן מיר אויך דערוועקן אין אים דעם מענטש, אין זיין „אהל". דאָס איז אונדזער אויפגאַבע און הייליקער חוב איצט, אין אונדזער נייער ליטעראַרישער אַרבעט פאַרן פאָלק".

# „תורה שבלב"

אין זיין צווייטן מאמר אין „פרדס" ב׳, מיט צוויי יאָר שפּעטער, אונטער דעם נאָמען „תורה שבלב", גיט ער אַן ענטפער צו די, וואָס האָבן אים קריטירט פאַר זיין שטעלונג צו דער נאַציאָנאַל־קולטורעלער אַרבעט, פאַר וועלכער ער האָט פיל צייט געווידמעט אין פאַרבינדונג מיט זיין חבת־ציון טעטיקייט. זיינע חברים, חובבי ציון, האָבן שטענדיק אים געמאַכט פאָרוואורפן, שריפטלעך און מינדלעך, אז מיט זיין קולטורעל־ליטעראַרישער אַגיטאַציע פאַרזעט ער די פראַקטיש־קאָנקרעטע אַרבעט, וואָס מוז באַלד געטאָן ווערן אין ארץ ישראל. מיר יידן, זאָגן זיי, זענען געווען אַן „עם הספר" פאַר צוויי טויזנט יאָר, שטענדיק געאַרבעט מיט אונדזער מוח, ביז וואנען ס׳איז געקומען די פאַרניכטונג פון אונדזער עקזיסטענץ. זאָלן מיר איצט פאַרבויגן די „רוחניות" און זיך נעמען צו אַן אַרבעט פון לעבן.

אחד העם מאכט אַן אַנדערן פירוש אויף אונדזער לאגע. ער זאָגט: „מיר זענען טאקע געווען אַן „עם הספר", אָבער נישט קיין „עם הספרות". צוויי נעמען, וועלכע אונטערשיידן זיך פיל. „עם הספרות" קאָן מען אָנרופן נאָר די גרופּע מענטשן, וועלכע לעבן זיך איין מיט זייער ליטעראַטור און ספרים, און וועלכע בייטן זיך שטענדיק לויט דער ענדערונג, וואָס קומט פאָר אין זייער לעבן. דורות קומען און גייען, און מיט זיי אויך די ספרים, לויט דער באַדערפעניש פון זייער לעבן, און אזוי איז די „ספרות" מיט דעם לעבן אָרגאַניש פאַרבינדן אין איין געשטאַלט. אָבער „עם הספר" איז נאָר אַ קנעכט צום ספר, זיין נשמה גייט אַוועק פונעם לעבן און קאָנצענטרירט זיך איינגאַנצן אויף דעם געשריבענעם וואָרט. דאָס לעבן פון אַזאַ פאָלק בייט זיך, אָבער דער ספר בלייבט ביי אים ווי געווען. דער ספר באַהערשט אים נישט און באַרייכערט נישט זיין הארץ מיט פרישע לעבנס־כחות, נאָר פאַרקערט: עס שוואַכט אָפּ זיין גייסט און מיט דער צייט איז קיין פאַרבינ־דונג נישטאָ צווישן „ספר" און זיין לעבן. אמת, מיר זענען שוין באַלד צוויי טויזנט יאָר אַן „עם הספר", זינט דער צייט ווען אונדזער לעבן האָט אויפ־

געהערט זיך צו אנטוויקלען לויט דער „תורה שבעל פה״, וועלכע איז געוועזן באמת די „תורה שבלב״, וואָס האָט אויסגעטייטשט די „תורה שבכתב״. מיט יאָרן שפּעטער, נאָכדעם ווי די „תורה שבעל פה״ האָט אויפגעהערט איר אַנטוויקלונג און איז אַליין פאַרוואַנדלט געוואָרן אין שריפט, אין אַ „תורה שבכתב״, האָט דאָס האַרץ און גייסט פון פאָלק אויך אָנגעהויבן פאַרגליווערט צו ווערן. גאָטס שטימע אין דעם מענטשנס האַרץ, דער גייסט פון לעבן, איז געוואָרן אויס אויטאָריטעט צו פאַרענטפערן די פאַרשידענע, ברענענדיקע לעבנס־פּראָגעס, און צו יעדער געלעגנהייט האָט מען געמוזט באַנוצן דעם „ניטי ספר ונחזי״, זיך ווענדן צו דעם טרוקענעם געשריבענעם וואָרט אין ספר. עס איז גאַנץ מעגלעך, אַז ווען דער פּסוק „עין תחת עין״ וואָלט נישט געווען געשריבן אין תורת משה, נאָר מיר וואָלטן אים געפונען אין תלמוד, קאָן זיין, אַז די שפּעטערדיקע מפרשי התלמוד וואָלטן נישט געהאַט גענוג מוט צו פאַרטייטשן „עין תחת עין זה ממון״. נישט ח״ו פון אכזריות וועגן, נאָר פשוט, מען דאַרף מקבל זיין אויף זיך דעם דין, און מען קאָן נישט גיין קעגן אַ „מפורשה הלכה״. דיזעלבע זאַך ווי עס האָט געטראָפן מיט דעם „קוצו של יוד״ ביי „רב ופסי״ אין י. ל. גורדונס באַוואוסטער פּאָעמע. דער עולם וואָס האָט בייגעוואוינט דעם גט, האָט קיין מוט נישט געהאַט צו פּראָטעסטירן. זיי האָבן נאָר געטרויערט און געזיפצט און מעגלעך, אַז רב ופסי האָט מיטגעוויינט מיט זיי, אָבער מען האָט געמוזט מקבל זיין אויף זיך דעם דין באהבה. —— ביי אַן „עם הספרות״ וואָלט אַזאַ טראַגעדיע באַשאַפן אַ באַוועגונג און אַ ווילן צו מאַכן ענדערונגען אין דעם דין לויט דעם לעבן פון דער צייט, אָבער דאָס האַרץ פון „עם הספר״ האָט נאָר געקענט מיטזיפצן און שווייגן״.

דעריבער, זאָגט אחד העם, איז דער חוב פון אונדזער ליטעראַטור איצט צו היילן דאס קראנקע הארץ פונעם פאָלק, עס ברענגען צוריק צו די אַמאָליקע יונגע קרעפטן, כדי דאָס פאָלק זאָל קומען צו אַ זעלבשטענדיקן נאָרמאַלן לעבן. דער נייער שטראָם־לעבן זאָל קומען פון זיין אינערלעכער יידישער קוואַל. די „האבות והבנים״ הערצער זאָלן זיך אויסגלייכן מיט דער הילף פון יידישער קולטור־אַרבעט, וואָס זאָל גיין פּאַראַלעל מיט דעם אַלגע־מיינעם שטראָם פון לעבן, און דאָך זאָל עס בלייבן שטענדיק יידיש, אין פאָרעם ווי אין אינהאַלט.

מיר, שרייבער, ענדיקט ער, מוזן שטענדיק באַטאָנען דעם באַטייט

פון חבת־ציון. דאָס איז נישט אַ טייל פון „יהדות", נאָר זי איז „יהדות" מיט איר גאנצקייט, וועלכע נעמט ארום די אלע לעבעדיקע שטרעבונגען פון טיפן הארצן, די פרייע אויפלעבונג און אַנטוויקלונג לויט איר אייגענעם גייסט, פאר דער פאַראייביקונג פון פאָלק אויף זיין אייגענעם באָדן. דער פראַקטישער דערפאָלג אין ציון מוז זיין אָפּהענגיק פון דער פאַרפולקאָמונג פון „תורה שבלב".

זאָלן מיר אַלע צוזאַמען בויען: דער, מיט זיין מוח, דער, מיט זיין וואָרט אָדער פען און דער, מיט זיינע פיזישע כחות. צוזאמען פאר איין ציל: אויסגלייכן די וועגן פאר דעם פאָלק און זיין לאנד פאר אַ בעסערער יידישער צוקונפט.

## „דברי שלום"

זיינע אויבנדערמאָנטע מאמרים אין „כורת" און פרדס" האָבן באַגעגנט אַ גרויסע אָפּאָזיציע, און פון פארשידענע זייטן האָבן זיך געלאָזט הערן פראָטעסטן. דערהויפּט האָט אים אַטאַקירט דער פרומער עלעמענט פון די חובבי־ציון, וועלכע האָבן אים עפנטלעך אין דער פרעסע באַשולדיקט, אַז ער איז נוטה צו רעפאָרמירן די יידישע רעליגיע, און אַז זיין חבת־ציון איז נאָר אַ מיטל צו רעפאָרם, און נאָך אַזוינע חטאים.

אַזאַ מין קעגנערשאפט צו אים האָט ער נישט דערוואַרט און ער האָט זיך געפילט געערגערט פון די אַלע אומגערעכטע באַשולדיקונגען. די, וועלכע האָבן געשריבן קעגן אים ווילד און אָן טאַקט, האָט ער זיך אפילו נישט גענומען די מי צו ענטפערן. נאָר צו איינעם פון די גרויסע רבנים אין יענער צייט, דעם באַוואוסטן ר' יהונתן עליאַשבערג, זון פון הרב ר' מרדכי, האָט ער יאָ געשענקט אויפמערקזאמקייט. ווייל ער איז געווען אַן איבערגעגעבענער חובב ציון און אַן אַקטיווער ארבעטער אין דער באַוועגונג. ער ענטפערט אים אין אַ לאַנגן בריוו, וואָס ער האָט צוגעשיקט צום „המליץ", 1895, מיט דעם נאָמען „דברי שלום". דאָרטן באמיט ער זיך איבערצייגן, אז

ער איז זייער ווייט פון תקונים בדת, און אַז ער איז גראָד איינער פון די גרעסטע קעגנער פון דער רעפאָרם באוועגונג, וועלכע שטרעבט צו ברעכן און צעשטערן די גייסטיקע אייגנשאפטן, וועלכע דאָס פאָלק באזיצט, און אַז די גאנצע ארבעט פון רעפאָרם איז נאָר אַ קינסטלעכע מאַכינאַציע, כדי צופרידנצושטעלן געוויסע פערזאָנען.

זיין אידעע פון „תורת הלב" מיינט די נאַטירלעכע אַנטוויקלונג פון דת, וואָס ווערט ארויסגערופן פון לעבן גופא און גיט דעם דת פון צייט צו צייט אַן אַנדערע פאַרשטענדעניש און געשטאלט. די ענדערונג אירע קומט נישט דורך באשטימטע פלענער און דורך געוויסע אורטיילן, נאָר אַלס רעזולטאט פון אַ לאַנגזאמען היסטארישן פראָצעס. דאָס לעבן, צוליב געוויסע נויטווענדיקע אורזאכן, שאַפט אומבאַמערקט, טריט ביי טריט, אַ נייעם פשט אויפן דין.

ווען די בעלי התלמיד פארטייטשן דעם פסוק „עין תחת עין, זה ממון", הייסט דאָס נישט, אַז זיי מאכן אַ תקון, נאָר זיי קומען צו דער איבער־צייגונג, דורך דער אנטוויקלונג פון לעבן, אַז לכתחילה האָט דער פסוק אין דער תורה אַנדערש ניט געקענט פארשטאנען ווערן. און אַזוי וועט אויך אין דער צוקונפט, די „תורה שבכתב" מוזן קריגן איר ריכטיקע באַדייטונג לויט דער דיקטירונג און באַדינגונגען פון לעבן.

די לייט, וועלכע ווילן בשום אופן נישט אָפּטרעטן פון דעם געשרי־בענעם וואָרט, פילן נישט, ווי זיי אַליין האַלטן אין לויפן מיט דעם שטראָם פון לעבן און וואָס ווייטער רוקן זיי זיך אַוועק פון זייערע באשטימטע פּאָזיציעס און געפונען זיך אין נייע אומשטענדן. מיט זיי קומט פאָר דאָס זעלביקע, וואָס האָט געטראָפן די ריכטער, וועלכע האָבן פאַרמשפט גאלילייען. אין דעם מאָמענט פון דעם אורטייל קעגן אים, צוליב זייער פעסטן גלויבן, אַז די „ערד" שטייט אויף איין אָרט, האָבן זיי דאָך, קעגן זייער ווילן, נישט אויפגעהערט אויך זיך צו באַוועגן גלייך מיט דער ערד־קויל.

און אַזוי גייט ער ווייטער, ענטפערנדיק אויף נאָך פיל פּרטים, שאַרפ־זיניק און איידל, מיט אַ טאָן פון איבערצייגונג און פון שלום. ער פאָדערט פון זיי נישט צו מאכן קיין מחלוקות. די פארשידנקייט פון מיינונגען און געדאַנקען זאָל נישט זיין קיין שטערונג אין אונדזער נאַציאָנאַלער שטרעבונג. זאָל זיך יעדער דענקען לויט זיין שכל און געפיל פון הארץ, און צוזאַמען ארבעטן לטובת הארץ והעם.

# „עבדות בתוך חרות“

אין די ערשטע יאָרן פון דער חובבי־ציון תקופה, איז די רוסיש־יידישע פּרעסע, איבערהויפּט דער „וואָסכאָד“, נאָכטוענדיק דעם ביישפּיל פון דער דייטשער און פראַנצויזישער יידישער ליטעראַטור, שאַרף אַרויס־געטראָטן קעגן דער חבת־ציון באַוועגונג. זיי האָבן זיך געשטיצט אויף דער עקזיסטירנדיקער פרייהייט פאַר די יידן אין אויסלאַנד, האָפנדיק און גלויבנדיק, אַז גאָר אין גיכן קומט שוין די ישועה אויך אין רוסלאַנד. אין 1891 איז אחד העם אַרויס מיט אַ גרויסן מאמר אין „המליץ“ אונטער דעם נאָמען „עבדות בתוך חרות“, אַלס ענטפער צו די קעגנער. זיינע ווערטער זענען שאַרף און אָפּטמאַל אויך וויציק, און מיט שטאַרקע אַרגומענטן פּרווט ער צונישט מאַכן זייער אַסימילאַטאָרישע שטעלונג צום יידישן לעבן.

מיר ווועלן פּרובירן דאָ איבערגעבן אין קורצן אייניקע שטעלן פון דעם אַרטיקל.

די פרייהייט, זאָגט ער, וועלכע זיי האָבן כלומרשט דערוואָרבן אין וועסטלעכן אייראָפּע, דינט נאָר אַלס אַ צודעק צו באַשיצן די אינערלעכע שקלאַפעריי, וואָס די יידן דאָרט באַזיצן איצט. עס איז אמת, זיי זענען פרייע בירגער גלייך מיט אַלע, און האָבן די מעגלעכקייט צו ווערן הויכע רעגירונגס־באַאַמטע, אָפיצערן, פּראָפעסאָרן א. ד. ג., אָבער די פּאָלי־טישע אויסערלעכע פרייהייט האָט פּראָדוצירט אין זיי אַן אינערלעכע מאָראַלישע און גייסטיקע קנעכטשאַפט. כדי נאָכצוקומען דער דאָזיקער נייער דערשיינונג, האָבן אונדזערע גרויסע געלערנטע און וואָרט־פירער באַשאַפן פאַר דעם יידן אין אייראָפּע שפּאָגל־נייע געדאַנקען פאַר זיין תכלית, וועגן דער מיסיע פון זיין עקזיסטענץ אויף דער וועלט, נעמלעך, אַז ער איז דער לערער פאַר אַלע פעלקער אין דעם גאַנצן אוניווערז. זיין ציל אין לעבן איז פאָראויסגעזעצט געוואָרן פאַר אַ באַשטימטן תכלית, נאָך פון „ששת ימי בראשית“, צו זיין דער פאַרשפּרייטער פון געטלעכקייט איבער דער וועלט. אַזוי ווי דער גריך איז באַשאַפן געוואָרן צו אַנטוויק־לען די קונסט פון אויסערלעכער שיינהייט און דער רוימער — צוליב

דער אַנטוויקלונג פון קראַפט און מאכט, אַזוי מוז דער ייד איבערטראָגן זיינע אַלע צרות און ליידן, ביז וואנען ער וועט דערפילן זיין מיסיע צו פארשפרייטן צווישן אַלע פעלקער די געטלעכע וויסנשאפט פון דער תורה און די נביאים.

אָבער אַזאַ באַהויפּטונג שטימט נישט מיט דער מאָדערנער וויסנשאַפט־לעכער פאָרשונג פון פעלקער־אַנטוויקלונג. דער סוד פון עקזיסטענץ פון אַ פאָלק איז נישט פאַרבונדן מיט קיין באַשטימטן פאָרויסגעזעצטן תכלית. אַ פאָלק לעבט און שאפט לויט דער נאטירלעכער אַנטוויקלונג, וואָס זיין לעבן ברענגט אַרויס און לויט די אומשטענדן און באַדינגונגען פון לעבן גופא. זיינע אייגנשאַפטן און אינטערעסן בייטן זיך מיט דעם פּראָצעס און ענד־ערונג אין לעבן. נאָך אַ זאך האָבן יענע חכמים דורכגעלאָזן: אַז יענע גריכן און רוימער האָבן דאָך שוין לאנג, נאָך מיט הונדערטער יאָרן פריער, אויפגעהערט צו עקזיסטירן אַלס גרופּע אָדער פאָלק, און פונ־דעסטוועגן שעפט נאָך עד היום די גאַנצע וועלט פון זייער שאַפונג אוןביי־טראָגן, וואָס זיי האָבן אונדז איבערגעלאָזן בירושה אין זייערע ספרים פאַר דעם וואוילזיין פון דער מענטשהייט.

אין אַזאַ פאַל פרעגט זיך: צו וואָס דאַרפן מיר יידן דאָס גאַנצע לעבן מיט די אַלע צרות און רדיפות, און פאַרוואָס לאָזט אונדז נישט די געשיכטע אויפגעבן אונדזער עקזיסטענץ בכלל, נאָכדעם ווי מיר האָבן שוין אַלץ געשאפן, וואָס עס איז נויטיק פאַר אונדזער מיסיע? די שאפונג אונדזערע פון די „כתבי הקדש״, וועלכע, לויט זייער מיינונג, איז דער איינציקער קוואל פון אונד־זער גייסט, וועט שוין אַליין די אַרבעט טאָן פאַר דער מענטש־הייט, אָן אונדז. דערצו פאַרגעסן זיי נאָך איין פּראָבלעם: וועגן דעם טייל יידן, וועלכע גלויבן אין רעליגיע, וואָס די עקרים זענען נישט גלייך צו זייערע, אָדער זיי טייטשן דאָס אויס פון גאָר אַן אַנדערן שטאַנדפּונקט, און זיי האַלטן זיך שטאַרק ביי זייער יהדות און בלייבן מיט זייער גאנצער איבער־צייגונג און גלויבן.

אָט די שאפער פון דעם נייעם וואָרט: „תעודת ישראל בעמים״, אָט די לייט מיט זייערע גרויסע וויסנשאַפטן און הויכער בילדונג, וועלכע וואָלטן געקאָנט זיין די ריכטיקע וועג־ווייזער פאַר אונדזער פאָלק אין די צייטן פון זיין שווערן קאמף פאַר אַ נאַציאָנאַלן לעבן, פאַרנעמען זיך נאָר מיט שפּילווערטער, באַמיען זיך צו גלויבן און ווילן מאכן גלויבן אַנדערע, אַז

עם ישראל, וואָס לעבט שוין טויזנטער יאָרן און טראָגט אויף זיך אַ לאַסט פון תורה ומצוות צוזאמען מיט אַ יאָך פון ליידן און צרות, עקזיס־טירט נאָר פאַר איין צוועק — צו לערנען אַנדערע הויכע אידעען. אונדזערע אַלע שאַפונגען זענען דאָך געגנוי׳ דערקלערט אין אונדזערע ספרים, וועלכע זענען אָפן צו לערנען פאר יעדן אין אַלע שפראכן. מיר דארפן און האָבן קיינעם נישט צו לערנען. מיר דארפן אָנגיין פאר זיך זעלבסט מיט דער אַנטוויקלונג פון אונדזער אייגענעם נאַציאָנאַלן לעבן, וואָס די נאַטיר־לעכע כחות רופן ארויס. דער אַנדערער וועג פון דענקען איז נאָר אַ גייס־טיקע אינערלעכע קנעכטשאפט אונטער אַ מאנטל פון פּאָליטישער פרייהייט.

און אויב דער גורל פון די יידן באַשטייט אין דער ראָלע פון אידעען־פּאַרמיטלער צווישן פעלקער, אָדער אַ „מלמד" פון רוחניות פאר זיי, צו וועמען ער האָט געבראכט די תורה פון מזרח, און אויב דאָס איז געוועזן זיין אויפגאבע פאר דער גאנצער צייט פון זיין „נע ונד", זאָל דער זעלביקער „מלמד" זוכן איצט אַ מער פאסנדן פלאץ, וואו מען נויטיקט זיך אַממערסטן אין זיין „מיסיע". זאָל ער צוריק איבערטראָגן די „השכלה" פון „מערב" צום „מזרח", צו דעם אָרט, וואו דאָס פעלן פון „מלמדים" שפּירט זיך פיל מער, און וואו זיין ארבעט וועט זיין פיל פּרוכטבארער. אַנשטאָט צו לייקענען אין „עם ישראל" און קריכן אויף אַ צעבראָכענער לייטער צום „הימל", כדי צו זוכן פאר זיך אַ „תעודה רוחניות" אויף דער וועלט, אלס תירוץ פאר זיין לעבן און עקזיסטענץ — וואָלט נישט זיין בעסער פאר אים צו בלייבן דאָרטן אין מזרח אויף דער ערד און פאָרזעצן זיין נאַטירלעכע גייסטיקע און מאַטעריעלע אנטוויקלונג, וואָס וועט ברענגען גליק פאר זיך און צו די אַלע אַנדערע אַרום אים, וואָס נויטיקן זיך ווירקלעך אין זיין הילף? דעמאָלט וועט זיין „פרייהייט" זיין אַ פולקאָמע, ריין פון אינערלעכער „קנעכטשאפט".

# „חצי נחמה"

אין דעם לעצטן טייל פון דעם פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט האָבן זיך באַגייט אין אייראָפּע די אַלטע „עלילת דם"־באַשולדיקונגען. די יידישע באַפעלקערונג אומעטום האָט זיך געפילט מאָראַליש זייער נידערגעשלאָגן פון די נייע בלבולים. עס איז אינטערעסאַנט צו זען, ווי אַזוי אחד העם האָט זיך אָפּגערופן אויף די געשעענישן. אין „המליץ", 1893, איז דער־שינען זיין מאמר „חצי נחמה" און לויט זיין שטייגער, איז ער אויך דאָ נישט מקונן אויף די יידישע צרות. פון היסטאָרישן שטאַנדפּונקט, באַהאַנדלט ער די לאַגע מיט זיין געזונטן יידישן חוש, וואָס דער גורל אונדזערער רופט אַרויס, און ווייזט אָן ווי מיר דאַרפן אויפנעמען אַזאַ דערשיינונג און ווי מיר זאָלן דאָס אויסנוצן פאַר אונדזער טובה וועגן.

ער דערקלערט, אַז איינער פון די גרויסע פאַקטאָרן אין דעם אַלגע־מיינעם געזעלשאַפטלעכן לעבן איז דער „אַלגעמיינער הסכם" אָדער צו־שטימונג, וואָס מענטשן גיבן צו אַן ענין ווי אַן אמתע דערשיינונג און אַ באַשטימטער פאַקט אין לעבן, כאָטש דאָס איז שקר, נישט אַכטנדיק צי דאָס איז יאָ אָדער נישט לאָגיש, שכלדיק אדער היסטאָריש. עס מעג זיין נאַריש און פאַלש אָן א שום הינטערגרונד, נאָר אויב דער „עולם" גלויבט אין דעם און מען קען דאָס לייכט צופּאַסן צום לעבן, איז עס מסתמא פאַקטיש ריכטיק און אַנדערש קען נישט זיין.

מיר יידן ליידן זייער פיל פון דער געזעלשאַפטלעכער איינבילדונג וועגן אונדז, וועלכע קומט פון דער אויסערער וועלט אין די לעצטע יאָרן. מיט דורות צוריק, אין די אַלטע צייטן, ווען אונדזערע עלטערן האָבן גע־גלויבט אין דעם „אתה בחרתנו", האָבן די פאַרשידענע חטאים און באַ־שולדיקונגען קעגן אונדז, נישט געשפּילט קיין ראָלע און נישט געווירקט אויף אונדזער מאָראַלישן אינערלעכן גייסט. זיי האָבן זיך גוט פאַרשטאַנען און זיך געקענט. זיי האָט ווייניק געקימערט די „אַלגעמיינע צושטימונג" וועגן זיי, וועלכע קומט פון אַ פרעמדער וועלט, מיט וועלכער זיי האָבן קיין אינערלעכע פאַרבינדונג נישט געהאַט. אָבער די צייטן בייטן זיך. אונדזער

אַמאַליק באזונדער „וועלטל״ איז חרוב געוואָרן. היינט זענען מיר אַ טייל פון דער גרויסער וועלט. די אייראָפּעישע „אלגעמיינע צושטימונג״ וועגן אונדז הויבט שוין אָן ווירקן אין אונדזער אינערלעכן לעבן גופא. די ווילדע איינ־בילדונג, אז דער ייד איז פעיק אויף דעם אָדער יענעם פארברעכן, דאָס צושרייבן אַן אומריכטיקע טאט פון אַן איינצל פּערזאָן צו דער גאנ־צער ראַסע, און די איינבילדונג פון אַ נאַרישער פאנטאזיע, אלס ספּע־ציפיש יידיש, ווערט ביסלעכוויז, מיט דער צייט, אויך אַ טייל פון אונדזער אייגענער איינבילדונג. די פארבינדונג פון אונדזער לעבן מיט די ארו־מיקע שכנים שטעלן אויף אַ פאראייניקטע „אלגעמיינע צושטימונג״ וועגן אונדז, און מיר אַליין גלויבן, אַז די „וועלט״ פון וועלכער מיר זענען אַ טייל, קען דאָך נישט אינגאַנצן זיין אומגערעכט. און אַזוי שאַפט זיך אַ שטימונג צו מאכן דעם פעלער פון אַ יחיד אָדער גרופּע, אַלס די אייגנ־שאפט פון אלע יידן. אָט דאָ ליגט די געפאר פאר אונדזער מאָראלישער עקזיסטענץ.

דעריבער מוזן מיר זוכן אַ מיטל ווי אַזוי זיך צו באפרייען פון אַזאַ אומנאָרמאלער לאגע און פּרובירן ארויסקריכן פון אונטער דער ווירקונג פון דער „אלגעמיינער צושטימונג״, צו באצייכענען מענטשלעכע פעלערן אלס יידישער כאראקטער. דעם מיטל האָבן מיר איצט באקומען, אָט טאקע פון דער „אלגעמיינער צושטימונג״ גופא וועגן „עלילת הדם״. דער בלבול קען קיינמאָל נישט ווירקן, אַז מיר זאָלן זיך אונטערוואַרפן דער ווירקונג פון דעם „עולם״, און מיט זיכערקייט קענען מיר זאָגן: „די גאַנצע וועלט איז אומגערעכט און מיר זענען גערעכט״. יעדער ייד ווייסט גאַנץ גוט, אַז די גאנצע באַהויפטונג פון „עלילת דם״ איז דורכאויס פאלש און ליגן. זאָל יעדער ייד קריגן איצטער דעם גרויסן ווילן זיך צו באַפרייען איינמאָל פאַר אלעמאָל פון דער געוואוינהייט זיך אונטערצוגעבן צו דער אויטאָריטעט פון דער „גאַנצער וועלט״ אין זייערע באַשלוסן וועגן אונדזערע מדות און טאַטן, וועלכע זענען געבויט אויף דער פאנטאזיע פון דעם „המון״. ווער פון די אָפּשאצער פון אונדזער מאָראל האָט זיך גענומען די מי גרינטלעך צו אונטערזוכן, מאכן פּאַראַלעלן און פאַרגלייכן די מעשים פון אַ יידן און נישט־יידן, וועלכע שטייען ביידע אויף דער זעלביקער קולטורעלער הויך און געהערן צו דעמזעלביקן סאָציאלן קלאַס לויט פּראָפעסיע און באשעפ־טיקונג — אַ פארפאָלגטער, הונגעריקער ייד קעגן אַ פארפאָלגטן, הונגעריקן

נישט ייד, כדי צו קומען צו אַ ריכטיקן ערלעכן באַשלוס און זאָגן, ווער פון זיי שטייט גייסטיק העכער און עטיש ערלעכער?

און אויב איר פרעגט: קען דאָס מעגלעך זיין, אז די גאנצע וועלט איז אומגערעכט און דער ייד איז גערעכט? איז דער ענטפער: „עס איז יאָ מעגלעך״! דער „עלילת הדם״ קען אויף דעם עדות זאָגן. איז דען דאָ נאָך אַ גרעסערער קאָנטראַסט, ווי די ווערטער „ייד און בלוט״, און פונדעסטוועגן גלויבט די „וועלט״ אין זייער פאַרבינדונג.

## „בין קודש לחול״

אין די יאָרן 1894־1892, האָט ער געשריבן אַ סעריע קליינע מאמרים אין „פרדס״ א׳ און ב׳, וועלכע ער האָט אָנגערופן „קליינע שמועסן וועגן גרויסע ענינים״. זיי האָבן ווירקלעך געמאכט דעמאָלט אַ רושם אין דער העברעישער ליטעראטור. זיי אנטהאלטן דיסקוסיעס וועגן פארשידענע טעאָרעטישע און פראַקטישע פראָבלעמען אין דעם יידישן לעבן, און אַ פילאָזאָפישע אָפּהאַנדלונג פון זיין געדאנק, שאַפונג און אַנטוויקלונג. אַ סך פון די אַלע פראַגן, וועלכע ער האָט באַרירט מיט איבער זעכציק יאָר צוריק, זענען נאָך אינטערעסאנט ביי דער היינטיקער צייט, אַ דאַנק זייער ספּעציעלן פילאָזאָפישן און קריטישן כאראקטער. זיי גיבן אַ גענויע פאַרשטעלונג פון זיין בליק און געדאנק אויף די נאַציאָנאַל־היסטאָרישע יידישע אנגעלעגנהייטן. אפילו די פראַגן, וועלכע טראָגן אַן אַלגעמיינעם כאַראַקטער, ווערן אויך באַהאַנדלט פון דעם יידישן שטאַנדפּונקט.

אין דעם מאמר „בין קודש לחול״ ווייזט ער אויף דעם גרויסן פעלער, וואָס די רעפאָרמער אין יהדות באַגייען אין זייערע שטרעבונגען אָוועקצונעמען פון דת אלע טראַדיציאָנעלע מנהגים און צערעמאָניעס אין דעם יידישן גייסטיקן לעבן, און מאַכן די רעליגיע אַלס אַן אבסטראַקטע אידעע. אפילו די שפּראַך פון תנ״ך זוכן זיי צו פאַרבייטן פון העברעיש אויף די

איראָפּעישע שפּראַכן.

אין וואָכעדיקע אָנגעלעגנהייטן, זאָגט ער, שפּילט די הויפּט־ראָלע שטענדיק דער צוועק און תכלית פון דער באַטרעפנדער זאַך. די מיטלען דערצו האָבן נאָר דעמאָלט זייער באַדייטונג, ווען זיי דערפילן זייער אויפגאַבע פאַר דעם צוועק, און זיי אַליין בייטן זיך אָפט לויט די פאָדערונגען. ווען דער צוועק ווערט אָפּגעשטעלט, דעמאָלט פאַרלירן די מיטלען זייער ווערט. פאַרקערט איז אָבער דער צושטאַנד אין די הייליקע אָנגעלעגנהייטן. דאָרטן מאַכט דער צוועק גלייך הייליק די מיטלען, וועלכע בלייבן שוין שטענדיק הייליק. און ווען דער צוועק ווערט פאַרשוואונדן, דעמאָלט בלייבן נאָך אַלץ די מיטלען הייליק ווי געוועזן, גרייט צו דינען אַ צווייטן צוועק. בעסער געזאָגט: אין „וואָכעדיקן" היטן מיר די שאָלעכץ פאַר דעם קערנדל, און מיר וואַרפן אַוועק די שאָלעכץ נאָך דעם ווי מיר עסן אויף דאָס קערנדל. אין „הייליקן" מאַכן מיר די שאָלעכץ אַזוי וויכטיק ווי דאָס קערנדל, און אפילו ווען אויך דאָס לעצטע ווערט אויסגעטריקנט, בלייבט נאָך אַלץ די שאָלעכץ, אָנגעפילט צו ווערן מיט אַן אַנדער קערנדל.

לאָמיר נעמען, צום ביישפּיל, די ליטעראַטור, און זען דעם אונטערשיד צווישן ביכער. די וואָכעדיקע ספרים (אויסער פּאָעזיע), וועלכע האָבן געשאַפן און אַנטוויקלט די מענטשלעכע וויסנשאַפט, די ביכער פון אויסערגעוויינטלעכן באַטייט פאַר דעם וואוילזיין פון דורות נאָך פון דער פאַרגאַנגענער צייט, ליגן איצט זייער רויק אויף די פּאָליצעס פון די ביבליאָטעקן. ווער נעמט זיך היינט די מי צו לייענען די ווערק פון ניוטאָן, קאָפּערניקוס, קעפּלער און אפילו פּלאַטאָן. שוין לאַנג האָבן זיי פאַרענדיקט זייער צוועק. זייערע אידעען און לערעס זענען שוין מיט דער צייט אַזוי פאַרשפּרייט און באַוואוסט געוואָרן איבעראַל, אַז קיינער געפינט נישט די נויטווענדיקייט צו באַנוצן די אָריגינעלע ביכער. דער מענטש האָט דאָס קערנדל שוין אויפגעגעסן און דאָס בוך, די שאָלעכץ האָט פאַרלוירן איר ווערט.

אַנדערש זעען מיר ביי די הייליקע ביכער, די „כתבי הקדש". דאָרטן האָט דער אינהאַלט פאַרהייליקט דעם „ספר" גופא, ביז וואַנען ער אַליין איז געוואָרן דער עיקר. דער תוכן ווערט דער טפל און דער ספר בלייבט אומגעענדערט. דער אינהאַלט האַלט זיך אין איין בייטן, צו יעדער צייט און פעריאָדע נעמט ער אָן אַ נייע געשטאַלט, לויט דער אַנטוויקלונג פונעם

לעבן און דעם פאָרשריט פון דענקען. יעדע קולטור האָט געפונען אין „כתבי הקדש" איר גייסט און אידעע. אין אלכסנדריה׳ס צייטן האָט מען דאָרטן פאַרטייטשט אפּלאַטאָן, אין שפּאַניע — די שיטה פון אַריסטאָ, די בעלי קבלה געפינען וואָס זיי ווילן. אויך אַנדערע רעליגיעס פאַרופן זיך אויף זיי. דעסגלייכן פיל געלערנטע. זיי ווילן דאָרט געפינען אפילו דאַרווין און קאָפּערניקוס. אַלע זוכן אין די „כתבי הקדש" זייער „אמת" און איבערצייגונגען.

און פונדעסטוועגן זעען ביי אונדז די „רעפאָרמער" די, וועלכע ווילן אָפּרייסן די שאָלעכץ פון דת און פון די „כתבי הקדש", פאַרגעסנדיק, אַז „דאָס אַלטע פאַס איז דער עיקר און הייליק". זי מעג ווערן לײדיק, אָבער מען קאָן איר שטענדיק אָנפילן מיט פרישן וויין און דער געשמאַק וועט זיין דויערהאַפטיק. אָבער ווי נאָר מען צעברעכט דאָס פאַס, פאַרלירט דער בעסטער אַלטער וויין זיין טעם און געברויך.*)

## „מדת הדין ומדת הרחמים"

אין זיין צווייטן אַרטיקל, „מדת הדין ומדת הרחמים", אָדער „גערעכטיקייט און רחמנות", פירט ער דורך אַ פילאָזאָפישע אָפּהאַנדלונג אין שייכות מיט דער אַנטוויקלונג פון מענטשן אין זייערע באַציאונגען פון איינעם צום צווייטן און אַרויסברענגען אורטיילן קעגן זיי פאַר זייערע טאַטן.

„דער מענטש פון „פאַרצייטן" האָט באַנוצט די מאָס פון „גערעכטיקייט" קעגן אַ פאַרברעכער אָן איבערלייגונג, טאָמער איז דעם לעצנטס טאַט געווען גאָר דער רעזולטאַט פון אַ באַרעכטיקטער אורזאַכע. „שלם ישלם", זאָגט די תורה, און אויב ער האָט נישט, זאָגט דער פסוק ווייטער: „ונמכר בגנבתו". מיט דער צייט אָבער האָט דער מענטש געענדערט זיין טאַקטיק

*) צו היינטיקן טאָג איז דער גרעסטער טייל „רעפאָרמער" ראַדיקאַל אַנדערש געשטימט, בנוגע טראַדיציאָנעלע מנהגים און צערעמאָניעס.

און אָנגעהויבן באַטראַכטן דעם פאַרברעכער גאַנץ אַנדערש. דאָס ערשטע איז צו פאַרשטיין און נאָכזוכן די אורזאַכן, וועלכע האָבן אים געבראַכט צו דער שלעכטער טאַט, און דעמאָלט אים באַהאַנדלען טיילווייז מיט רחמנות און גערעכטיקייט צוזאַמען, לויט דעם פסוק: „לא יבוזו לגנב כי יגנוב למלא את נפשו כי ירעב". אַ מענטש גנבט אַמאָל, ווייל ער איז הונגעריק.

אָבער אין יעדן דור האָט זיך שטענדיק געפונען אַ קלאָס מענטשן, וואָס מען קאָן זיי אָנרופן „חסידים", וועלכע האָבן געפּרעדיקט, אַז דער מענטש וועט דעמאָלט קאָנען זיך אויפהויבן צו אַ הויכער מדרגה, ווען ער וועט באַהאַנדלט ווערן פאַר זיינע טאַטן מיט דער מדה פון רחמנות און דורך דעם וועט דאָס גאַנצע לעבן פון מענטשן פאַרוואַנדלט ווערן אין אַן אמתן גן־עדן. זייער מאָטאָ איז געווען: „הוי דן את כל אדם לכף זכות", אָדער נאָך מער עקסטרעם, ווי: „אל תדין את חברך עד שתגיע למקומו".

אַזאַ תורה וואָלט אָבער נישט געבראַכט דעם געוואונטשטן ציל און וואָלט גיכער געפירט די מענטשהייט צו פאַרוויסטונג. ווייל לויט זייער „חסידות" איז דאָך נאָר דער יחיד דער עיקר, און דער „כלל" שפילט נישט קיין ראָלע אין דער געזעלשאַפט. דעמאָלט ווען אַלע מענטשן וואָלטן אַזוי געדענקט און יעדער וואָלט געטאָן און זיך געפירט נאָר לויט דעם וואָס עס איז גוט פאַר אים אַליין, נישט נעמענדיק אין באַטראַכט דעם כלל, וואָלט דאָך אַזאַ סיסטעם רוינירט דעם מאָראַלישן גייסט פון דער וועלט און וואָלט פאַרניכטעט איר גאַנצע אָרדענונג.

צום גליק, אָבער, איז דער מענטש פון דער נאַטור נישט אַזוי גוט־האַרציק און ער איז נאָך פאַרלויפיק נישט אימשטאַנד צו פאַרנעמען אַזאַ הויכע מאָראַל, ווי די „חסידים" פאָדערן. זייער אידעאַל בלייבט נאָר אין גע־דאַנק אָדער אין אַ שיינער פראַזע, און דער מענטש אַליין, כדי צו באַשיצן זיך אַלס פרט, זאָגט אים שטענדיק דאָס האַרץ, אז דער צווייטער איז דאָך, מעגלעך, אַמאָל אומגערעכט.

אין דערזעלבער צייט, קומט ווידער אַן אַנדערער קלאַס, וואָס מען רופט זיי „צדיקים" און זיי זאָגן צום „יחיד", אַז צוליב דעם „טובת הכלל" מוז ער נעמען דעם „מיטלוועג", אָדער „בצדק תשפוט את עמיתך" פאַר דעם וואוילזיין און פּראָגרעס פון דער גאַנצער מענטשהייט. דער „פרט" און דער „כלל" מוזן אָננעמען צווישן „גערעכטיקייט און רחמנות" די איינציקע תורה: „תורת הצדק". און אַזוי וועט די וועלט האָבן אַ קיום.

# „לתולדות החיוב והשלילה"

אַמאָל פלעגט ער זיך אַביסל מפלפל זיין אין אַרויסברענגען אַ געוויסן געדאַנק, אַנהויבנדיק מיט גאַנץ אַנדערע פּראָבלעמען, וועלכע טראָגן אַן אַלגעמיינעם כאַראַקטער, און נאָכדעם זיי אויסטייטשן פאַר זיין עיקר־אידעע. אַזוי האָט ער געטאָן אין זיין מאמר: „לתולדות החיוב והשלילה", אָדער: „צו דער אַנטוויקלונג פון דעם פּאָזיטיוון און נעגאַטיוון". זוכנדיק אַנצווייזן ווי ריכטיק און שטאַרק ס'איז געבויט די נאַציאָנאַלע באַוועגונג, באַשרייבט ער פריער פאַרשידענע באַוועגונגען איבעראַל און ווי אַזוי זיי האָבן זיך אָפּגעשפּילט אויף דעם יידישן האָריזאָנט אין אַ סך יאָרן, ביז ער קומט צו זיין עיקר געדאַנק. מיר וועלן דאָ אין קורצן איבערגעבן אייניקע שטעלן:

ווען שלום עקזיסטירט אויף דער וועלט און אַלץ דוכט זיך אויס־רויק, קומט דאָך שטענדיק פאָר אַ שטילע מלחמה צווישן אַלע ברואים, פון דעם וואָרים ביז דעם מענטשן, און אַ שלאַכט פאַר דער עקזיסטענץ פון לעבן קומט שטענדיק פאָר. יעדער יאָגט און שטופּט דעם צווייטן, כדי צו געווינען עפּעס פאַר זיך פון יענעמס מפּלה.

די זעלבע דערשיינונג קענען מיר באַמערקן אין דער גייסטיקער וועלט. די שטענדיקע אַנטוויקלונג פון געדאַנק ציט זיך זייער לאַנגזאַם און אַלץ קוקט אויס אין אַ פרידלעכן צושטאַנד. אָבער אין דער אמתן קומען דאָ אויך פאָר, צו יעדער צייט, פיל רייבונגען פון מיינונגען און געדאַנקען. טיילמאָל ברעכט אויס אַ גרויסער שטרייט צווישן צוויי גייסטיקע לאַגערן יעדער צד דענקט, אַז דער אמת איז ביי אים און אַז זיין אידעע האָט אַן אויסבערשאפט אין לעבן. איבערהויפּט זוכט דער געדאַנק פון דער נייער אָרדענונג צו פאַרניכטן דעם אַלטן. ווער עס קומט ארויס דער זיגער פון דעם שטורעם, הענגט אַ סך אָפּ פון דעם כאַראַקטער פון די ביידע צדדים. ווען די אָפּאָזיציע מיט דעם נייעם געדאַנק קומט נישט מיט קיין פּאָזיטיוון פּראָגראַם, נאָר זי דריקט אויס אַ נעגאַטיווע מיינונג צו דעם אַלטן, דעמאָלט איז דער נייער ווייט פון זיגן. ער האָט נישט וואָס פאַרצושלאָגן און ער ווערט פאַרגעסן.

אָבער, ווען צוגלייך מיט זיין נעגאַטיווער קעגנערשאַפט צו דעם אַלטן גיט ער אויך אַ פּאָזיטיוו פּראָגראַם פון דער נייער אידעע, דעמאָלט איז מעגלעך, אַז די שטרייטנדע צדדים זאָלן קומען צו אַ פאַרשטענדעניש און פאַראייניקונג, און אַ נייע אָרדענונג פון אידעען פאַרנעמט ביידנס פּלאַץ.

צום ביישפּיל, אין די צייטן פון מיטלאַלטער, די מלחמה צווישן פילאָ־זאָפיע און תורה. די רבנים זענען געווען קעגן אַריינברענגען די אַראַבישע פילאָזאָפיע אין יהדות, אָבער די טרעגער פון דער פילאָזאָפיע האבן אויס־געדריקט אַ פּאָזיטיוון נייעם געדאַנק, וועלכער האָט אָנגעוויזן דעם ריכטיקן וועג, ווי ס׳וועט זיין בעסער צו פאַרשטיין די נאַטור און מענטש מיט דער הילף פון פילאָזאָפיע און אמונה געבונדן צוזאַמען. דער סוף איז געווען, אַז ביידע צדדים האָבן געמאַכט שלום און זענען געקומען צו אַ פאַרשטענ־דיקונג, וועלכע האָט דעמאָלט באַשאַפן די „פילוסופיה הדתית״.

אויך אויף דעם זעלבן שטייגער האָט זיך אַנטווילקט די „חסידות״־באַוועגונג אין דער נייער צייט. באַלד פון אָנהויב האָט זי אויסגעדריקט אַ פּאָזיטיווע נייע שיטה, ד. ה. אַז דער ייד, כדי צו דינען גאָט ווי געהעריק, מוז באַזיצן דעם העכסטן גייסטיקן עקסטאַז פון פרייד. די לומדים אָבער, האָבן געזען אין חסידות אַ געפאַר פאַר דעם יהדות, אויב זי וועט זיך באַגרינדן נאָר אויף „עבודה״ און וועט פארנאכלעסיקן די תורה, וועלכע איז דער גאַנצער יסוד פון דעם יידישן לעבן. און ווייל ביידע סעקטעס האָבן אויסגעדריקט פּאָזיטיווע שיטות און אידעען, האָבן זיי, מיט דער צייט, זיך געקענט פאַרשטענדיקן, פאַראייניקט ווערן, און איצט געפינען מיר שוין אומעטום חסידים־לומדים, אָדער לומדים־חסידים, ושלום על ישראל!

מיט דער סעקטע „קראים״ האָט גאָר אַנדערש פּאַסירט, און די גע־שיכטע גיט אונדז אַן אַנדער בילד פון דעם צוזאַמענשטויס פון אידעען און שיטות. די קאַראַאימער האָבן לכתחילה גענומען אַ נעגאַטיווע שטעלונג צו „תורה שבעל פה״, זיי האָבן לחלוטן אָפּגעלייקנט די וויכטיקייט און נויטווענדיקייט פון לערנען „תלמוד״ אין די ישיבות. זיי פון זייער זייט האָבן נישט פאָרגעלייגט קיין פּאָזיטיווע נייע שיטה פאַר דעם יהדות אַנשטאָט דעם תלמוד, נאָר געבליבן אַ נעגאַטיווע גרופּע יידן. אין דער ערשטער צייט פון זייער אַרויסטרעטן, האָבן די קאַראַאימער נאָך געוויזן סימנים פון אַ יידישן לעבן, אָבער מיט דער צייט האָבן זיי זיך אָפּגעזונדערט פון כלל

ישראל און זענען געבליבן ווי אַן אָפּגעשטאַרבענער אבר ביז צו היינטיקן טאָג.

עס איז אמת, אַז אזא דערשיינונג ווי די „קראים", וועלכע האָבן גע־וואָלט זיך האַלטן נאָר אויף דעם עקסטרעם נעגאַטיוון באַזיס, איז זייער זעלטן. די נאַטור פון מענטשן איז על פּי רוב געניגט אָנצונעמען דעם „מיטלוועג". אין פאַל ווען זיי ווייזן אַ נעגאַטיווע טענדענץ צו דער אַלטער אָרדענונג, זענען זיי נאָך אַלץ צוגעבונדן צום לעצטן, ביז וואַנען זיי ברענ־גען אַרויס אַ נייעם פּאָזיטיוון געדאַנק און אָפּטמאָל ווערט אַנטוויקלט ביי זיי דורך דעם א דריטע שיטה, וואָס דינט אלס מיטל־פּונקט צווישן די „אַלטע" און „נייע".

אַזאַ באַוועגונג, באַמערקן מיר, גייט אָן ביי אונדז יידן פאַר די לעצטע הונדערט יאָר. נאָך פאַר דער השכלה־עפּאָכע איז אָנגעגאַנגען צווישן די וועסטלעכע יידן, אַ באַוועגונג פון אַ נעגאַטיווער שטעלונג צום אַלטן יהדות, אָבער זייער רויק און לאַנגזאַם. דערנאָך קומען די טרעגער פון דער אייראָפּעישער וויסנשאַפט און בילדונג פון מענדעלסאָנס חדר, מיט אַ פּאָזיטי־ווער שיטה און פּראָגראַם. די נעגאַטיווע לייט פון פריער האָבן זיך באַלד פאַראייניקט מיט זיי און געבילדעט איין „פאַרבאַנד".

דער פאַרבאַנד, ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, אַנשטאַט בויען עטוואָס ממשותדיקעס פאַר דער פאַרשטאַרקונג פון יהדות, האָבן זיי מיט זייער פּראָגראַם אָנגעהויבן צו ברעכן די פעסטונג פון דער גאַנצער יידישער שאַפונג.

נאָכדעם האָבן זיי זיך אַרומגעזען, אַז זייער שיטה ווערט אויסערלעך נעגאַטיוו. זי ברעכט נישט נאָר די אַלטע אַבערגלויבערישע, נאַרישע מנהגים, נאָר זי רירט אָן די עצם עקזיסטענץ פון אַ פאַראייניקטן יידישן פאָלק. איבער־צייגנדיק זיך, אַז זיי זענען פאַרגאַנגען שוין אַביסל צו ווייט, האָבן זיי זיך גענומען ראַטעווען מיט נייע וועגן און מיטלען. דאָס איז געשען אין די צייטן פון בויען זייערע פּראַכטפולע סינאַגאָגן און טעמפּלען, פון דער שאַפונג פון דער יידישער וויסנשאַפט, — „חכמת ישראל", און דעם אינטע־רעסאַנטן און באַלערנדן סיסטעמאַטישן אַרויסגעבן פון יידישע ביכער מיט אַ הויכער ליטעראַטור. אָבער מיט זייער גאַנצער שטרעבונג צו אַנטוויק־לען די גייסטיקע אוצרות און אויפוועקן אַ ליבשאַפט צום יידישן פאָלק, האָט זיך זיי סוף, סוף איינגעגעבן צו שאַפן אַ „נאַציאָנאַלע פּאָזיטיווע אָרדענונג" און דורך דעם האָט זיך אַלץ געענדיקט אָן פּאָזיטיווע רעזולטאַטן.

אַזאַ באַוועגונג פון דעם זעלבן כאַראַקטער איז פאָרגעקומען צווישן די יידן אין צפון־מזרח אייראָפּע. דערהויפּט אין רוסלאַנד־פּוילן. דאָרטן איז אויך פאָרגעקומען דער קאַמף פון „ניי און אַלט“, אַ ראַדיקאַלע רעוואָלוציאָנערע אָפּשאצונג פון אונדזער גייסטיקער שאפונג, די שטרעבונג פון אויסגלייכן די נאַציאָנאַלע אידעען מיט דער מאָדערנער קולטור. אָבער יעדער געדאַנק האָט געוויזן אַ פּאָזיטיווע נייגונג און דורך דעם האָט דאָס לעבן אַרויסגעבראַכט אַ שיטה פון מיטלוועג, וועלכע האָט געבילדעט אַ פּאַראייניקטע קערפּערשאַפט, באַקליידט אין אַ נייער געשטאַלט, די באַוועגונג פון „לארץ אבותינו“.

1690—1895

# דאס אויפלעבן פון א פולקאם יידיש־נאציאנאל לעבן

„מוקדם ומאוחר בחיים"

„עבר ועתיד"

„חקוי והתבוללות"

„שתי רשויות" (וועגן אנטיסעמיטיזם)

די העברעישע פראגע

# „מוקדם ומאוחר בחיים״

אין זיין יידישן וועלט אָנבליק, וועלכן ער האָט שטענדיק באַטאָנט, טראַכטנדיק פון אַ נייעם, צוקונפטיקן נאַציאָנאַלן יידישן לעבן, איז ער תמיד געשטאַנען אויף דעם שטאַנדפּונקט פון דעם טראַדיציאָנעלן יידנטום, וואָס מוז אַרויסגערופן ווערן פון לעבן און מיטגיין מיט דער צייט פּאַר אַ בעסערן טאָג. אין זיין מאמר „מוקדם ומאוחר בחיים״, ד. ה. „פּריצייטיק און פּאַרשפּעטיקט אין לעבן״, דריקט ער זיך אויס מיט אַ ברייטער דערקלערונג און ווייזט אָן, ווי דער אַלטער נאַציאָנאַלער געדאַנק ביי יידן פון אמאָל קומט צוריק צו אונדז לויט דער נאַטירלעכער אנטוויקלונג פונעם לעבן און דער צייט.

ער זאָגט: „אין יעדן דור קענען מיר באַמערקן די געוויינטלעכע דער־שיינונג פון אידעען, אמונות און אפילו געזעצן, וואָס האָבן גאָר נישט קיין שייכות מיטן גאַנג פון דעם לעבן פון דער איצטיקער צייט. זיי זענען אין באַזיץ פון נאָר איינצלנע אידעאַלע מענטשן, אָבער צום לעבן קענען זיי נאָך נישט צוגעפּאַסט ווערן.

אין לעבן דערשיינען אָפּט, אידעען און געדאַנקען, וועלכע זענען פּרי־צייטיק״. זיי ווערן געבוירן אין די מוחות פון איינצלנע פּערזאָנען, מענטשן פון קולטור און גייסט, וואָס שטייען העכער פון די מאַסן. זיי געלונגט, אַמאָל צו איבערצייגן אַ קליינע צאָל נאָכפאָלגער, וועלכע זענען איינשטימיק מיט זייערע געדאַנקען. אָבער דער דור אין אַלגעמיין איז נאָך נישט פעיק דאָס צו באַנעמען און די צייט איז נאָך „צו פרי״ אַריינצוברענגען עס אין לעבן.

דאָס זעלבע איז אויך וועגן די געדאַנקען פון דעם אַלטמאָדישן כאַ־ראַקטער, וועלכע זענען געקומען בירושה פון דורות אין דער פאַרגאַנ־גענהייט און האָבן קיין באַדייטונג אין לעבן פון אונדזער נייער צייט. אויי־בערפלעכלעך דוכט זיך אַמאָל, אַז זיי ווייזן נאָך אַ סימן פון ווירקונג, אָבער באמת זענען זיי אָן באַוועגונג און אָן לעבן. זיי שטעלן פאָר בטלנות און אַלטקייט. זיי זענען „פאַרשפּעטיקט״.

נאָר, כל זמן עס ווייזט זיך נאָך א פונק פון לעבן איןביידע ריכטונ־גען, איז די האָפענונג גרויס, אז דער „פארשפעטיקטער" זאָל מיט דער צייט נאָך פאַרנעמען זיין אָרט אין לעבן. און אויך דער „פרי־צייטיקער" קען דורכברעכן דערפאָלגרייך זיין וועג אין דער וועלט. דעריבער איז נישט קיין וואונדער, וואָס די טרעגער פון די אידעען ווערן נישט פאַרצווייפלט און זעצן פאָר זייער אַרבעט מיט געדולד און האָפענונג אויף אַ בעסערער, גינסטיקערער צייט.

פאַר אַ ביישפיל פון אַ פריצייטיקן געדאַנק קען דינען די אידעע „איינ־הייט פון גאָט" ביי יידן אינעם פעריאָד פון שופטים, מלכים ביז צום גלות בבל.

לויט די אויספירונגען פון היסטאָריקער, שטאמט דעם מענטשנס גלויבן אין גאָט, נישט פון זיין אריינטראכטן זיך אין דער שיינער נאטור מיט אירע וואונדער און איר באַשאַפער, נאָר פון זיין שטענדיקן פחד און שרעק פאַר די אומגליקן, וואָס ער האָט געזען מיט זיין קומען אויף דער וועלט. דער פרימיטיווער מענטש פון אלטע צייטן, וועלכער האָט געמוזט שטענדיק וואנדע־רן אויף דער ערד אין זוכעניש נאָך שפייז, נישט זייענדיק באַשיצט קעגן די שלעכטע עלעמענטן פון דער נאַטור: רעגן, קעלט, חיות־רעות א. א. וו., האָט געהאַט נאָר איין וואונטש פאַר זיך: די מעגלעכקייט צו עקזיסטירן. ער האָט געזען אין דער נאַטור נאָר צוויי זאַכן: גוטס און שלעכטס. פון דאָס גוטע האָט ער שטענדיק געשטרעבט ארויסצוציען אַלץ, וואָס נוצלעך פאַר אים, און פון דאָס שלעכטע האָט ער געטראכט ווי אזוי זיך צו באשיצן. אָט דער צושטאַנד האָט אים שטענדיק פאַרפאָלגט, געדרויבט זיין רו און האָט, נישט ווילנדיק, באַשאַפן אין זיין פאַנטאַזיע דעם געדאַנק, אַז יעדע נאַטירלעכע דערשיינונג האָט איר אויבערהערשער, און אַזוי האָבן זיך אַנט־וויקלט ביי אים גוטע און שלעכטע געטער.

דער פריטיווער מענטש האָט אויך געליטן זייער פיל פון זיין חבר, דעם מענטש. די מענטשן זענען געווען צעטיילט אין פאַמיליעס אָדער שבטים, און יעדער פון זיי האָט געלעבט זיין אייגן אינדיווידועל לעבן און זיי האָבן שטענדיק געפירט מלחמות צווישן זיך, זוכנדיק צו פאַרניכטן איינער דעם צווייטן. אָט די שרעק פון איין שבט פאַר דעם צווייטן האָט ווידער באַשאַפן ביי אים אַ געדאַנק פון שבטים געטער. און אין אַן עת צרה האָט דער מענטש געזוכט שוץ און הילף ביי זיין שבט־גאָט קעגן דעם פיינטלעכן

שבט, און נישט ביי דעם גאָט פון דער נאַטור, ווייל דער גאָט איז דאָך דער שותפותדיקער גאָט פאַר אַלעמען.

שפּעטער, מיט דער אַנטוויקלונג פון דער מענטשהייט, בעת שבטים און משפחות האָבן זיך איבערפאָרמירט אין פעלקער, איז דער באַגריף פון שבטים־געטער פאַרביטן געוואָרן אויף נאַציאָנאַלע געטער. יעדע נאַציע אָדער פאָלק איז געפירט געוואָרן פון זיין גאָט אין מלחמה, זיך נוקם צו זיין אין זיינע שונאים און ווערן באַשיצט אין די רויקע צייטן.

דער געדאַנק פון טאָפּלטע געטעריי, אין וועלכע דער מענטש האָט דעמאָלט געגלויבט, איז געווען נישט אַ טעות פון אַ פאַלשער רעכנונג, נאָר אַ רעזולטאַט פון זיינע אומשטענדן און בויטוועגדיקייט, פון זיין אינערלעכן געפיל, וואָס זיין לעבן האָט אַרויסגעבראַכט אין די ערשטע יאָרן פון זיין עקזיסטענץ. דער אופן פון זיין לעבנס־גאַנג האָט אים געמאַכט גלויבן אין נאַטירלעכע געטער, וועלכע העלפן אים אין זיין קאַמף מיט דער נאַטור, און אין אַ נאַציאָנאַלן גאָט, וועלכער באַשיצט אים קעגן אַנדערע פעלקער.

דערפאַר ווען עס האָט זיך פאַרשפּרייט דער געדאַנק פון „איינהייט פון גאָט" צווישן די יידן, איז ער געווען נאָך, נאַטירלעך, אַ „פּריצייטיקער געדאַנק". נאָר יחידי סגולה, די אויסגעקליבענע פון פאָלק, זענען געווען אימשטאַנד צו באַגרייפן דאָס און פאַרשטיין גרינדלעך טיף אין זייער האַרץ אזא געדאנק. אָבער דער „המון", נאָכדעם אפילו ווי ער האָט פיל מאָל אויסגעהערט די רייד פון די נביאים, האָט דאָס פאַרשטאַנען נאָר אויבערפלעכלעך. ער איז געווען ווייט פון אַזוינע הויכע געדאַנקען און געפילן, אַז ער זאָל אימשטאַנד זיין צו פאַרבינדן אזא גייסט מיט דעם לעבן.

דער מחבר פון ספר „שופטים" באַקלאָגט זיך אויף זיין דור, ווייל אין דער צייט פון אַ צרה ווענדעט ער זיך צום גאָט פון ישראל, נאָר ווען גאָט האָט אים שוין אַרויסגעהאָלפן פון די שונאים, פאַרלאָזט ער אים און גייט ווידער דינען פרעמדע געטער. אָבער פון היסטאָרישן שטאַנדפּונקט פאַר־שטייען מיר, אַז אונדזערע עלטערן פון יענע צייטן זענען נישט געווען אַזוי לייכטזיניק אין זייער בייטן געטער, ווי די נביאים באַשולדיקן זיי. דער גלויבן אין טאָפּל־געטעריי איז ביי אַלעמען אַ נאַטירלעכע איבערצייגונג פון „אמונה" און די יידן האָבן נישט געקאָנט זיין קיין אויסנאָם. זיי האָבן ערלעך געגלויבט, און האָבן זיך געווענדט צום גאָט פון זייערע עלטערן, דעם גאָט פון פאָלק, אין דער צייט פון אַ נאַציאָנאַלער קאַטאַסטראָפע. ווען

די געפאַר איז אַריבער, און טעגלעכע זאָרגן האָבן פאַרנומען זייער פּלאַץ ביי יעדן איינעם באַזונדער, האָבן זיי זיך דעמאָלט געקערט צום גאָט פון נאַטור, וואָס זאָרגט פאַר אַלע טעג.

נאָך דעם ערשטן חורבן, ווען דאָס פאָלק האָט פאַרבראַכט זיין לעבן אין גלות בבל, האָט די גאַנצע פּסיכאָלאָגיע פון דעם יידישן פאָלק אָנגענומען גאָר אַן אַנדערע ווענדונג אין שייכות צו אמונה און גאָט־באַגריפן. די אַלגעמיינע צרות און דער נאַציאָנאַלער אומגליק, וואָס האָט אים געטראָפן האָבן אין אים פאַרשטאַרקט זיין נאַציאָנאַלן גייסט און געפיל. זיינע פער־זענלעכע דאגות זענען געוואָרן אומבאַדייטנד אַנטקעגן דער הויפּט־נאַציאָ־נאַלער דאגה, פון וועלכער ער האָט מאָראַליש זייער געליטן. דער גאַנצער געטלעכער געדאַנק האָט זיך דורך דעם אויסקריסטאַליזירט ביי אים. דער גלויבן אין דעם נאַציאָנאַלן גאָט פון פאָלק האָט זיך זייער געשטאַרקט און ער לייגט אויף אים זיינע גרויסע האָפענונגען, אַז ער אַליין וועט זיין דער איינציקער אויסלייזער און רעטער. די אַרבעט פון די אַמאָליקע נביאים האָט איצט געבראַכט די פרוכט אין דער ריכטיקער צייט און די שטים פון נביא האָט זיך געלאָזט הערן אין גלות: „אנכי אל ואין עוד אלהים", אַ שטימע, וועלכע האָט זיך איצט גוט צוגעפּאַסט צום גייסט פון נאַציע און אירע שטרעבונגען. זי האָט אַריינגעדרונגען טיף אין זיין האַרצן און דער געדאַנק: „איינהייט פון גאָט" איז געוואָרן דער הויפּט־פאַקטאָר אין זיין וויטערדיקן לעבן, שטימענדיק מיט זיינע וואונטשן און נאַציאָנאַלע האָפענונגען.

מיט אַ סך דורות שפּעטער באַגעגענען מיר אַ „פאַרשפּעטיקטן גע־דאַנק" אין דער זעלבער נאַציאָנאַלער האָפענונג, צום ביישפּיל: דער „שיבת ציון" געדאַנק.

דער גרויסער רעליגיעזער געדאַנק, וועלכער האָט אַזוי אויפגעלעבט ביים פאָלק נאָכן ערשטן חורבן און וועלכער איז געווען דייטלעך געבויט אויף גאָר גרויסע נאַציאָנאַלע האָפענונגען, האָט זיך שפּעטער פיל שטאַר־קער אַנטוויקלט אין די צייטן פון בית שני. און דער געדאַנק האָט אַ סך מער אַריבערגעשטיגן דעם נאַציאָנאַלן געדאַנק, וואָס איז לכתחילה געווען דער הויפּט־קוואַל פאַר דעם פאָלקס־לעבן. דאָס פאָלק האָט נישט געפאָדערט צופיל, בלויז די מעגלעכקייט צו דינען גאָט אין פרידן, צו טאָן דעם „רצון אבינו שבשמים" מיט זיין גאַנצער נשמה, „אפילו נוטל את נפשו". און זיין

לעבן איז געווען „שלא על מנת לקבל פרס".

ווייטער אין זיין לאַנגן גלות, נאָך דעם צווייטן חורבן, האָט דאָס פאָלק, דעריבער, אַממערסטן געפילט נישט דעם חורבן פון לאַנד און נאַציאָ־נאַלן לעבן, נאָר דעם „חורבן הבית", דעם פאַרלוסט פון אַ רעליגיעזן צענטער פאַר „תמידים כסדרם ומוספים כהלכתם". אָבער באַלד האָט עס דעם חסרון צורעכט געמאַכט מיט אַנדערע גייסטיקע פונקציעס. דער בית־הכנסת האָט פאַרנומען דעם פלאַץ פון דעם בית המקדש, ירושלים של מעלה קעגן ירושלים של מטה, אָדער „תלמוד תורה כנגד כולם" — מיט אַזעלכע כלי־זין איז דאָס פאָלק דורכגעגאַנגען זיין שווערן לאַנגן גלות־וועג. גע־לערנט תורה און פיל מער געדאַוונט. עס האָט אפילו יאָ דערמאָנט אין זיינע תפילות דעם „והשיבנו לציון" און האָט נישט פאַרגעסן די נאַציאָ־נאַלע האָפענונג — אָבער די נאַציאָנאַלע האָפענונג איז נישט געווען גענוג שטאַרק און טיף איינגעוואָרצלט אין אים, אַז זי זאָל קענען ארויסברענגען נאָכאַמאָל אַ זרובבל, עזרה און נחמיה. זי איז געווען די האָפענונג, וועלכע ברענגט נאָר טרייסט און מאַכט גרינגער דאָס האַרץ, שוואַכט אָפּ זיינע קרעפטן און באַנוגנט זיך מיט זיסע חלומות אַליין. פאַרלירנדיק זיינע קרעפטן פאַר בויענדער אַרבעט, האָט זיין גייסט פון לאומיות מיט דער צייט גענומען ווערן אַלץ שוואַכער, פאַרעלטערט, ביז וואַנען ער האָט געקראָגן די געשטאַלט פון אַן אַלטמאָדישן „פאַרשפּעטיקטן געדאַנק".

ביז היינט וואָלט קיינער נישט געגלויבט דאָס, וואָס עס קומט פאָר איצט. דער אַלטער נאַציאָנאַלער גייסט פון פאָלק קומט צוריק צום לעבן. ער שטרעבט נאָכאַמאָל צו זיין אַמאָליקער, שטאַרקער, נאַטירלעכער און געזונ־טער פּאָזיציע אין דער וועלט, ווי מיט טויזנטער יאָרן פריער. דער אַלט־מאָדישער טראַדיציאָנעלער געדאַנק ווערט באַקליידט פון דעם אַלטן גייסט מיט זיין ריכטיקער געשטאַלט.

און מיר, די וועלכע זעען די „חבת ציון" אין איר יונגער, לעבעדיקער פאָרמירונג, פול מיט האָפענונג פאַר דער צוקונפט, טאָרן נישט פאַרגעסן דעם אַלטן גייסט פון פאַרצייטן, וועלכן אונדזערע עלטערן האָבן פאַרבאָרגן טיף אין אונדזער האַרצן, דעם גייסט, וועלכער שאַפט איצט פאַר אונדז אַ לעבעדיקע צוקונפט".

# „עבר ועתיד“

אין די פאַרבייגייענדע יאָרן זענען אָנגעקומען די טומעלדיקע טעג פון דער אַרגענטינע־באַוועגונג. באַראָן הירש איז אַרויסגעקומען מיט זיין באַוואוסטן פּראָיעקט פון באַזעצן יידן אויף אַ גרויסער טעריטאָריע פאַר ערד־אַרבעט אין ארגענטינע. די סומע געלט, צענטליקער מיליאָנען, וואָס ער האָט געשענקט פאַר דער אונטערנעמונג, האָט איבעראַשט די וועלט. די מאַסן זענען זייער באַגייסטערט געוואָרן, פלענער פאַר דער צוקונפט פון די יידן האָבן זיך אַרויסגעוויזן צו זיין גלענצנד. אַ גרויסער טייל פון די יידישע שרייבער און צום גרעסטן טייל די פּרעסע האָבן זיך געשטעלט אויף דער זייט פון יענער באַוועגונג. מען האָט אָנגעהויבן גלויבן, אַז אַר־געטינע וועט לייזן די יידישע עקאָנאָמישע פראַגע. אַנדערע זענען געגאַנ־גען נאָך ווייטער, דענקענדיק אַז אַ נייע יידישע קולטור וועט מעגלעך אַנטוויקלט ווערן אויף דער נייער טעריטאָריע. די טרעגער פון דער נאַצי־אָנאַלער באַוועגונג און איבערהויפּט די חובבי־ציון, האָבן זיך שטאַרק גע־שטעלט קעגן דעם גאַנצן פּראָיעקט. זיי האָבן געזען אין דעם אַ גרויסע געפאַר פאַר דער יידישער נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ און פאַר דער צוקונפט פון פאָלק.

אחד העם איז געווען, נאַטירלעך, דער הויפּט־קעגנער. ער האָט זייער פיל געשריבן וועגן דעם. מיר וועלן דאָ איבערגעבן דעם תמצית פון צוויי מאמרים, וועלכע זענען דעמאָלט דערשינען אין „פּרדס“. ער פירט נישט קיין פּאָלעמיק, נאָר אַנטוויקלט זייער רויק, לאָגיש און פון היסטאָרישן אָנבליק, אַ געדאַנק, אונטער וועלכע אומשטענדן די צוקונפט פון יידישן פאָלק קען האָבן אַ קיום.

אין דעם מאמר „עבר ועתיד“, אָדער „פאַרגאַנגענהייט און צוקונפט“, אַנאַליזירט ער זיין אָריגינעלן געדאַנק אין וואָס ס׳באַשטייט דער נצח ישראל, די נאַציאָנאַלע אייביקייט פון דעם יידישן פאָלק, און ווייזט אָן ווי אַזוי בלויז דער ע ב ר מיטן ע ת י ד צוזאַמען קענען פאַרזיכערן זיין עקזיסטענץ.

ער דערקלערט, אַז לויט דער מאָדערנער פילאָזאָפישער טעאָריע באַ־שטייט דער „איך" פון דעם מענטשן נישט אין זיין קערפּערלעכן שטאַנד, ווייל אַט דער שטאַנד האַלט זיך אין איין בייטן מיט זיין וואוקס. דער „איך" איז דער אויסדרוק פון זיין אינערלעכן גייסט, וואָס איז פאַרבונדן דורך אַ פאַרבאָרגענעם אופן פון זכרונות פון דער „פאַרגאַנגענהייט" מיט דעם שטעלן אויף זיין „איך" אַלס אַ „פולקאָמען באַשעפעניש".

דעמאָלט קומען דריי פּעריאָדן אין זיין גייסטיקן צושטאַנד: קינדהייט, וואָס האָט נישט קיין עבר, נאָר לעבט מיט דער פאַנטאַזיע פון דער צוקונפט אַליין; יוגנט, וואָס האָט שוין געגוג זכרונות פון דער פאַרגאַנגענהייט און וואָס קאָן שוין פאַרבינדן זיין „איך" מיט האָפענונגען אין דער צוקונפט; די דריטע איז די „זקנה", וואָס זיין „איך" לעבט נאָר מיטן „עבר", וואָס דער־ווייטערט אים פונם „עתיד" און דעמאָלט זאָגט ער: „הכל הבל".

אַ פאָלק, פונקט ווי אַן אינדיווידועלער מענטש, לעבט איבער אַזעלכע דריי פּעריאָדן אין באַגריף פון זיין „איך" מיט דער פאַרבינדונג פון „עבר און עתיד". אין דער ערשטער צייט, אין זיין, אַזוי צו זאָגן, קינדערשער אַנטוויקלונג, איז ער פול מיט געזאַנג. זיין גייסטיקע פאַנטאַזיע אַרבעט שנעל, מיט פיל האָפענונג אויף דער צוקונפט, אָן דעם פּראַקטישן פאַר־שטאַנד פון דער פאַרגאַנגענהייט. נאָכדעם קומט די צייט פון דענקען און פאַרשטענדעניש, געבויט אויפן עבר מיט גענוג זכרונות פון דורכלעבונג און פאַרשידענע געשעענישן. די „פאַרגאַנגענהייט" גיט דעם פאָלק אַ קלאָר בילד וועגן זיין לעבן און ער איז דעמאָלט אימשטאַנד אויסצונוצן זיין איבערלעבונג פון „עבר", כדי צו פאַרבינדן עס מיטן „עתיד" און מאַכן זיין „איך" פולקאָם גליקלעך. ווען, אָבער, אַ פאָלק, אין דריטן פּעריאָד, הויבט אָן ווייזן סימנים פון אַלטקייט, זיינע קרעפטן ווערן שוואַכער, באַנוצנדיק זיין גייסטיקע ענערגיע צו טראַכטן נאָר פון זיין פאַרגאַנגענהייט אַליין, דעמאָלט שטאַרבט עס. פאַרלירנדיק די מעגלעכקייט פון דענקען וועגן זיין צוקונפט, מוז עס אויפגעבן זיין עקזיסטענץ.

אַזאַ פאַל איז געשען מיט די גריכן. זייער אונטערגאַנג האָט זיך גראָד אָנגעהויבן מיט זייער „גאָלדענעם פּעריאָד". די צייט אין וועלכער זיי האָבן זיך אָממערסטן באַשעפטיקט מיט אַרכיאָלאָגישער וויסנשאַפט, זאַמלונגען פון אַלטע ביכער און מאַנוסקריפּטן, קריטיק און פירושים אויף אַנטיקן אָן אַ צאָל, ביז וואַנען זיי האָבן דערגרייכט צו „חכמת שלמה", אָנגעהויבן זאָגן

„הבל הבלים", געקומען צו דער שטופע פון שטילשטאַנד, פאַרלוירן דעם „איך" און נאָכדעם אינגאַנצן פאַרשוואונדן פון דער וועלט־סצענע.

אָבער ביי די מערסטע פעלקער, נישט קוקנדיק אויף זייער אַלטקייט, איז דאָס געפיל פון זייער „איך" נאָך אַלץ פאַרוואָרצלט טיף אין זייער אינערלעכן לעבן. זיי זוכן, חלומען און שטרעבן נאָך אַ צוקונפט. וואַרטן אויף אַ געלעגנהייט ווי צו פאַרוואַנדלען די שיינע אילוזיעס אין לעבעדיקע טאַטן און פאַרבינדן דעם עתיד מיט דעם עבר פאַר אַ גליקלעכן נאַציאָנאַלן לעבן.

ביי אונדז יידן איז אויך פאַרגעקומען אַן ענלעכע דערשיינונג. לויט די היסטאָרישע דערציילונגען אין תנ"ך, אין צייטן פון גלות בבל, ווערט דאָס יידישע פאָלק פאַרגעשטעלט אַלס זקן אָן קרעפטן. אין גרויס פאַרצווייפלונג באַקלאָגט זיך עם ישראל: יבשו עצמותינו ואבדה תקותנו", די ביינער אויסגעטרוקנט, די האָפענונג פאַרלוירן. דעמאָלט קומען צוויי שטאַרקע קרעפטן אים צו הילף און ווילן ראַטעווען זיין נאַציאָנאַלן „איך". די חכמים, די געלערנטע זיינע, רעדן צו אים וועגן זיין גרויסקייט, חכמה און שאַפונג פון דער פאַרגאַנגענהייט. צי זיי וואָלטן מיט דעם מיטל אַליין, דערגרייכט זייער ציל, איז אַ גרויסער ספק. אָבער צום גליק האָט דאָס פאָלק נישט געזוכט די לייזונג פון זיין עקזיסטענץ נאָר אין „חכמה" אַליין, נאָר עס האָט זיך גוט צוגעהערט צו דער „נבואה". די נביאים האָבן אים דערציילט פון דער גרויסער ליכטיקער צוקונפט, און אין די האָפענונגען פון „עתיד" האָט ער געפונען די רעטונג פון זיין גאַנצן „איך". ס'איז שטאַרקער געוואָרן זיין גלויבן, אַז דער לעבעדיקער „עתיד" וועט מאַכן זיין „אני" פולקאָם.

עס איז אמת, אַז די נביאות דעמאָלט זענען געווען געצילט אויף אַ נאָענטער צוקונפט און דאָך, מיט דער אויפבויאונג פון בית־שני, זענען די הבטחות נישט אזוי שנעל געקומען, און ממילא איז דער „עתיד" נדחה געוואָרן פון דור צו דור. נאָכהער קומט דער צווייטער חורבן און מיט אים דער לאַנגער גלות מיט די רדיפות און צרות, וועלכע האָבן אים אָפטמאָל געבראַכט צום גרעסטן צווייפל. אָבער פאַר דער גאַנצער צייט האָט דער „עתיד" קיינמאָל נישט אויפגעהערט צו זיין דער הויפט און בכבודיקער טייל פון זיין נאַציאָנאַלן „איך". די געלערנטע, אין דער לעצטער צייט, אין וועלכער די לאַגע פונעם פאָלק האָט זיך אַביסל פאַרבעסערט און די יידן האָבן גענאָסן פיל פריווילעגיעס צוגלייך מיט זייערע שכנים, האָבן

געפּרעדיקט צום פאָלק די שיינע „פאַרגאַנגענהייט”. אַנשטאָט צו וועקן אין אים די געפילן פון האָפענונג, צו שטאַרקן זיינע כוחות פאַר בוי'ענדיקער אַרבעט פאַר זיין „עתיד”, האָבן זיי זיך באַמיט מיט אַלע קרעפטן, אַז ער זאָל פאַרגעסן זיין זיסן חלום און זיי האָבן נאָר באַטאָנט זיין שיין אַריסטאָקראַטיש לעבן פון אַמאָל. דאָס פאָלק אָבער איז נישט געווען גע־נייגט שטענדיק אַזויפיל צו ליידן צוליב די פאַרגאַנגענע דערנידעריקונגען, דעריבער האָט די לערע פון „עבר” פיל געלייסטעט צו קריסטאַליזירן די רייד פון די נביאים פאַר זיין „עתיד” און פון ביידע צוזאַמען האָט זיך אַנטוויקלט און פאַרשפּרייט דער נאַציאָנאַלער „איך” פאַר זיין צוקונפטיקן גליק.

ערגער איז די נייע סעקטע צווישן אונדז, וואָס דענקט צו ברענגען די גאולת־ישראל נאָר מיט אַן „עתיד”, אָן אַן „עבר”. זי דענקט, אַז ס'איז מעגלעך פאַר אַ פאָלק צו פאַרגעסן אַ היסטאָריע פון טויזנטער יאָרן, און אָנהויבן אַלץ פון דאָס ניי, ווי אַ פריש־געבוירן קינד: אַ ניי נאַציאָנאַל לאַנד מיט נייע נאַציאָנאַלע שטרעבונגען פון אַ נייעם לעבן. אָט די לייט פאַרגעסן, אז נאָר דער נאַציאָנאלער, היסטאָרישער „איך” לעבט אין אַ פאָלק און נאָר „ער” מיט זיינע דערנידעריקונגען און האָפענונגען וויל און קען לעבן. און אויב „ער” וואָלט געקענט ווערן „אַנדערש”, וואָלט ער שוין לאַנג געפונען פאַרשידענע אַנדערע וועגן.

עס איז ריכטיק, אַז יעדער איינצלנער און באַזונדערער „איך” פון די יידן אין פאַל פון אַן אומגליק, קען באַשטימט זוכן שוץ און אַ מקום־מנוחה וואו ער וועט עס געפינען. און מיט דעם אופן קענען צענדליקער טויזנטער און מעגלעך אַ גרויסער טייל פון די יידן, זיך ראַטעווען צייטווייליק. אָבער דאָס איז נישט צו פאַרגלייכן מיט דעם נאַציאָנאַלן „איך”, דעם „נצח ישראל”, וועמענס וועג עס איז אויסגעטראָטן פון זיך גופא מיט דעם פונדאַמענט פון „עבר” און דעם בנין אין „עתיד”.

# „חקוי והתבוללות״

אין דעם אנדערן מאמר זיינעם „חקוי והתבוללות״, אָדער נאָכמאַ־כונג און אַסימילאַציע״, פירט ער דורך דעם געדאַנק, אַז יידן דאַרפן קיינמאָל נישט מורא האָבן פאַר אַסימילאַציע לויט די היסטאָרישע באַווייזן, וועלכע לערנען אונדז, אַז דער כאַראַקטער פון דעם יידישן פאָלק איז, נישט בטל צו ווערן פאַר דעם שטאַרקערן, נאָר שטענדיק צו געניסן פון זיינע שכנים און דערמיט זיך אַליין פאַרשטאַרקן, כדי אָנצוהאַלטן זיין עקזיסטענץ. דאָס איינציקע, וואָס מיר מוזן זיין פאָרזיכטיק און אויפפּאַסן אויף דעם גאַנג פון אונדזער לעבן, איז די „אחדות״ און די גאַנצקייט פונעם פאָלק.

זייער אָפט, זאָגט ער ווייטער, טאַדלען מיר די געוואוינהייט פון מענטשן נאָכצוטאָן איינער דעם צווייטן, אָבער אין דער אמתן, לויט דער איבערצייגטער מיינונג פון היסטאָריקער, איז די מדה „נאָכמאַכונג״ דער פונדאַמענט פון דער גאַנצער היסטאָרישער אַנטוויקלונג פון דער מענטשהייט. ווען מענטשן, אַלס יחידים, גרופּן אָדער פעלקער, וואָלטן זיך באַגרענעצט אין זייערע טאַטן און געדאַנקען, אין פאַרלויף פון זייער אַנטוויקלונג, נאָר אויף אייגענע אינערלעכע געפילן און וואָלטן נישט לערנען איינער פונעם צווייטן, דעמאָלט וואָלט די גאַנצע מענטשלעכע ציוויליזאַציע, מיט דער צייט, געבליבן שטיין אויף איין פּלאַץ און זייער שאַפונג וואָלט פאַרגליווערט און פאַרניכטעט געוואָרן.

עס איז ריכטיק, אַז דאָס נאָכמאַכן קען נאָר דעמאָלט האָבן דער־פאָלג און ברענגען די געוווּנטשטע פרוכט, ווען עס ווערט געטאָן אויף דעם אופן פון נישט אונטערגעבן זיך דעם צווייטן און אַליין בטל ווערן. אַזא אַקציע איז דער גאָענטסטער שריט צו אַסימילאַציע און פאַרשווינדן פון דער סצענע. די נאָכמאַכונג מוז גיין אין דער ליניע פון צופּאַסן די אייגנ־שאַפט מיט דעם צווייטנס שאַפונג, וועלכע זאָל דורך דעם אַרויסברענגען אַ גאַנץ נייע זאַך פאַר זיין אייגענעם נוצן. דאָס הייסט נאָכטאָן יענעם און אין דערזעלבער צייט שאַפן פון זיך אַ קאָנקורענץ צו אים, כדי צו באַפעס־טיקן אַ שטאַרקערע פּאָזיציע פאַר זיך אין דער וועלט.

דער ייד, לויט זיין כאַראַקטער און לויט דער תורה, וואָס ער האָט געירשנט נאָך פון די נביאימס צייטן, פאַראַכטעט שטענדיק די פיזישע קראַפט און שעצט גיכער דעם כח פון גייסט. ער גיט זיך נישט אונטער דער ווירקונג פון אַ שטאַרקערער מאַכט פון זיינע דריקער בטל צו ווערן. אין דער צייט ווען אַ גרויסע גייסטיקע קראַפט איז דערשינען אינעם לעבן פון זיינע שכנים און אַ סכנה איז געשטאַנען פאַר אים, אַז ער זאָל ווערן אַריינגעצויגן אין דעם פרעמדן גייסטיקן לעבן און אַליין אונטערגיין, האָבן זיינע מנהיגים שטענדיק געוואוסט זייער גוט ווי אויסנוצן די לאַגע און מיט דעם מיטל פון נאָכטאָן, האָבן זיי נאָך מער פאַרשטאַרקט זיין גייסטיקע פּאָזיציע.

נאָך איידער די העלעניסטן זענען אויפגעשטאַנען אין ארץ ישראל, און האָבן זיך באַוויזן אַלס אַ געפאַר פאַר דער יהדות, האָבן די יידן אין מצרים זיך דערנענטערט צו דער גריכישער קולטור, נישט פאַר דעם צוועק פון אַסימילירן זיך, נאָר פאַרקערט, אויסצונוצן די גריכישע וויסנשאַפט פאַר זיך גופא. מיט דער איבערזעצונג פון דער תורה אויף „יוונית" האָבן זיי אַרויסגעשטעלט זייער גייסט אַלס אַ קאָנקורענץ קעגן דעם פרעמדן כח און האָבן פיל קרעפטיקער פאַרשטאַרקט זייער אייגענעם.

עס איז מעגלעך, אַז אויב דיזעלבע „זקנים", די איבערזעצער פון דער תורה, וואָלטן דעמאָלט געמאַכט נאָך אַ שריט ווייטער און וואָלטן אויך איבערזעצט אפּאָלטאָן אויף העברעיש פאַר די יידן אין ארץ ישראל, וואָלט די יידישע קראַפט מיטגעווירקט אויף דעם גריכישן גייסט צו ווערן אַ יידישע אייגנשאַפט אין זייער לאַנד און אין זייער שפּראַך. און אפשר וואָלט דערמיט אויך זיך געענדערט דער גאַנצער גאַנג פון אונדזער היסטאָריע.

אַלזאָ, דאָס פאָלק האָט גאָרנישט וואָס צו שרעקן זיך פאַר אַסימילאַציע אין דער צוקונפט, צוליב די סיבות, וועלכע מיר האָבן פריער דערמאָנט. עס פאַרמאָגט גענוג קרעפטן און אַ געזונטע אייגנשאפט נישט אליין בטל צו ווערן, נאָר שטענדיק ביישטיין דעם פרעמדן גייסט מיט וועלכן ער קומט אין באַרירונג. די איינציקע סכנה וואָס שטייט אונדז פאַר איצט, איז די „צעטיילונג" פון פאָלק. אויב יעדע גרופּע, וועלכע געפינט זיך אין פאַרשידענע לענדער אונטער דער פרעמדער ווירקונג, וועט אָנפירן אַ קאַמף פון זעלבסט-פאַרטיידיקונג דורך דעם וועג פון גייסטיקער קאָנקורענץ, לויט די באַדינגונגען פון יעדן לאַנד באַזונדער, דעמאָלט קען מען

מורא האָבן, אַז דאָס פאָלק וועט אויפהערן עקזיסטירן אַלס „גוי אחד" און זיך צעטיילן אין באַזונדערע „שבטים", ווי אין די ערשטע יאָרן פון דער היסטאָרישער יוגנט. די איינציקע רפואה דערצו קען זיין נאָר די אַנט־וויקלונג פון אַ „מרכז", אַ צענטראַלן פלאַץ, וועלכער זאָל קענען פאַר־בינדן די אלע צעטיילטע אייגנשאפטן פון פאָלק אין די פיל לענדער, און פאַרוואַנדלען זיי אין אַ גרויסער קראַפט פאַר דער צוקונפט.

און אַזוי ווי אין די צייטן פון די „שבטים", ווען ישראל איז נאָך געווען יונג, איז די קראַפט פון דוד און די קלוגשאַפט פון שלמה, געווען בכח צו פאַראייניקן די „צעטיילטע" אין איין צענטער, אַזוי אויך איצט, אויף זיין עלטער, וועט קיין מאַכט און קיין גייסט פון דרויסן זיין אימ־שטאנד צו צעשטערן די היסטאָרישע קראפט זיינע און ער וועט זיך פאראיי־ניקן נאָכאמאָל אין אַ גרויסן בונד און בילדן דעם אלטן צענטער אין „מזרח".

## „שתי רשויות" (וועגן אנטיסעמיטיזם)

זיין בליק אויף אַנטיסעמיטיזם איז געווען באַדייטנד אַנדערש ווי די געוויינטלעכע אָנגענומענע מיינונג ביי אַנדערע. ער האָט שטענדיק אַרויס־געוויזן אַ קעגנערשאַפט צו די וועלכע דענקן, אַז מיט אָפענע דיסקוסיעס אָדער קאַמף־מיטלען קען מען געווינען סימפאַטיע פאַר דעם יידן. ער האָט באַ־טראַכט דעם אַנטיסעמיטיזם, לויט זיין דערקלערונג אין מאמר „שתי רשויות" — (צוויי הערשאפטן), אַלס היסטאָרישן פאַקט, און נאָר אַ שטארקער פאַקטאָר קען לויט זיין מיינונג, מיט דער צייט, אפשר איבערוועגן דעם אַלטן אָנגע־נומענעם, ווי ער רופט עס, „היפנאָטיזם". ער זאָגט:

„די שנאה צו יידן, איז איינע פון די עלטסטע און שטאַרקסטע מצוות, וואָס איז איינגעוואָרצלט געוואָרן טיף אין האַרצן ביי אַלע אייראָפּעאישע פעלקער. זי האָט געווירקט ווי אַ מין שלאָף־געטראַנק אויף אַלע באַרבאַרן, די באַזיגער פון אייראָפּע. דאָס שפּיל־וואָרט „ירושלים ורומא" האָט זיך אַנטוויקלט ביי זיי ווי אַ גייסטיקע קראַנקהייט און איז איבערגעגאַנגען

בירושה פון עלטערן צו קינדער עד היום. אפילו אין דער איצטיקער צייט פון גרויסע, הויכע אידעאַלן, פון הומאַנישער אַנטוויקלונג און בילדונג, איז מען נישט אימשטאַנד צו פאַרניכטן די אַלטע באַגריפן פון גערעכטיקייט. ווען עס קומט אָבער צו דער יידן־פראַגע, דעמאָלט געוועלטיקן „צוויי באַזונדערע הערשאפטן". אַ דאַנק דער איינגעוואָרצלטער געוואוינהייט פון די מענטשן, זענען די אלטע און נייע שטאַנדפונקטן נישט קיין ווידערשפרוך אין זייערע וועלט־אַנשויאונגען".

„דאָס דערמאָנט אונדז אין דער געשיכטע, וואָס מען דערציילט וועגן דעם באַוואוסטן איטאַליענישן קאַטוילישן גייסטלעכן סעקקי, נאָך דעם ווי די קאַטוילישע קירכע האָט אָנגעפירט א קאמף קעגן דער אַפּיקורסישער לערע פון די באַוואוסטע אַסטראָנאָמען, אין וועלכער די קירכע האָט געזען אַ גרויסע שטערונג צו די רעליגיעזע פּרינציפּן זייערע. דער טומל האָט זיך נאָכדעם אַביסל באַרויקט און מענטשן האָבן געמאַכט שלום אין זייערע געדאַנקען, זיי האָבן זיך צוגעוואוינט צו די צוויי קעגנגעזעצטע אידעען, אָדער, בעסער געזאָגט, די „צוויי הערשאַפטן" פון געדאַנק".

„דער באַקאַנטער איטאַליענישער אַסטראָנאָם סעקקי איז געווען אין דערזעלבער צייט אויך אַ פרומער „גלח" אין אַ קירכע. אויף דער פראַגע: ווי קען ער באַזיצן צוויי אַזעלכע קעגנגעזעצטע געדאַנקען? איז זיין ענטפער געווען: ווען איך בין זיך מתעסק אין אַסטראָנאָמישע פראַגעס, פאַרגעס איך מיינע גלחישע ענינים, און ווען איך דערפיל מיינע פליכטן אין קירכע, פאַרגעס איך אַסטראָנאָמיע".

„דעריבער איז גאַנץ מעגלעך, אַז טראָץ דער פאַרשטאַרקונג פון די גרויסע הומאַנישע אידיאַלן איבעראַל, ווען מענטשן וועלן שוין מער נישט מאכן קיין אונטערשיד צווישן ווייס, שווארץ און געל, וועט נאָך אַלץ עקזיס־טירן דאָס געזעץ (נישט געשריבענע): „אויסנאַם פאַר דעם ייד". און אויב איינער וועט פרעגן: ווי איז דאָס מעגלעך אַזאַ ווידערשפרוך? וועלן די חכמים ענטפערן: ווען מיר באַשעפטיקן זיך מיט הומאַניזם, פאַרגעסן מיר דעם יידן, און ווען מיר באַשעפטיקן זיך מיט דעם יידן, פאַרגעסן מיר אין הומאַניזם. דער פשוטער מענטש וועט ענטפערן גאַנץ איינפאַך: דאָס איז שוין אַן „אַלטע טענה".

# די העברעישע פראגע — (אויך בנוגע „אוצר היהדות")

אַ חוץ די פריער דערמאָנטע ליטעראַרישע שאַפונגען זיינע, האָט ער אויך פיל געשריבן אין דעם יאָר־בוך „לוח אחיאסף", וועגן דער „העברעישער פראַגע" אין שייכות צו שפּראַך, גראַמאַטיק און ליטעראַטור. ער דריקט אויס פיל קריטישע מיינונגען וועגן איר צושטאַנד און באַגרינדעט פאַרוואָס „העב־רעיש" מאַכט נישט גענוג פּראָגרעס און ווערט נישט פאַרשפּרייט און פּאָפּו־לער, ווי מען האָט געקענט דערוואַרטן, צווישן דעם העברעישן לייענענדיקן עולם. ער וואַרפט די שולד אויף די שרייבער, די שאַפער פון דער ליטעראַ־טור, וועלכע דענקען, אַז דאָס ערשטע וואָס זיי מוזן אָפּהיטן אין זייער שרייבן, איז שיינקייט פון דער מליצה, פון דער שפּראַך זעלבסט. זייער ווייניק שענקען זיי אויפמערקזאַמקייט צו דעם אינהאַלט און זיי פאַרגעסן צופרידנ־שטעלן דעם געשמאַק פונעם לייענער. דער העברעישער משכילישער לייענער זוכט שטענדיק אין בוך אַ תוך, אידעע, אַ פּראָבלעם און אַ טיפן געדאַנק, וועלכע זאָלן קענען באַשעפטיקן זיין מוח — דאָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר אים, אַ דאַנק זיין לאַנגער היסטאָרישער אַנטוויקלונג. מליצה און שיין־געשריבענע אויסדרוקן זענען נישט צום געשמאַק פון זיין האַרצן. מעגלעך, אין ערשטן אויגנבליק, האָט ער הנאה פון זיי, אָבער באַלד פאַר־לירט ער די געדולד און מיט דעם אויך דעם אינטערעס צום גאַנצן בוך.

ער זאָגט: „אויב מען וויל לעבעדיק מאַכן די שפּראַך, מוז מען פריער לעבעדיק מאַכן די ליטעראַטור, און כדי דאָס צו טאָן, מוז מען קודם כל אַריינברענגען אין איר לעבעדיקע געדאַנקען, פאַרהאַנדלונגען וועגן ברע־נענדיקע טעגלעכע פראַגן, וועלכע זאָלן אורטיילן אַלגעמיינע מענטשלעכע און יידישע נאַציאָנאַלע אינטערעסן. ווען דער אינהאַלט פון די ביכער וועט ווערן באַליבט ביים לייענער און וועט אים ענג פאַרבינדן מיט זיין לעבן און מיט זיינע גייסטיקע שטרעבונגען, דעמאָלט וועט די אויסברייטונג פון דער שפּראַך און איר שיינקייט קומען אַלס אַ נאַטירלעכע אַנטוויקלונג פון זיך גופא. ד'ער שיינער געדאַנק מאַכט די שפּראַך פיינער".

אין דערזעלבער צייט האָט ער זייער פיל געשריבן וועגן דעם פּראָ־

יעקט פון אַרויסגעבן אַ „העברעישע ענציקלאָפּעדיע“ („אוצר היהדות“). דער באַוואוסטער נדבן מר. ק״ז וויסאָצקי האָט אפילו צוגעזאָגט אַ גרויסע סומע געלט אַלס אַ פאָנד, אָבער צום באַדויערן האָט ער נישט באַקומען די געוואונטשטע אונטערשטיצונג פון די יידישע שרייבער און געלערנטע. דער־ווייל האָט זיך געגרינדעט אַ גרויסע קאָמפּאניע אין אַמעריקע, וועלכע האָט אָנגעהויבן אַרויסגעבן די באַוואוסטע יידישע ענציקלאָפּעדיע אין ענגליש. ער האָט זיך געפילט זייער געקרענקט פון דעם, וואָס די ערשטע יידישע ענציקלאָפּעדיע זאָל זיך דרוקן אין אַ פרעמדער שפּראַך און נישט אין העברעיש, און וואָס די אַרויסגעבער זענען געוועזן גויים און נישט יידן. ער האָט דאָס נישט געקענט פאַרגעסן און מיט יאָרן שפּעטער, ביי יעדער געלעגנהייט, פלעגט ער מאַכן פאַרוואופן זיינע חברים וועגן דעם.

1896—1897

# אויס סוחר

(די ענדערונג אין זיין לעבן)

# מיט „אחיאסף" אין ווארשע

מיט אייניקע יאָר שפּעטער, אומגעפּער אין יאָר 1896, קומט אַן איי־בערקערעניש אין זיין פּריוואַט לעבן. זיין געשעפט פאַלט אַדורך און ער פאַרלירט דאָס גאַנצע פאַרמעגן. זיינע פילע פריינט האָבן אים זייער שטאַרק צוגערעדט, אַז ער זאָל אויפגעבן דעם מסחר און מאַכן די ליטעראַרישע פּראָ־פעסיע אַלס זיין לעבנס־קאַריערע, צו וועלכער, זיי דענקען, ער איז מער פעיק און פאַסיק, ווי צו מסחר.

דער באַוואוסטער ביכער־פאַרלאַג „אחיאסף" אין וואַרשע, פון וועלכן די אָנפירער זענען געווען זיינע בעסטע פריינד און אינטימע חברים, האָבן אים פאָרגעשלאָגן אַז ער זאָל זיך שטעלן אָן דער שפּיץ פון זייער פאַרלאַג, און האָבן אים איבערגעגעבן דערנאָך די פירערשאַפט פון זייער געזעלשאַפט. ער קומט קיין וואַרשע און ווערט אין דערזעלבער צייט דער רעדאַקטאָר פון דעם זשורנאַל „לוח־אחיאסף". אין אָנהויב פילט ער זיך דאָרטן זייער איינזאַם, ער איז אָפּגעזונדערט און אָפּגעריסן פון אַלע זיינע גוטע חברים אין אָדעס. ער באַקלאָגט זיך פאַר זיינע פריינט אין בריוו צו זיי, אַז ער איז אַזוי צעטומלט פונעם דורכפאַל אין זיין געשעפט, אַז ער קען זיך נישט אָריענטירן מיט זיינע געדאַנקען, כדי צו מאַכן אַן אָנהויב פון שרייבן. אַנדערע שרייבער, זאָגט ער, זענען פעיק צו נעמען גלייך די פען אין האַנט און שרייבן, נישט רעכנענדיק זיך מיט וועלכע געדאנקען זיי זענען אָנגעלאָדן, אַבי שרייבן. ער, זייענדיק פון דער נאַטור זייער פּינקטלעך און ערלעך, האָט נישט געוואָלט שרייבן און דרוקן אַזעלכע אַרטיקלען, וועלכע ער קען נישט גאַראַנטירן, אַז זיי וועלן שטימען מיט זיין גייסט און איבערצייגונגען. פון דער אַנדערער זייט איז אים געווען זייער אומאַנגענעם דער געדאַנק, וואָס אייניקע וועלן אים אפשר חושד זיין, אַז געלט־אינטערעסן שטייען אים אין וועג און שטערן אים אין זיין ליטעראַרישער אַרבעט, וואָס איז אים טייער ווי דאָס לעבן.

ער בעט זיינע פריינד־שרייבער, וועלכע האָבן אים פאָרגעוואָרפן מיט בריוו און אָנפראַגן וועגן זיין צוקונפטיקן שרייבן אין דעם ערשטן „לוח־

אחיאסף", וואָס ער וועט רעדאַגירן, אַז זיי זאָלן, אויף אַ געוויסער צייט, מער אים נישט מצער זיין מיט זייערע פאַרלאַנגען, ביז וואַנען ער וועט איבערקומען זיין גייסטיקן קריזיס און וועט ווידער זיך נעמען צו זיין ליבלינג — ליטעראַטור (ספרות).

צו איינעם פון זיינע חברים שרייבט ער, אין פאַרבינדונג מיט זיין געשעפטס־דורכפאַל, אַז אַ מענטש קען גאַנץ גוט פאַרשטיין און וויסן דעם ריכטיקן וועג און ריכטונג אין וועלכער ער זאָל גיין, כדי צו האָבן אַ דער־פאָלג אין זיין לעבן, פונדעסטוועגן ווען עס קומט צו טאָן, טוט ער גראָד נישט ריכטיק, ד. ה. ער פאַרשטייט די זאַך גרינטלעך, אָבער, לויט זיין נאַטור און איבערצייגונגען, איז ער נישט ביכולת דאָס צו טאָן און עס דורכפירן, און דערפאַר דערגרייכט ער, לסוף, גאָרנישט. דער כלל, זאָגט ער, גילט אויך אין ליטעראַרישער שאַפונג אַזוי גוט ווי אין דער געשעפטס־וועלט. זיינע אייגענע געשעפטן האָט ער זייער גרינטלעך געקענט און געוואוסט ווי מען קען האָבן דערפאָלג, אָבער זיינע געפילן און אינערלעכע איבערצייגונגען האָבן אים נישט דערלויבט צו טאָן דאָס וואָס ס'איז געווען נויטיק, און דערפאַר זענען זיינע געשעפטן געווען אַ פיאַסקאָ. (1)

## „השלח" (אין בערלין)

מיט אַ קורצער צייט שפּעטער זעען מיר אים שוין אין בערלין. אַ גרופּע משכילים פון דער געזעלשאַפט „אחיאסף", מיט ה' זאב וויסאָצקי (פון דער וויסאָצקי טיי קאָ.) אַלס אָנפירער, האָבן געשאַפן אַ קאַפּיטאַל אַרויסצוגעבן אַ מאָדערנע העברעישע מאָנאַטלעכע צייטשריפט. אחד העם איז איינגעלאַדן געוואָרן צו זיין דער רעדאַקטאָר. אין רוסלאַנד האָט מען נישט געקענט קריגן קיין דערלויבעניש אויף אַזאַ זשורנאַל, איז בערלין דעריבער אויסגעקליבן געוואָרן אַלס פּלאַץ פאַר דער רעדאַקציע. די אַרויס־געבער זענען געווען די „אחיאסף" לייט פון ווארשע. דעם זשורנאַל האָט ער נאָך פילע באַראַטונגען, אַ נאָמען געגעבן „השלח", נאָך דעם קליינעם

טייכל אין ארץ ישראל, וועלכעס ישעיהו הנביא דערמאָנט אַלס רויק, שטיל און פליסיק וואַסער, אַ סימבאָל פון זיינע אידעען: רויקע, לאַנגזאַמע, נאַציאָנאַלע שאַפונגען.

באַזעצנדיק זיך אין בערלין, האָט ער אין דער ערשטער צייט, נאַ־טירלעך, געפילט זיך פרעמד און ער האָט געבענקט נאָך זיינע חברים אין אָדעס. נאָר דער געדאַנק פון דער צוקונפטיקער נייער ליטעראַרישער שאַפונג, וועלכע שטייט פאַר אים, האָט אים געגעבן פיל מוט און קרעפטן און ער איז גלייך אַריבער צו דער אַרבעט מיט זיין גאַנצער ענערגיע. ער האָט אַרויסגעלאָזט אַן אויפרוף צו אַלע יידיש־העברעישע שרייבער אין פאַרשידענע לענדער מיט דעם פאַרלאַנג, אַז זיי זאָלן אים העלפן אין דער דאָזיקער נאַציאָנאַלער אונטערנעמונג פאַר גוטער באַלוינונג. געוויינטלעך האָט ער באלד באקומען די צושטימונג און צוזאָגן פון די אלע שרייבער מיט אַ סך דערמוטיקונג, און אחד העם איז געווען מלא שמחה מיט דער האָפענונג, אַז אַלעס וועט גיין כשורה.

אַלס פּראָגראַם און כאַראַקטער פון דעם נייעם זשורנאַל האָט ער באַ־קאַנט געמאכט די ראדיקאלע אידעען. לויט זיין מיינונג, וועט דער „השלח" דאַרפן רעדאַגירט ווערן אַזוי אַז ער זאָל אַוועקגעשטעלט ווערן אויף דער העכסטער שטופע פון דעם אייראָפּעישן קולטור־שטאַנד און באַזירט ווערן אויף דעם ריינעם יידיש־נאַציאָנאַלן און טראַדיציאָנעלן יסוד. ער האָט גע־שטרעבט צו ענדערן דעם גאַנצן אויסזען פון די העברעישע צייטשריפטן, און געבן זיי אַ גאנץ אנדערע געשטאלט ווי די, וועלכע האָבן עקזיסטירט ביז דער לעצטער צייט; פאַרבייטן זייער בטלנישן פנים אויף אַ ריכטיקן יידיש־אייראָפּעישן אויסזען, אין תוך און אויך אויסערלעך, אָדער בעסער גע־זאָגט: „יפיותו של יפת יהא באהלי שם"

ער זאָגט ווייטער, אַז דער זשורנאַל וואָס ער וויל גרינדן, וועט נישט זיין אַ צענטער פאַר וויסנשאַפטלעכע לייט, וואו זיי זאָלן קענען זיך דורכ־שמועסן און מפלפל זיין אין זייערע הויכע ענינים. דער „השלח" מוז ווערן דער קוואַל פון וואַנען דער געוויינטלעכער משכילישער לייענער זאָל זיין אימשטאַנד שעפּן זיין וויסנשאַפט און געפינען דאָרטן די אינטערעסן, וועלכע ער דאַרף און וויל וויסן.

פאַר אַ לאַנגער צייט, לויט זיין מיינונג, איז די העברעישע ליטעראַ־טור געווען באַשעפטיקט מיט אַגיטירן און וועקן דעם עולם צו אַלגעמיינער

בילדונג און וויסנשאַפט. איצט אָבער זענען דיברייטע מאַסן געגוג אויפ־געקלערט. אַלע ווייסן און פאַרשטייען די וויכטיקייט פון בילדונג, די טויערן פון השכלה זענען אָפן, אָן שטערונג פאַר יעדן איינעם, און די העברעישע ליטעראַטור האָט אָנגעוואוירן איר ראָלע אַלס פאַרמיטלער אויף דעם געביט. דעריבער איז אַ סך וויכטיקער די אויפגאַבע פאַר אונדזער ליטעראַטור פון היינט אָן און ווייטער, זיך צו פאַרנעמען מיט אונדזערע אינערלעכע יידישע ענינים. זי מוז איצט פונקציאָנירן נישט אַלס דער איבערגאַנג צו אַן אנדערער וועלט, נאָר ווערן אַן אייגענער טייל פון אונדזער אינערלעכן לעבן און פון אונדזער צוקונפטיקער נאַציאָנאַלער אַנטוויקלונג.

„דער „השלח״, באַמערקט ער ווייטער, וועט געבן פלאַץ צו אַלע פאַרשידענע מיינונגען און געדאַנקען, וואָס אָנבאַלאַנגט צו יידישע אינטע־רעסן, אפילו צו די, וועלכע וועלן גאָרנישט זיין איינשטימיק מיט אונדזערע אידעען, אויב זיי וועלן נאָר געשריבן ווערן אין אַ רויקן און אַנשטענדיקן טאָן. דער זשורנאַל וועט זיין אָפן פאַר אלע קלאָר־דענקענדע מענטשן, אויב דאָס שרייבן וועט נאָר זיין אויפריכטיק. זאָל דער לייענער אַליין אור־טיילן וועגן שרייבערס געדאַנק.

דאָס איז דער וועג, וועלכן דער „השלח״ האָט אויסגעקליבן צו גיין אין זיינע ליטעראַרישע בייטראַגן״.

## ער ווערט אנטוישט

אין אַ קורצער צייט שפּעטער ווערט ער ווייטער אנטוישט ווען ער קומט אין באַרירונג מיט אונדזערע יידישע ליטעראַטן. נאָך דעם ווי ער האָט אויסגעאַרבעט דעם אינהאַלט פון זשורנאַל לויט די אַרטיקלען, וועלכע די שרייבער האָבן זיך אונטערגענומען אים צושטעלן, איז דער מאַטעריאַל זייערער נישט אָנגעקומען אַזוי גיך, און נישט צו דער צייט. ער באַקלאָגט זיך פאַר זיינע פריינד, אויף דער אומפאַראַנטוואָרטלעכקייט פון אונדזערע שרייבער. ער פילט זיך ווי אַ מלך אָן סאָלדאַטן, ווען די בעסטע שרייבער,

אויף וועלכע ער האָט געבויט די צוקונפט פון דעם זשורנאַל, זענען ווי אַנט־לאָפן געוואָרן און מען הערט גאָרנישט פון זיי. ער זאָגט אויף זיי, אַז זייערע געדאנקען זענען פארנומען מיט קליניקייטן. זיי זענען שטענדיק גרייט צו שרייבן אַרטיקלען אין די טעגלעכע צייטונגען, אַ פּלאַץ וואו מען קען זיך אַביסל זידלען און רעדן לשון הרע, אָדער מאַכן זיך באַרימט מיט קלינגענדע ווערטער פון אַ פוסטן אינהאַלט. אָבער ווען עס קומט צום שרייבן ערנסטע אָפּהאַנדלונגען, וועלכע פאָדערן אַ געוויסע געזונטע לאָגיק, אַ טיפן געדאַנק און דערצו נאָך מיט אַ גוטן געשמאַק, פילן זיי דעמאָלט גאָרנישט קיין נייגונג דערצו און זייער ארבעט איז אָן חשק, און רויבט צו אַ סאך צייט. דערצו, זאָגט ער, פאַרוואַרפן אים פיל קליינע שרייבער מיט גרויסע אַרטיקלען, וועלכע אַנטהאַלטן פוסטע געדאַנקען און אויב ער זאָל באַדאַרפן פאַרנעמען זיין גאַנצע צייט די אַרטיקלען דורכלייענען, זיי איבערמאַכן און כסדר איבערשרייבן, וועט ער, דענקט ער, זיך אָנזאַפן מיט אַזויפיל נאַריש־קייט אַז מיט דער צייט וועט ער אַליין ווערן נישט קיין קליינער עם־הארץ. אין זיין גרויסער פאַרצווייפלונג דריקט ער זיך אויס, אַז ס'וואָלט פאַר אים, מעגלעך, בעסער און גלייכער געווען, ווען ער האַנדלט מיט שמאַטעס אויף צו מאַכן אַ לעבן פאַר זיין פאַמיליע און אין דער ליידיקער צייט וואָלט ער זיך פארנומען מיט זיין ליטעראַרישן שרייבן, ווי ער האָט אמאָל געטאָן, און אויף אַזאַ וועג, זאָגט ער, וואָלט ער געבראַכט מער נוצן צו דעם אויפבוי פון דער העברעישער ליטעראַטור. (2)

## די ארגאניזירונג פון „השלח"

נאָך אַ סך מי און אַרבעט איז אים ענדלעך געלונגען צו אָרגאַניזירן זיין שטאַב מיטהעלפערס און די בעסטע שרייבער זענען צוגעשטאַנען צו אַרבעטן פאַר דעם „השלח". דעמאָלט האָט ער זיך באַרויקט און האָט אָנגע־הויבן מיטהעלפן פלייסיק. אין דער רעדאַקטירונג האָט ער באַטראַכט אַלס

אַ הייליקן חוב, צו שטיין שטענדיק אויף דער וואַך און היטן, אַז יעדער אַרטיקל וואָס גייט אַריין אינעם זשורנאַל, זאָל זיין געוואויגן און געמאָסטן. נישט קוקנדיק ווי גרויס דעם שרייבערס נאָמען איז געווען, האָט ער זיך דערלויבט מאַכן פאַרשידענע ענדערונגען אינעם אינהאַלט און אַמאָל אפילו אין דער שפּראַך און גראַמאַטיק. אָבער איידער דער אַרטיקל איז געגאַנגען צום דרוק, פלעגט ער זען קריגן די הסכמה פונעם שרייבער אויף די ענדערונגען, וואָס ער האָט געמאַכט. און אויב דער שרייבער האָט נישט איינגעשטימט מיט זיינע אויסבעסערונגען, פלעגט ער אים אָפּשיקן צוריק זיין אַרטיקל מיט אַ העפלעכער באַמערקונג. אין אַ געוויסער מאָס האָט ער געשפּילט די ראָלע נישט דוקא פון אַ רעדאַקטאָר, נאָר אַלס דערציער און ראַטגעבער צו די יידישע שרייבער. ער האָט קיינמאָל נישט דערלויבט, אַז די אַרטיקלען זאָלן זיך אויסדריקן אין אַ באַליידיקנדן טאָן צו אַ פּערזאָן, אָדער צו באַנוצן אַן אויפרעגנדיקע שאַרפע שפּראַך קעגן יענעמס איבערצייגונגען און גלויבן. אין דער ערשטער צייט האָבן פיל שרייבער פּראָטעסטירט קעגן אַזאַ אָרדענונג און סיסטעם. אָבער מיט דער צייט האָבן די מערסטע מיטאַרבעטער איינגעזען די גערעכטיקייט פון זיינע פאָדערונגען, זיי האָבן זיך צוגעוווינט צו דעם אופן פון זיין רעדאַקציע־שטייגער און זיך אונטערגעגעבן צו זיין שטאַרקן ווילן, אַ חוץ אייניקע, מיט וועלכע ער האָט קיינמאָל נישט געקענט קומען צו אַ פאַרשטענדיקונג און זיי האָבן אים אינגאַנצן פאַרלאָזן. (3)

זיין אַרבעט אַלס רעדאַקטאָר איז געווען זייער שווער און האָט געפאָדערט אַ סך אָנשטרענגונג פון אים. האָבנדיק די גרויסע אַמביציע צו מאַכן פון דעם זשורנאַל די מאָדערנסטע צייטשריפט, לויט דעם לעצטן וואָרט אין דער ליטעראַטור, איז אים קלאָר געוואָרן וויפיל פון אונדזערע שרייבער אין יענער צייט זענען געווען בכח צו פאַרשטיין די אויפגאַבע פון אַזאַ אונטערנעמונג. זייערע אַרטיקלען זענען צום מערסטן געווען געשריבן אָן אַ סדר, אייניקע מיט אַ סך גרייזן. אפילו אזא באוואוסטער שרייבער ווי א. ש. פרידבערג, האָט שטענדיק אַריינגעשיקט אַרטיקלען, וועלכע האָבן געפאָדערט ענדערונגען, איבערשטעלונג פון זאַצן און ווערטער. די שרייבער זענען געווען געוואוינט צו אַרבעטן פאַר טעגלעכע אָדער וועכנטלעכע צייטונגען און אַנדערע צופעליקע צייטשריפטן, וואו דער לייען־שטאָף איז געווען פון לייכטע און אויבערפלעכלעכע געדאנקען. אָבער מיטארבעטן אין אַזאַ הויך־

אַנטוויקלטער און פאַראַנטוואָרטלעכער מאָנאַט־שריפט ווי אחד העם האָט געהאַט בדעה שאַפן פון „השלח“, זענען זיי פאָרלויפיק נישט געווען צוגע־גרייט. דעריבער האָט ער זיי געדינט אַלס וועג־ווייזער און דערציער און פון אַזאַ סאָרט אַרבעט האָט ער נאַטירלעך קיין נחת נישט געשעפּט. פיל זענען נישט געווען איינשטימיק מיט אים, אַנדערע זענען לחלוטין ברוגז געוואָרן (ווי צב״ש דער באַוואוסטער שרייבער דר׳ קאַנטאָר). זיין ענטפער צו די, וועלכע האָבן זייער שטאַרק פּראָטעסטירט קעגן זיין האַנדלונג, איז געווען: „איך אַרבעט לויט מיינע איבערצייגונגען. ווען איך וועל פילן, אַז איך בין נישט פעיק אַלס רעדאקטאָר, וועל איך אַליין זיך אָפּזאָגן און אויפגעבן“. (4)

פון דער אַנדערער זייט איז ער געווען זייער געדן און צופרידן אָנ־צונעמען אַרטיקלען, וועלכע האָבן אַבסאָלוט נישט געשטימט מיט זיין גייסט אָדער קעגן זיינע מיינונגען, אויב נאָר זייער אינהאַלט איז געווען לאָגיש און ס׳איז געווען געשריבן אָנשטענדיק, אָן זידלעריי־שפּראַך. ער האָט געזוכט זיינע קעגנער און איינגעלאַדן זיי צו ווערן זיינע מיטהעלפער. שטרעבנדיק צו מאַכן דעם „השלח“ אַלס אַ בימה פאַר פאַרשידענע פּראָק־ציעס, אַ פּלאַץ פון מיינונג־אויסטויש און פאַר נאַציאָנאַלע און רעליגיעזע פּראַגן, וועלכע זענען דעמאָלט געשטאַנען אויף דער טאָג־אָרדענונג פון דער יידישער וועלט, האָט ער באַטאָנט, אַז דער זשורנאַל מוז ווערן די „טריי־בונע“ נישט פאַר פילאָזאָפן און געלערנטע, נאָר דער אָרגאַן פאַר דעם גע־וויינטלעכן משכילישן עולם מיט אַ באַוואוסטן דערציאונגס־זין. די גרויסע יידישע געלערנטע פון מערב אייראָפּע האָבן שטאַרק געפאָדערט פון אים, אַז דער „השלח“ זאָל זיך פאַרנעמען מיט הויכע וויסנשאַפטלעכע פּראַגן אין יהודות, אָבער ער איז דורכאויס באַשטאַנען אויף זיין פּראָגראַם פון אַנטוויקלען אַ פּאָפּולערע אינסטיטוציע פאַר דעם אינטעליגענטן לייענער, וועלכער נוי־טיקט זיך זייער שטאַרק אין אַזאַ צייט־שריפט. „אונדזערע גרויסע חכמי ישראל“, זאָגט ער, „מוזן אַמאָל נאָכטאָן דעם ביישפּיל פון די גרויסע גע־לערנטע ביי אַנדערע אומות העולם, צו שרייבן פּאָפּולערע אַרטיקלען פאַר דעם פאָלק און נישט שטענדיק זיין באַגרענעצט אין זייער אייגענעם קרייז פון פלפול און חקירות“. (5)

נאָך אַ זאַך האָט ער פאַרלאַנגט פון זיינע שרייבער, אַז זיי זאָלן וואָס מערער זיך אָפּגעבן מיט פּראַגן פון דעם אינערלעכן יידישן לעבן, אויף

וועלכע אונדזער ליטעראַרישע שאַפונג זאָל זיין געבויט. ער האָט געהאַסט די געוואוינהייט פון אַ גרויסן טייל שרייבער, וועלכע גלוסטן די מערסטע צייט זיך פאַרנעמען מיט אָפּהאַנדלונגען וועגן אַנטיסעמיטיזם און דאָס גלייכן. ער זאָגט אַז דאָס רעגט נאָר אויף די נערוון, ברענגט נישט קיין נוצן און ס׳האָט נישט קיין באַדייטונג אַלס שאַפונג. (6)

זיין פערזענלעכער ביטראג אין שרייבן פאַר דעם „השלח״ איז געווען נישט פיל. זיין מיינונג איז געווען, אַז דער רעדאַקטאָר אַליין דאַרף נישט אויספילן זיין צייטונג מיט אייגענע אַרטיקלען, ווי עס האָבן זיך נוהג געווען און זענען זיך נוהג נאָך ביז היינטיקן טאָג אַנדערע יידישע צייט־שריפטן. די פליכט פון רעדאַקטאָר, זאָגט ער, איז נאָר צו זען, אַז מיט־העלפער־שרייבער זאָלן צושטעלן די פאַסיקע מאַטעריאַלן, וועלכע זאָלן שטימען מיט דעם גייסט פון דער צייטונג און ער זאָל זיי רעדאַקטירן, לויט ווי עס פירט זיך אין דער גרויסער וועלטלעכער ליטעראַטור. אָבער גלאַט שרייבן אין דער וועלט אַריין, צוליב אַ „מוז״ און נישט לויט דעם ווילן, און דערצו נאָך אַרויסזאָגן פיל נאַרישקייט מיט גרויסע אַרטיקלען און בטלנישע שמועסערייען, איז ער נישט דער מאַן פאַר דעם. דעריבער האָט ער אויסגעקליבן אַ קליינעם פלאַץ אין דעם „השלח״, אונטער דעם נאָמען „ילקוט קטן״, אין וועלכן ער האָט באַהאַנדלט די וויכטיקסטע יידישע פראַגן אין קליינע מאמרים, געדרוקט זייער קורץ געפאַסט, וואָס האָבן אָבער פיל געזאָגט אין קורצע זאַצן. (7)

## דער „ילקוט״ און די קעגנער

דער „השלח״־לייענער פלעגט שטענדיק וואַרטן מיט אומגעדולד אויף דעם „ילקוט״ און די ערשטע זאַך, וואָס די מערסטע פלעגן אַפּריער אָנ־הויבן לייענען, איז געווען דער דאָזיקער קליינער טייל, ווייל אין אים זענען באַרירט געוואָרן די וויכטיקסטע און אינטערעסאַנטסטע פראַגן פון טאָג, וועלכע פלעגן האָבן די גרעסטעווירקונג אויף דעם לעבן פון דער יידישער נאַציאָנאַלער און העברעישער ליטעראַטור־באַוועגונגען.

עס זענען אויך געווען מאָמענטן, וואָס זיינע קליינע „ילקוט"־מאמרים האָבן געמאַכט אַ רושם אין דער פּרעסע צוליב זיין שאַרפער קריטיק און מיינונגען קעגן אַזעלכע ענינים און מנהגים, וועלכע זענען ביי אַלעמען געווען פאַררעכנט אַלס דער ריינער אמת. אַנגייענדיק אַזוי מיט זיין „ילקוט"־קריטיק, האָט ער אַרויסגערופן אַ סך קעגנער, וועלכע האָבן אָנגעהויבן שטאַרק באַליידיקן אים אין דער פּרעסע, ספּעציעל איינינקע שרייבער פון „המליץ" און „הצפירה". אין איינעם פון זיין „ילקוט", אין ערשטן האַלבן יאָר פון אַרויסגעבן דעם „השלח" איז ער אַרויס קעגן דעם אָנגענומענעם מנהג פון דרוקן אין „המליץ" אָדער „הצפירה" די נעמען פון מנדבים, אָדער מי שברכס, אויף חתונות און בריתן און דאָסגלייכן, מיט זייערע קליינע סומעס געלט, וואָס זיי האָבן געגעבן לטובת ישוב הארץ. ער האָט דאָס אָנגערופן: „מצוה הבאה בעבירה", ווען מענטשן זוכן צו קריגן פּרסום און באַרימקייט פאַר עטלעכע גראָשן (מען פלעגט דרוקן אפילו אַ פינף קאָפּיקעס־נדבן) אויף דעם חשבון פון אַזאַ הייליקן נאַציאָנאַלן אידעאַל. דאָס איז, זאָגט ער, נישט צו פאַרגלייכן מיט דעם מערב־אייראָפּעישן מנהג ביי אַנדערע פעל־קער, וואָס די אַנאָנסירונג ווערט געטאָן נישט דורך דעם געבער, נאָר דורך דעם קאָמיטעט, וועלכער קלייבט דאָס געלט. אָבער ביי אונדז האָט זיך פאַרשפּרייט אַ מידה מגונה, אַז יעדער, וועלכער וויל זען זיין נאָמען גע־דרוקט אין צייטונג, שיקט צו עטלעכע קאָפּיקעס צום רעדאַקטאָר און זיין נאָמען מיטן גאַנצן יחוס פון זיין משפּחה ווערט אומשטערבלעך. אַזאַ מנהג שטימט נישט מיט דעם יידישן אידעאַל פון געבן צדקה און שטיצע, בפרט נאָך אויב מען נוצט דאָס אויס אין דעם נאָמען פון דעם גרויסן אידעאַל: די אויפבויאונג פון אַ לאַנד פאַר דעם פאָלק. (8)

אָט דער קליינער אינצידענט האָט אַרויסגערופן אַ שטורעם אין דער גאַנצער יידישער פּרעסע. מען האָט אים דירעקט באַשולדיקט, אַז ער גראָבט אונטער דעם בנין פון „ישוב א"י. אפילו די אייגנטימער פון „אחיאסף" האָבן זיך אויסגעדריקט, אַז מיט דעם „ילקוט" וועט ער פיל שאָדן טאָן צום דער־פאָלג פון דער „השלח"־אונטערנעמונג.

ער פילט זיך זייער געקרענקט פון דעם נאַרישן (ווי ער רופט דאָס) טומל. „מיט יאָרן צוריק", זאָגט ער, זענען מיינע ארטיקלען „אמת מארץ ישראל" געלייענט געוואָרן מיט חשק, און איך האָב נישט באַדאַרפט מורא האָבן פאַר דער מיינונג פון „קהל", און היינט, זייענדיק דער רעדאקטאָר

פון „השלח", פאָדערט מען פון מיר, איך זאָל ענדערן די גייסטיקע געשטאַלט פון „אחד העם", כדי איך זאָל ח"ו נישט ברענגען קיין שאָדן די מאַטעריעלע אינטערעסן פון „השלח". אין דעם פאַל איז ער בעסער גרייט אָפּזאָגן זיך פון דעם כבוד „רעדאַקטאָר פון השלח" און בלייבן אַ גאַנצער אין גייסט און אַרבעטן לטובת ארץ ישראל לויט זיין אייגענעם פרייען ווילן אַלס „אחד העם". (9)

אין אַ קורצער שפּעטער האָט ער זיך אַרומגעקוקט, אַז אַ גרויסער טייל פון די יידיש־העברעישע שרייבער זענען געוואָרן אומפרייַנדלעך צו אים. פיל זענען אויף אים אין כעס פאַרוואָס ער האָט זיך אָפּגעזאָגט דרוקן זייערע אַרטיקלען, אַנדערע — ווייל ער האָט זיך דערלויבט ענדערן אין אייניקע שטעלן זייער סטיל און מאָדוס פון שרייבן, און נאָך אַנדערע — צוליב קנאה. דערהויפּט האָט דער בעל־„המליץ" מיט זיינע אַרויסהעלפער, ביי יעדער געלעגנהייט, ווי נאָר זיין „ילקוט" האָט זיך באַוויזן, אים אַטאַקירט. ווי נאָר ער האָט אויסגעדריקט אַ קעגן־מיינונג אָדער ער האָט קריטיקירט די אַרבעט פון די חובבי ציון, וועגן ליטעראַטור אָדער אַלגעמיינע יידישע און רעליגיעזע ענינים, זענען זיי אים גלייך באַפאַלן מיט שרעקלעכע באשולדיקונגען, אַז ער שטערט דער חבת־ציון באוועגונג, אַז ער באַליידיקט דעם כבוד פון די העברעישע שרייבער און ליטעראַטור, און אפילו אַז ער איז קעגן יידישער רעליגיע. אָט די אַלע באַשולדיקונגען האָבן, זעלבסטפאַרשטענדלעך, קיין גרונד נישט געהאַט. ער זאָגט צו זיי: איך זוך נישט קיין כבוד און לויבגעזאַנגען, נאָר ראַדיקאַלע אויסבעסערונגען אין אונדזער וועלטל און איר זוכט פּריוואַטע חשבונות מיט מיר אויף דעם בטלנישן שטייגער. מיך פּערזענלעך קענט איר נישט באַאומרויקן, נאָר מיין האַרץ טוט וויי אויף דער טרויעריקער לאַגע פון אונדזער ליטעראַטור.(10)

## צוריק אין אדעס, דיסקוסיעס וועגן „שולחן ערוך"

אין פאַרלויף פון יענער צייט פאַרלאָזט ער בערלין, קומט צוריק קיין אָדעס און פון דאָרטן רעדאַקטירט ער דעם „השלח". אין זיין שטאָט פילט ער זיך אַ סך בעסער צווישן זיינע אַלע גוטע פריינד. דאָס דרוקן איז נאָך אַלץ פאָרגעקומען אין בערלין, ווייל די רוסישע רעגירונג האָט נישט געוואָלט געבן קיין דערלויבעניש אויף דעם, און כאָטש אַזאַ צו־שטאַנד האָט פיל שווערער געמאַכט די אַרבעט, אָבער, פון דער אַנדערער זייט, זייענדיק נענטער צו דעם צענטער פון יידישער אַקטיוויטעט און קומענדיק אָפטער אין פערזענלעכער באַרירונג מיט די שרייבער, איז דאָס רעדאַקטירן גופא געווען אַ סך לייכטער פאַר איב.

זיין שטעלונג צו דער יידישער רעליגיע האָט אַרויסגערופן גרויס אינ־טערעס אין דער ליטעראַרישער וועלט און אין דער פרעסע. פאַר אייי־ניקע איז ער געווען אַ פריידענקער און אַנדערע האָבן אים פאַררעכנט אַלס קאָנסערוואַטיוון. אָבער אין דערווירקלעכקייט האָבן זיינע אַנשוי־אונגען אויף רעליגיע געטראָגן אַ גאַנץ אַנדערן כאַראַקטער. זיין בליק איז געווען פון אַ ריין נאַציאָנאַלער־היסטאָרישער נויטווענדיקייט, אַן אויסדרוק פון לעבן לויט דער צייט און תקופה.

אין דער צייט ווען אונדזערע גרויסע געלערנטע, פילאָזאָפן און פאַר־שער האָבן זיך מפלפל געווען וועגן דער באַדייטונג פון „שלחן ערוך" און ווי אים צופאַסן צו אונדזער מאָדערנעם לעבן, איז איינער פון די באַ־וואוסטע איטאַליענישע רבנים אַרויס אָפן אין דער פרעסע און דערקלערט קריג דעם גאַנצן „שלחן ערוך". אַנווייזנדיק אַז די אַלע דינים ומנהגים זענען בשום אופן נישט צוגעפּאַסט צו אונדזער סאָרט לעבן איצט, פאַ־דערט ער דעריבער „אַז מיר זאָלן עפנטלעך אויסרופן, אַז דאָס איז נישט אונדזער תורה". אחד העם, אין זיין ענטפער צו די אַלע קריטיקער, גיט גאָר אַן אַנדערן באַגריף און מיינונג צו דער באַדייטונג פון אונדזער שלחן ערוך, ער זאָגט, אז דער שלחן ערוך איז דער ספר און וועגווייזער, וועלכער האָט גוט געשטימט לויט דעם גייסט און סאָרט לעבן פון אונדזער פאָלק

אין די פֿאַרגאַנגענע דורות, וועלכע האָבן אים מיט פֿרייד אויף זיך און קינדס־קינדער מקבל געווען אַלס חוק ולא יעבור. און אויב מיר וועלן דערקלערן, אַז דאָס איז נישט אונדזער תורה, דעמאָלט איז די דערקלערונג קעגן דעם אמת, ווייל זי איז די איינציקע תורה אין דער געשטאַלט, וועלכע איז איבערגעגאַנגען צו אונדז צום סוף פֿון מיטלאַלטער, אַזוי ווי דער תלמוד איז אונדזער תורה אין דער געשטאַלט וואָס זי האָט אָנגענומען אין סוף פֿונעם אַלטערטום, און אַזוי ווי דער תנ״ך איז אונדזער תורה אין דער פֿאָרם, וואָס ער האט אנגענומען אין דער תקופה ווען דאָס פֿאָלק האָט גע־לעבט אַ נאָרמאַל נאַציאָנאַל לעבן אין זיין לאַנד. נאַטירלעך, אַז לויט אונדזער היינטיקן מאָדערנעם לעבן פֿילן מיר נישט קיין נויטווענדיקייט און קיין מעגלעכקייט צו האַלטן זיך אין די דינים פֿון „שלחן ערוך״ און אפֿילו דער טייל פֿון אונדז, וועלכער היט נאָך אָפּ דעם שו״ע מיט אַלע פּרטים, טוט עס נישט צוליב דער פֿאָדערונג פֿון לעבן, נאָר פֿון געוואוינהייט אָדער מחמת מורא און נייגונג צום „עבר״. נאַטירלעך, ווען דער „שלחן ערוך״ וואָלט נישט געקומען צו אונדז פֿון פֿריער, וואָלט אונדזער דור אים געוויס נישט באַשאַפֿן. אָבער גלאָט אַזוי אָוועקמאַכן מיט דער האַנט און דענקען, אַז עס איז גענוג נאָר צו בלאָזן די „תרועה גדולה״ און די היסטאָרישע מויער וועט דורך דעם איינפֿאַלן, איז נאָר אַ גרויסער טעות. מען דאַרף נישט פֿאַר־געסן, אַז דאָס פֿאָלק פֿאַרמאָגט נאָך גענוג קראַפֿט אין זיך, וואָס איז פֿאַרבונדן מיט דעם גרויסן ערן־געפֿיל צו דער אַלטער ירושה פֿון די אבות, כדי צו באַשיצן דעם כבוד פֿון דעם היסטאָרישן בנין. מיר מוזן וואַרטן אויף אַ נייער געלעגנהייט, וועלכע וועט אונדז, דורך אַ נייער היסטאָרישער נויט־ווענדיקייט, ברענגען אַ נייעם רמב״ם, וועלכער וועט נאָכאַמאָל ברענגען אַ ריכטיקן סדר אין אונדזער תורה, געבויט, נישט אויף דער מעכאַנישער, טרוקענער לאָגיק און נישט פֿון דעם קריטיק־שטאַנדפּונקט מבטל צו מאַכן, נאָר געבן אַ נייע פֿאַרשטענדעניש אין דינים און געזעצן לויט דער באַדער־פֿעניש פֿון פֿאָלק און פֿאָדערונג פֿון דער צייט. (11)

אַזוי איז געווען זיין אָנבליק אויף דער יידישער רעליגיע, וועלכער האָט געגעבן פֿיל מאַטעריאַל פֿאַר דיסקוסיעס. ער איז געווען אַ גרויסער מכבד את הרבנים, די וועלכע זענען געווען ערלעך אין זייערע מיינונגען, אויב אפֿילו פֿרום און עקסטרעם אָרטאָדאָקסיש. זיי האָבן געמעגט זיין זיינע גרעסטע קעגנער אין אידעען, נאָר אויב זיי האָבן ניט־היפּאָקריטיש

דיסקוטירט מיט אים, האָט ער זיי געשעצט. ער פלעגט ליב האָבן זיך דורכ־
שרייבן מיט זיי און אפילו שעצן זייערע שטאַנדפּונקטן, וואָס זענען געווען
נאָר די אויסדרוקן פון זייער אינערלעכן גלויבן. אייניקע זענען געווען
פאַרעכנט פאַר זיינע בעסטע פריינד, צום ביישפּיל, הרב ר׳ מרדכי עליאשבערג,
וועלכן ער האָט געאַכטעט און וועגן אים געשריבן. (12) (זע פריער, „אחרי
מטתו של ת״ח״).

## דער „בית־מדרש־לרבנים סכסוך

עס איז דערפאַר גאַנץ פאַרשטענדלעך זיין שטעלונג, וואָס ער האָט גענומען בנוגע דעם געפּלאַנטן פּראָיעקט צו גרינדן בתי מדרש לרבנים.

אין די לעצטע יאָרן פון דעם פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט איז אָנגע־גאַנגען אַ שטאַרקע באַוועגונג צווישן דעם משכילישן קלאַס פון די רו־סישע יידן צו גרינדן בתי מדרשים לרבנים, לויט דעם סטיל פון די אויסלענדישע אינסטיטוציעס, אין וועלכע ס׳זאָל דערצויגן ווערן אַ הויך־געבילדעטער קלאַס רבנים. די פּרעסע איז געווען פול מיט פאַרשידענע פּראָיעקטן און פאָרשלאָגן. די גרעסטע צאָל פון דער דעמאָלטיקער אינ־טעליגענץ ביי יידן זענען געווען ענטוזיאַסטיש פאַר דעם פּלאַן. אחד העם איז אַרויסגעטראָטן אַלס קעגנער צו דעם פּראָיעקט. נישט ח״ו פון רע־ליגיעזן שטאַנדפּונקט, ווי אַנדערע האָבן פּרובירט אָנווייזן נאָר פון זיין שטענדיקן אינדיווידועלן, פּערזענלעכן שטאַנדפּונקט. אַזאַ אינסטיטוציע איז נאָך, זאָגט ער, פּריצייטיק פאַר אונדז. אונדזער דור איז נאָך נישט מוכשר און צוגעגרייט פאַר אַזאַ הויכן אידעאַל. צוערשט מוזן מיר אַנטוויקלען דאָס פאָלק אַזוי אַז אַזאַ פאָדערונג זאָל אַרויסקומען פון זיין אינערלעכן קולטורעלן לעבן. ער איז זיכער, אַז אַזעלכע אַנטשטאַלטן וועלן נאָר אַרויסגעבן „גע־מאַכטע רבנים״, וועלכע וועלן נישט זיין אימשטאַנד צו טאָן די ריכטיקע אַרבעט פאַרן פאָלק און אויספילן זייער אויפגאַבע. און אַזאַ צושטאַנד וועט פיל שאַדן פּרענגען דער גאַנצער אידעע. מיר מוזן נאָך וואַרטן. (13)

# משה מענדעלסאָן

זיין באַציאונג צו משה מענדעלסאָן איז זייער אינטערעסאַנט. לויט זיינע איבערצייגונגען איז דער יהדות, צו יעדער צייט און פּעריאָדע, דער אויסדרוק פון דער היסטאָרישער נויטווענדיקייט פונעם יידישן לעבן. און אַזוי האָט ער באַהאַנדלט די גאַנצע באַוואוסטע תקופה, ווי זי איז ביי אונדז באַקאַנט אַלס „דער מענדעלסאָן יאָרהונדערט״.

פאַרשידענע מיינונגען און דיסקוסיעס זענען אומגעגאַנגען צווישן די גרויסע שרייבער און היסטאָריקער פאַר פיל יאָרן: צי דער גרויסער מענטש מאַכט היסטאָריע אין זיין דור, אָדער די צייט האָט אַ ווירקונג אויף אים, אַזוי אַז ער אַליין איז נאָר אַ פּראָדוקט פון זיין צייט, דאָס הייסט, די צייט האָט אים גרויס געמאַכט.

אחד העם מיט זיין היסטאָרישן חוש האָט גענומען אַ מיטלוועג־שטע־לונג צו דער פראַגע. ער זאָגט, אַז עס איז גאָר קיין ספק נישט — אויב שמואל וואָלט געווען אין די צייטן פון יפתח, וואָלט דער דור נישט אַזוי גרויס און באַוואוסט געווען, אָבער דאָס איז אויך באַשטימט — ווען שמואל וואָלט נישט געלעבט אין זיין דור, וואָלט דער דור געהאַט גאָר אַן אַנדערע געשטאַלט. בעסער געזאָגט: וויפיל דער „גדול״ ווירקט אויף זיין צייט, אַזוי ווירקט, אין דערזעלבער מאָס, די צייט אויף אים, צו ווערן גרויס און ביידע מאַכן די היסטאָריע פון יענער תקופה.

און אַזוי קומט ער צום באַשלוס, אַז מענדעלסאָן אַליין האָט קיינמאָל נישט געשטרעבט צו גרויסע שאַפונגען, און אפשר גאָרנישט געוויזן קיין נייגונג אָדער פעיקייט צו ראַדיקאַלע ענדערונגען אינעם יידישן לעבן. ווען ער וואָלט געלעבט מיט אייניקע דורות פריער אין איטאַליע אָדער אין האָלאַנד, וואָלט ער באַשטימט געווען באַוואוסט אַלס איינער פון די גרויסע חכמי ישראל, ווי צום ביישפּיל מנשה בן ישראל, אָדער יש״ר מקאַנדיה און אַנדערע, און נישט מער. אָבער גראָד אין זיין צייט פון גרויסע שטורמי־שע טעג, פון איבערקערענישן, און דער השכלה באַוועגונג אין דייטשלאַנד און אויך אין די נאָענטע לענדער, איז ער גרויס געוואָרן. די אומשטענדן,

נישט ווילנדיק, און מעגלעך אָן וועלכער איניציאַטיוו פון זיין זייט, האָבן מענדעלסאָנען געמאַכט פאַר אַ העלד און גרויסע פערזאָן פון אַ גאַנצן דור, אפילו לאַנג נאָך זיין טויט.

און ווייטער באַמערקט ער, אַז דער אַמאָליקער „רעטער פון מענטש־הייט" אָדער דער „דריטער משה" און נאָך אַזעלכע טיטלען מיט וועלכע מען האָט אים באַקליידט, איז, מיט דער צייט שפּעטער, נאָכדעם ווי די רעאַקציע און קעגנערשאַפט האָט זיך פאַרשפּרייט, אָנגערופן געוואָרן: דער באַטריבער פון פאָלק אָדער „עוכר ישראל". אין דער ווירקלעכקייט אָבער זענעןביידע מיינונגען וועגן אים נישט ריכטיק באַגרינדעט. ער איז געווען אַ גרויסער געלערנטער, מיט אַ גוטער נאַטור, אַן אידעלע נשמה, מיט אַ פיינעם גע־שמאַק, אָבער אָן גרויסע אַמביציעס צו באַשאַפן נייע וועלטן אָדער צעשטערן די אַלטע. ער איז מיט זיין צייט געווען איינס.

אונדזער איצטיקער דור, לויט די היסטאָרישע פאַקטן, קען אים אַ סך לייכטער פאַרשטיין און בעסער אָפּשאַצן. (14)

1897—1898

# דער פאליטישער ציוניזם

א. דר׳ הערצעל

ב. דער ערשטער קאָנגרעס און נאָך אים

ג. ווי ער פארשטייט ציוניזם

ד. שטענדיק אין קאמף

ה. וועגן צווייטן קאָנגרעס

ו. „יחיד ורבים" (קאָנגרעס אָדער פארלאמענט)

# פארשידענע פראבלעמען

א. „שנוי הערכין" (ניטשעס שיטה)

ב. דער סכסוך מיט „אחיאסף"

ג. דער דרייפוס־פראָצעס

# ד״ר הערצעל

### I.

דאָס יאָר 1897 איז באַוואוסט מיט די גרויסע געשעעענישן, וועלכע זענען פאָרגעקומען אין דעם יידישן לעבן איבעראַל. דער חבת־ציון פון אַמאָל האָט אָנגענומען גאָר אַ נייעם כאַראַקטער אין דער געשטאַלט פון דער נאַציאָנאַל ציוניסטישער באַוועגונג. דר׳ הערצעלס קליין ביכל „דער יודענ־שטאַט״ איז זייער שנעל פאַרשפרייט געוואָרן אויף פיל שפּראַכן אין אַ סך לענדער. אַנדערע האָבן זיך געהאַלטן קריטיש צו אַזאַ פאַנטאַסטישן פּלאַן און אַנדערע זענען געוואָרן זייער באַגייסטערט. אָבער אין אַ גאָר קורצער צייט נאָך דער דערשיינונג פונעם בוך, האָט זיך דער פּאָליטישער ציוניזם פאַרברייטערט און האָט שנעל אַרומגענומען אַלע שיכטן פון פאָלק. דער עיקר זענען צוגעשטאַנען די יונגע סטודענטישע פאַריינען אין מערב איירא־פּע און כמעט די גאַנצע משכילישע יוגנט פון רוסלאַנד און פּוילן. אויך די בעסטע און גרעסטע לייט פון די חובבי־ציון, און מיט זיי די מאַסן, האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין די רייען פון דער נייער באַוועגונג. דער רוף פון דר׳ הערצעל צום ערשטן קאָנגרעס, האָט אַרויסגערופן דעם גרעסטן ענטוז־יאַזם כמעט אין יעדער שטאָט וואו יידן האָבן נאָר געוואוינט. אחד העם האָט באַלד אַרויסגעוויזן זיין נעגאַטיווע שטעלונג צום פּאָליטישן ציוניזם, נאָך איידער דער קאָנגרעס איז זיך צוזאַמענגעקומען. אין דער צייט ווען אַלע זיינע פריינד און חברים זענען געווען איבערגליקלעך זיך צו פאַר־אייניקן מיט די נייע נאַציאָנאַליסטן, איז ער געווען דער יחיד צווישן זיי אין אויסדריקן אַזאַ ווידערשטאַנד צו דער באַוועגונג. עס איז שווער צו באַגרייפן זיין גאַנצע האַנדלונג אין דעם פאַל. אין אָנהויב איז ער נישט אַרויס עפנטלעך, נאָר ער האָט אַרויסגעוויזן זיין קעגנערשאַפט אין בריוו צו זיינע פריינד. אין פּעסימיסטישן טאָן שרייבט ער, אַז ער קען נישט פאַרטראָגן די קלינגענדע בשורות טובות, וואָס די יידישע פּרעסע צעטראָגט איבעראַל. אויף די טוערס און איניציאַטאָרן, וועלכע זענען באַשטאַנען מער־סטנטייל פון יונגע סטודענטן און וועלכע האָבן זיך באַשעפטיקט מיט דער אָרגאַניזירונג פון די וואַלן צום קאָנגרעס, האָט ער געקוקט ווי אויף

ייִנגלעך מיט אַ קליינעם פֿאַרשטאַנד. (15)

צו אַ צווייטן שרייבט ער, אַז דיפּלאָמאַטיע וועט קיין נוצן ברענגען פֿאַר ארץ ישראל, און זי קען נאָך ברענגען פֿיל שאָדן. זיין מיינונג איז, אַז אונדזער גאַנצע ארבעט זאָל באַשטיין נאָר פֿון באַזעצן דאָס לאַנד מיט איין קאָלאָניע נאָך דער צווייטער, ביז וואַנען עס וועלן זיך געפֿינען איבער הונדערט טויזנט ערד־ארבעטער פֿעסט איינגעאָרדנט. דעמאָלט וועלן מיר זיך פֿאַרנעמען מיט דיפּלאָמאַטיע, און אים אַרט נישט, אויב די ישועה וועט קומען מיט נאָך הונדערט יאָר שפּעטער. (16)

## דער ערשטער קאָנגרעס און נאָך אים

אחד העם גייט צום קאָנגרעס, ער פֿילט זיך דאָרטן, לויט זיינע אייגענע ווערטער, ווי אַן „אבל בין חתנים”. דער קאָנגרעס איז געווען פֿול מיט לעבן און ליכטיקע האָפֿענונגען אויף דער צוקונפֿט. יונגע לייט און סטודענטן פֿון פֿאַרשידענע לענדער האָבן מיט זייער ענטוזיאַזם געגעבן נאָך מער קאָליר און לעבעדיקייט צו דעם גאַנצן גלאַנץ פֿון די זיצונגען און ער זיצט איינזאַם, נעמט נישט קיין אָנטייל אין די דעבאַטן און אין דער אַרבעט, נאָר הערט און באַטראַכט אַלץ מיט זיינע שאַרפֿע קריטיקירנדע געדאַנקען.

דער קאָנגרעס פֿאַרענדיקט זיין אַרבעט, אַלע דעלעגאַטן און געסט צעפֿאָרן זיך מיט דער גרעסטער צופֿרידנהייט און זיכערהייט, אַז אַ נייע תקופה קומט אין דעם ייִדישן לעבן און דער נאַציאָנאַלער באַוועגונג. אחד העם אָבער קערט זיך צוריק אין זיין רעדאַקציע פֿון „השלח” מיט דעם גרעסטן פּעסימיזם און הויבט אָן פֿייערן מיט זיינע „ילקוט קטן”־מאמרים קעגן דעם גאַנצן פּאָליטישן ציוניזם און קעגן דער באַדייטונג פֿון קאָנגרעס אַליין. עס איז כדאי איבעצוגעבן, כאָטש בקיצור, די מאָטיוון פֿון זיין אָפּאָזיציע.

די איינציקע וויכטיקע זאַך, וואָס ער האָט געפֿונען אין קאָנגרעס, איז די עפֿנטלעכע דעמאָנסטראַציע פֿון אייניקע הונדערט ייִדישע פֿאָרשטייער,

וועלכע זענען זיך צוזאַמענגעקומען און מיט אַ הויכער, שטאָלצער שטימע דערקלערט אָפן פאַר דער וועלט, דעם געדאַנק פון דער היסטאָרישער נויטווענדיקייט פון אַ נאַציאָנאַלער יידישער היים אין ארץ ישראל. דאָס איז אַלץ, זאָגט ער, וואָס דער קאָנגרעס האָט געקענט אויפטאָן, און מער דאַרפן מיר נישט פאָדערן פון אים. דער חבת־ציון אָדער ציוניזם קען האָבן פאָרלויפיק נאָר איין ציל: אַ מאָראַלישן — זיך צו באַפרייען פון אונדזער אינערלעכער קנעכטשאַפט, וועלכע די אַסימילאַציע האָט אונדז פאַרשאַפט, און אויך פאַרשטאַרקן אונדזער נאַציאָנאַלע אחדות דורך פאַראייניקטער אַרבעט אין אַלע צווייגן פון פאָלקס לעבן, כדי מיר זאָלן זיין צוגעגרייט פאַר אַ פרייער און ערלעכער צוקונפט פון אַ נאַציע.

אַנדערע קעגנער פון דעם „יודענשטאַט" דריקן אויס צווייפל, אויב עס איז פּאָליטיש מעגלעך, אַז מיר זאָלן קריגן די צושטימונג פון די פעלקער און אויך פון טערקיי צו אַ יידיש לאַנד. אָבער, לויט זיין מיינונג, שטייט דאָ נאָך אַ סך אַ גרעסערע פראַגע — אויב אפילו מיר זאָלן שוין יאָ קריגן די נויטיקע דערלויבעניש, זענען מיר יידן נאָך נישט גענוג צוגעגרייט און גייסטיק פעיק צו איבערנעמען אזא פראָיעקט. נאָך מער, זאָגט ער: זאָלן מיר זיך פאָרשטעלן, אַז אַלץ וועט אַרויסקומען ווי געהעריק און מיר וועלן שוין זוכה זיין צו אַ יידישן שטאַט, קענען מיר נאָך אַלץ נישט דענקען, אַז מיט דעם וועט די יידישע פראַגע זיין פולקאָם פאַרענטפערט און מיר וועלן דערגרייכן אונדזערע נאציאָנאלע שטרעבונגען. א לאנד, וועלכעס מיר וועלן דערוואָרבן דורך פּאָליטישע מאַכינאַציעס און דיפּלאָמאַטישע דרייד־לעך, וועט שטענדיק זיין אָפּהענגיק פון דעם קאַפּריז פון די האַלב־ווילדע אַרומיקע שכנישע פעלקער, וועלכע קענען צו יעדער צייט אונדז פאַרניכטן. אַזאַ אומבאַשטימטער צושטאַנד קען נישט זיין קיין באַדייטנדע באַלוינונג פאַר אונדזער אַלט פאָלק, וועלכעס האָט דורכגעמאכט אַזוי פיל אומדער־טרעגלעכע צרות אין דעם לאַנגן גלות. די נביאים, ווען זיי האָבן גערעדט צום פאָלק וועגן דער שלימותדיקער צוקונפט און זעלבסטשטענדיקן נאַ־ציאָנאַלן לעבן, האָבן זיי דערמאָנט די נביאות פון „באחרית הימים", ווען צדק און גערעכטיקייט וועלן הערשן אויף דער גאַנצער וועלט און דעמאָלט „ישכון גם ישראל לבטח בארצו".

ער פאַרענדיקט זיין מאמר מיט אַ תפלה, אין וועלכער ער בעט דעם שר של שכחה, אַז מיר זאָלן פאַרגעסן די אַלע דרשות און פארהאַנדלונגען אויף

דעם קאָנגרעס, נאָר איין זאַך זאָלן מיר שטענדיק געדענקען: דעם גרויסן מאָמענט, ווען אַלע דעלעגאַטן זענען געווען פּאַראַייניקט אין דער הייליקער שעה און האָבן זיך צוגעהערט צו דעם גרויסן מנהיג, ווען ער איז געשטאַנען אויף דער בימה און גערעדט צו זיי וועגן „אחדות ישראל", ווי אַן אַמאָליקער נביא. ווייל די יידישע ישועה וועט קומען באמת נישט דורך דיפּלאָמאַטיע, נאָר דורך דעם וועג פון די נביאים. (17)

אויך אין זיין פּריוואַטער קאָרעספּאָנדענץ האָט ער פיל קריטירט דעם פּאָליטישן ציוניזם און דעם קאָנגרעס. פאַר איינעם פון זיינע פריינד שטעלט ער פאָר דעם ערשטן קאָנגרעס ווי אַ קינדער־שפּיל. די מערסטע דעלעגאַטן זענען געווען יונגעלייט, נאָכגעגאַנגען ווי בהמות נאָכן פּאַסטוך. ער האָט די יונגט און די יונגע באַוועגונג זייער שלעכט באַגריפן. רעדנדיק מיט הערצלען אין באַזעל איז ער געקומען צום אויספיר, אַז דער גאַנצער פּאָליטישער ציוניזם האָט גאָר קיין באַדייטונג, און אַז מיט דעם וועט נאָך די לאַגע אין ארץ ישראל פיל פאַרערגערט ווערן. (18)

זיינע באַציאונגען צום ציוניזם זענען נישט געווען אָפּטמאָל זייער איבערקלויבעריש. ער רופט אָן, למשל, די סטודענטישע יוגנט, וועלכע איז צוגעשטאַנען צו דער ציוניסטישער באַוועגונג: דער „ערב רב". הערצלען רופט ער „משיח" און „די וועלט" (ציוניסטישער אָרגאַן) די „תורה"(19). עס זענען דאָ נאָך מערביישפּילן פון דעם סאָרט, און עס איז דערפאַר גאָר קיין וואונדער נישט, וואָס זיין קעגנערשאַפט האָט אַרויסגערופן אַ גרויסן טומל. ד'ער „המליץ" איז געוואָרן זיין גרעסטער קעגנער און זייער אָפט האָט מען געקענט באַמערקן דאָרטן שאַרפע אַרטיקלען קעגן אים. אַזאַ צושטאַנד האָט זייער שלעכט געווירקט אויף אים. ער באַקלאָגט זיך, אַז מען פאַרשטייט אים זייער שלעכט, מען איז אים חושד אין געדאַנקען, וועלכע ער האָט קיינמאָל נישט אויסגעדריקט. אַנדערע, זאָגט ער, זענען אים חושד, אַז זיין קעגנערשאַפט צום ציוניזם שטאַמט פון קנאה, ווייל הערצל איז אַזוי גרויס געוואָרן ביי יידן. ער רופט זיי נידעריקע נפשות, וועלכע ווילן אים נישט פאַרשטיין. (20)

פון דער צווייטער זייט, ווען מען באַקענט זיך נענטער מיט זיין כאַראַקטער און מען דרינגט אַריין טיפער אין זיין נאַטירלעכער אייגנשאַפט און נשמה, איז לייכט צו פאַרשטיין, פאַרוואָס ער האָט אָפט גערעדט מיט אַזוי פיל פאַרביטערטקייט קעגן דעם פּאָליטישן ציוניזם. ער אַליין זאָגט,

אַז ער איז נישט פעיק פאַר פּאָליטישע מאַניערן. לויט זיין נאַטור איז ער נישט געווען קיין אַגיטאַטאָר אָדער דיפּלאָמאַט. ער האָט שטענדיק אויסגעדריקט זיך: „זאָג דעם אמת", כדי נישט צו פאַרקריכן אויפן פאַלשן וועג. זיין פּינקטלעכקייט האָט אים געבראַכט דערצו, אַז ער זאָל נישט קענען פאַרטראָגן אויסדרוקן, וועלכע ווערן באַנוצט אין דער אַגיטאַטאָרישער אָדער דיפּלאָמאַטישער שפּראַך. ער האָט שטענדיק געזען אין דעם סאָרט שרייבן און ריידן, אַז דער אמת פעלט דאָרטן, מען וואַרפט אָן אַ סך הבטחות און דערנאָך איז מען נישט מקיים, און אַזוי איז ער אויך געווען אין זיין אַלטעגלעכן לעבן. ביי יעדער אונטערנעמונג און אַקציע האָט ער געפאָדערט קלאָרקייט. (21)

## ווי ער פאַרשטייט ציוניזם

דער גרויסער רעש, וועלכער איז אַנטשטאַנען דעמאָלט אין דער פּרעסע, ספּעציעל אין „המליץ", וועגן זיין שאַרפער קריטיק קעגן דעם קאָנגרעס און ציוניזם בכלל, האָט אויך אויף אים נישט ווייניקער געווירקט. ער האָט זיך אַרומגעקוקט, אַז ער איז אַביסל צו ווייט פאַרגאַנגען מיט זיינע ביטערע אויסדרוקן. אין „השלח", כרך ג', 1898, גייט ער אַרויס עפנט־לעך מיט אַ גרויסן מאמר אין וועלכן ער האָט חרטה אויף זיינע שלעכטע דבורים. ער בעט דאָרטן, אַז מען זאָל נישט טראַכטן, אַז ער האָט געמיינט אימיצן באַליידיקן, ווייל אַזאַ טאַט איז דאָך שטענדיק קעגן זיין נאַטור און אַזעלכע מיטלען באַנוצט ער קיינמאָל נישט. ער האָט זיך נאָר דעמאָלט נישט פאַסיק אויסגעדרוקט אין דעם ערשטן הייסן מאָמענט און איצטער זעט ער, ווי ער איז באַגאַנגען אַ פעלער. אָבער ער בייט נישט זיין מיינונג און ער שטייט פעסט ביי זיינע פּרינציפּן. מען דערציילט מיר, זאָגט ער, אַז די גאַנצע יידישע וועלט איז פול מיט שירה און האַרמאָניע, נאָר איך בין דער איינציקער, וואָס וויל שווימען קעגן שטראָם. ווייל איך דערפאַר איצט

מאַכן אַביסל קלאָרער און מער דייטלעך מיין געדאַנק, וועלכן איך האָב פריער אויסגעדריקט:

„נאָך דעם ווי דער קאָנגרעס האָט זיך געענדיקט, איז לייכט צו באַמערקן אַ נייע דערשיינונג אין דעם יידישן לעבן. דער אַמאָליקער נאַציאָנאַלער אידעאַל האָט זיך געביטן אויף אַ מין משיח־באַוועגונג. די גרויסע עסקנים און די בעסטע אגודות,ביי וועלכע דאָס שטיצן פון די קאָלאָניעס, פועלים אָדער די בתי הספר, איז געווען אַן עולם ומלואו און דורכגעדרונגען מיט דעם אידעאַל פון „ישוב ארץ ישראל", זענען איצט אינגאַנצן אָפּגעשטאַנען אין זייער אידעאַליסטישער אַרבעט. מען האַלט דרשות און לויבגעזאַנגען צו די נייע גרויסע פירער פון די מערב־לענדער, די צוקונפטיקע וועג־ווייזער פון אונדזער גאולה, מיט דעם געדאַנק, אַז מיר דאַרפן גאָרנישט טאָן און די ישועה וועט שוין קומען דורך זיי. ווייטער ווייזט ער, אַז „די וועלט", ברענגט אויסצוגן פון פאַרשידענע צייטונגען אין אַלע אייראָפּעישע שפּראַכן, וועלכע האָבן באַהאַנדלט דעם גאַנג פון קאָנגרעס, און צווישן זיי געפינען מיר נישט קיין באַריכט פון די העברעישע צייטונגען. דאָס אַלץ מאַכט דעם איינדרוק, אַז אונדזער אַרבעט פון פריער ווערט נישט גענומען אין באַטראַכט און אַלץ וואָס מיר פאַרנעמען זיך צו טאָן איצט, איז אַ נייער געדאַנק, צו וועלכן יידיש אָדער העברעיש האָט נישט קיין שליטה".

ער לויבט זייער שטאַרק מאַקס נאָרדויס רעדע, אין וועלכער ער האָט שאַרף אַנאַליזירט דעם שרעקלעכן יידישן שמערץ אין דער גאַנצער וועלט. אין אייניקע לענדער איז דער מאַטעריעלער צושטאַנד זייער קריטיש און אין אַנדערע, איז דאָס גייסטיקע לעבן פון די יידן נישט אָמבעסטן. ער איז מסכים צו אַלץ, וואָס דר' נאָרדוי האָט גערעדט, אָבער, פרעגט ער, וואָס איז דער ענטפער צו דער יידישער צרה? די „מדינת־היהודים"־אידעע קען דאָך נישט פאַרענטפערן באַלד די איצטיקע ווייטאָקדיקע פראַגן, סיידן מיט נסים און משיח־צייטן. מיר מוזן דאָך אַלע מודה זיין, אַז דאָס בויען אַ נייע מדינה פאַר אַ פאָלק קען נישט דורכגעפירט ווערן אין איילעניש און מיט קפיצת הדרך. די אַרבעט קען נאָר געטאָן ווערן לאַנגזאַם און דאַרף זיין צוגעפּאַסט צו דער אַנטוויקלונג פון לעבן און פון דער צייט. נאָר דער דת און אמונה קענען צוזאָגן אָדער פאָרשטעלן אַ גאולה פון נסים. אָבער פראַקטיש גערעדט, וועט דאָך נאָר אַ קליינער טייל פון די יידן האָבן די מעגלעכקייט זיך צו באַזעצן אין דער „מדינת היהודים" און דער רוב פון

פאָלק איבער דער גאַנצער וועלט וועט נאָך אַלץ ליידן.

מיר חובבי ציון, זאָגט ער, ווען מיר האָבן אָנגעהויבן בויען קאָלאָניעס, האָבן אויך געהאַט דיזעלבע מאָטיוון אין אונדזער פּראָגראַם: געבן אַן ענט־פער אויף אונדזער גשמיותדיקע און גייסטיקע צרות, און ווען מיר זענען געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז מיר זענען נאָך צו ווייט מיט אונדזער אַרבעט צו פאַרענטפערן די מאַטעריעלע זייט פון אונדזער פּראָבלעם, זענען מיר נישט אָפּגעשטאַנען אין אונדזער אַרבעט, נאָר מיט פיל מער ענערגיע זעצן מיר פאָר אונדזער אויפגאַבע און זוכן צו געבן אַ לייזונג צו דער רוח־ניות פראַגע פון אונדזער יידישן לעבן. ביי אונדז מזרח־יידן איז די פראַגע ווי צו לעזן „די יידישע צרה”, און ביי די מערב־יידן שטייט אויפן טאָג־אָרדענונג „די יידן צרה”, און אין דעם ליגט דער אונטערשיד. מיר זוכן צו עטאַבלירן אין ארץ ישראל, דערווייל אַ יידישן קבוץ, וועלכער זאָל באַשטיין פון מענטשן מיט אַ געזונט מאַטעריאַל און גייסטיק יידישן לעבן און וועלכער זאָל זיך, מיט דער צייט, פאַרקערפּערן אין אַ הויכן אידעאַלן יידישן צענטער, וועלכער זאָל פאַרשפּרייטן זיין ווירקונג אויף דעם גאַנצן גלות און פון ציון זאָל אַרויסגיין די קראַפט פאַר „אחדות ישראל”. און דעמאָלט, ווען די נאַציאָנאַלע יידישע קולטור וועט דאָרט דערגרייכן איר העכסטע שטופע, זענען מיר פאָלקאָם זיכער, אַז זי וועט אַרויסברענגען געניג פעיקע לייט, וועלכע וועלן באַזיצן די קראַפט צו גרינדן אַ פּאָליטיש לעבן, זעלבסטשטענדיק און אומאָפּהענגיק, און בילדן נישט נאָר אַ יידן־לאַנד, נאָר אויך אַ „יידיש לאַנד”. דער אונטערשיד אין דער דיפּלאָמאַטיע צווישן די חובבי־ציון און די מערב יידן, איז גלייך צו דעמזעלבן מצב פון אַמאָל אין חורבן בית־שני־צייטן. די „קנאים מדינים” האָבן נישט פאַר־שטאַנען דעמאָלט די באַדייטונג פון „יבנה של ר׳ יוחנן בן זכאי”־געדאַנק. די אידעע פון אַ פאָלקס־פּאָליטיק מוז זיין באַזירט אויף דער נאַציאָנאַלער קולטור, וועלכע פאַרבינדט דאָס פאָלק מיט דעם עבר, כדי אויפצוהאלטן זיין היסטאָרישן גאַנג פאַר דער צוקונפט.

„דער חבת־ציון געדענקט נאָך גוט דעם היסטאָרישן פּראָצעס פון מלכות בית הורדס, ווען ארץ ישראל איז נאָך געווען אַ מדינה פאַר יידן און דאָס יידישע גייסטיקע נאַציאָנאַל־קולטורעלע לעבן איז געוואָרן צו שאַנד און פאַרטוישט אויף אַ רוימישן. אַזאַ לאַגע ווילן מיר בשום אופן נישט דורכמאַכן נאָכאַמאָל”.

הערצעל האָט אפילו אויך דערמאָנט אויפן קאָנגרעס, אַז ציוניזם פאָדערט מען זאָל זיך פריער אומקערן צום יהדות, איידער מיר וועלן גיין אין אַ יידיש לאַנד, אָבער זיינע ווערטער זענען געבליבן נאָר אַ שיינע מליצה. דער קאָנגרעס האָט באַהאַנדלט די קולטור־פראַגע צו גוילה, ווען אַלע דעלעגאַטן זענען שוין געווען פאַרמאַטערט און פיל האָבן זיך געפּאַקט אין וועג אַריין און געוויינטלעך, ווי אמתע דיפּלאָמאַטן, האָט מען דעם גאַנצן ענין איבערגעגעבן צו אַ קאָמיסיע און מיט דעם האָט זיך אַלץ געענדיקט.

ווייטער ווייזט ער אָן, ווי דער קאָנגרעס מיט הערצעלס ציוניות זענען נישט דורכגעדרינגען מיט דעם נאַציאָנאַלן יידישן גייסט. דערפאַר האָט ער מורא, אַז אין פאַל ווען ס'וועט פאָרקומען אַן אַנטוישונג אין די דיפּלאָמאַטישע דריידלעך, זאָל דורכדעם דער גאַנצער נאַציאָנאַלער געדאַנק נישט פאַרלירן זיין ריכטיקן וועג.

## שטענדיק אין קאַמף

איינע באַוואוסטע העברעישע שרייבער און פּאָליטישע געלערנטע האָבן טיילווייז יאָ איינגעשטימט מיט זיין קעגנערשאַפט צום ציוניזם. ער האָט געפירט אַ גרויסע קאָרעספּאָנדענץ מיט זיי וועגן די אַלע ברענענדיקע פראַגן. אין זיינע בריוו צו זיי פלעגט ער זיך אויסדריקן אַ סך שאַרפער און מיט מער ביטערקייט. עס איז כמעט שווערלעך צו גלויבן, אַז ער, דער מאָדערנער מענטש, מיט זיין ערלעכער און רויקער נאַטור, זאָל זיך דערלויבן אַזעלכע דבורים. ווי צום ביישפּיל: די ציוניסטן גייען אויפבויען אַ פאָלק און מיט דער דאָזיקער אַרבעט צעשטערן זיי דעם יהדות. אָדער: דער ציוניזם קומט נישט ראַטעווען דעם יהדות מיט דעם בויען פון ארץ ישראל. (22)

מאמרים, וועלכע אַנטהאַלטן קריטיק אויף דעם פּאָליטישן ציוניזם, אָדער אויף די ליטעראַרישע ווערק פון דר׳ הערצעל, ווי צום ביישפּיל, זיין באַוואוסטן ראָמאַן, האָט ער גלייך מיט דעם גרעסטן פאַרגעניגן געגעבן

פלאַץ אין „השלח״ און זיי געלויבט פאַר דער גוטער אַרבעט. (23)

הערצעל פלעגט רעדן וועגן עפנטלעכע רעכטלעכע גאַראַנטיעס אויף די קאָנגרעסן. נאַטירלעך איז דאָס געווען אַ לאָזונג לויט דיפּלאָמאַטישער שפּראַך. ביי אחד העם, צוליב זיין ערלעכן, און צייטנווייז צופיל אמתדיקן שטאַנדפּונקט זיינעם, איז אויסגעקומען, אַז מיט אַזעלכע דבורים, ווען מען האָט נישט די ריכטיקע פאַרזיכערונג פון דער טערקישער רעגירונג, פאַר־פּירט מען דאָס פאָלק אויף אַ פאַלשן וועג. (24)

דער פּאָליטישער ציוניזם האָט זיך, וואָס אַמאָל מער פאַרשפּרייט אין אַלע לענדער. זיינע חברים און פיל פון זיינע בעסטע תלמידים האָבן אָנ־געהויבן צוביסלעך זיך דערווייטערן פון אים. זיי האָבן קיינמאָל נישט געדענקט וואָכעדיק מאַכן, אָדער זיך אָפּזאָגן פון דעם נאַציאָנאַלן גייסט, נאָר זיי האָבן זיך איבערצייגט, אַז די צייט איז געקומען פאַר גרויסע מעשים און מען מוז אַלץ אָנווענדן, כדי זיך דערנענטערן צו דער פּראַקטי־שער אַרבעט פון אונדזער אידעאַל. עס איז אמת, אַז פיל פון די נייע צו־געקומענע אין דעם ציוניסטישן לאַגער זענען מער וואָכעדיק ווי אידעאַ־ליסטיש, אָבער זיי האָבן דאָס באַטראַכט אַלס אַ פאָלקס־ און מאַסן־באַוועַ־גונג, וועלכע באַשטייט שטענדיק פון פאַרשידענע שאַטירונגען און קאָלירן. די אַנטוויקלונג פון לעבן וועט וואָס ווייטער קריסטאַליזירן די אַרבעט, ביז וואַנען מען וועט דערגרייכן דעם ציל. אחד העם איז געגאַנגען קעגן שטראָם און די באַוועגונג איז געגאַנגען וואָס מער פאָרווערטס, אַזוי אַז מיט יאָרן שפּעטער איז ער אויך אַריינגעצויגן געוואָרן אין דעם זעלבן שטראָם. מיט דער צייט האָט ער געביטן זיין שטרענגן און שאַרפן טאָן, און זיין שרייבן האָט אָנגענומען אַ מער קאָנסטרוקטיוון כאַראַקטער. עס האָט אים טאַקע גענומען פיל יאָרן צו ענדערן זיין טאַקטיק און ביים סוף פון דער וועלט־מלחמה זעען מיר אים אַלס איינער פון די הויפּט יועצים און העלפער אין דער באַשאַפונג פון דער באַלפור דעקלאַראַציע, וועגן וועלכער מיר וועלן ווייטער שרייבן.

# וועגן צווייטן קאָנגרעס

צום צווייטן קאָנגרעס איז ער נישט געפאָרן. אַ דעלעגאַט צו פאַר־טרעטן אַ ציוניסטישע אגודה האָט ער נישט געקענט זיין, צוליב זיין אַבסאָלוטער קעגנערשאַפט צום פּאָליטישן ציוניזם און פאָרן אַלס גאַסט, הערן און שווייגן, זאָגט ער, לוינט נישט די גאַנצע טרחה. אָבער צו דער באַוואוסטער וואַרשעווער ציוניסטישער קאָנפערענץ איז ער געגאַנגען מיט דעם גרעסטן ווילן. ער האָט זיך געפילט היימיש צווישן אייגענע — די אַלטע גוואַרדיע פון די „חובבי־ציון". פּראַקטיש האָט די אספה גאָרנישט געקענט אויפטאָן, נאָר מאָראַליש האָט זי, לויט זיין מיינונג, דערגרייכט איר ציל. דער ריינער „חבת־ציון" געדאַנק איז זייער שטאַרק באַטאָנט געוואָרן צווישן דער יוגנט אויף אַלע זיצונגען און אויך אין אַלע רעזאָלוציעס וועגן דער קולטור־אַרבעט צווישן די מאַסן. פונדעסטוועגן איז ער נאָך אַלץ געווען אומרויק און נישט זיכער, אויב דער קאָנגרעס וועט די רעזאָלוציעס דורכפירן.

ווען דער צווייטער קאָנגרעס האָט יאָ אָנגענומען אַלע וואַרשעווער באַשלוסן וועגן קאָלאָניזאַציע אין ארץ ישראל און קולטור־אַרבעט אין גלות, האָט ער חושד געווען דעם ווינער אַקציאָנס־קאָמיטעט, אַז ער וועט שטערן אין דער דורכפירונג פון די באַשלוסן אין לעבן, אין פאַל זיי וועלן נישט שטימען מיט דעם „הערצעל־דיפּלאָמאַטיע" פּראָגראַם. אַזוי פלעגט ער זיך אויסדרוקן.

אין זיינע וכוחים מיט די פּאָליטישע ציוניסטן פלעגט ער אָפטמאָל איבערטרעטן די געדולד פון אַנדערע. זיינע באַמערקונגען זענען געווען בייסנדיק און שאַרף, און מיט דעם פלעגט ער אַרויסרופן דעם צאָרן פון פיל ציוניסטן, וועלכע האָבן דאָס באַטראַכט אַלס באַליידיקונג. אָבער אין דער אמתן איז דאָס געווען אַן אומזיסטער חשד. מען האָט אים אָפט שלעכט פאַרשטאַנען, ווייל ער מיט זיין ערלעכער נאַטור איז געווען זייער ווייט פון פערזענלעכע באַליידיקונגען.

# „יחיד ורבים" (קאנגרעס אדער פארלאמענט)

אין זיין קריטיקירן די דיפלאָמאַטישע טענדענצן פון דער ציוניס־טישער באַוועגונג פלעגט ער אָפט אַרויסזאָגן בייסיקע באַמערקונגען וועגן דעם „פּאַרלאַמענטאַריזם", מיט וועלכן די ציוניסטישע אגודות האָבן זיך אַזוי מתעסק געווען אויף פאַרזאַמלונגען. אין זייערע פאַרהאַנדלונגען, זאָגט ער, האָבן זיי אָפטמאָל פאַרגעסן דעם „עיקר הדבר", די ציוניות זעלבסט. פיל פאַרדרוס און פאַרביטערונג האָט זיך געהערט קעגן אים: אַז ער מאַכט כלומרשט חוזק פון אונדזער ערשטן פּרוּוו צו געניסן פון אַ פאַרלאַמענטאַ־רישער אָרדענונג, וועלכע גיט אונדז די מעגלעכקייט אַרומצורעדן אונדזערע נאַציאָנאַלע אינטערעסן אויף אַ מאָדערנעם אופן.

האָט ער, דעריבער, געפונען פאַר נויטיק אַרויסצוגיין וועגן דעם מיט זיין מאמר „יחיד ורבים", אין וועלכן ער גיט אַ קלאָרע מיינונג וועגן זיין שטאַנדפּונקט בנוגע די ווערט און באַדייטונג פון אַ פאַרלאַמענט, וועלכער האָט זיך לכתחילה געגרינדעט אַלס אַ דעמאָקראַטישע אינסטיטוציע פאַר דעם ווילן פון דער געזעלשאַפט, און האָט אין דער לעצטער צייט פאַרלוירן זיין חן און די גייסטיקע באַדייטונג ביי די מערסטע קולטורעלע פעלקער. וואָס ווייטער, קומט מען אַלץ מער צו דער איבערצייגונג, אַז דער פאַר־לאַמענט פאַרענטפערט נישט דעם הויפּט־צוועק, צוליב וועלכן ער איז באַשאַפן געוואָרן, אַלס דער באַשיצער פון אמת און גערעכטיקייט און אַלס פאָרשטייער פונעם פאָלק. די אויסגעוויילטע דעלעגאַטן אין רוב, באַ־קליידן נישט זייער ריכטיקן אַמט, וועלכן זיי האָבן באַקומען דורך פאַרשי־דענע דריידלעך און פאָליטישע מאַכינאַציעס, דורך דער מאַכט פון איינציקע, „שטאַרקע יחידים" און ממילא רעדן זיי שוין נישט אין די אינטערעסן פון פאָלק און מאַסן. זייער שטרעבונג איז נאָר צו זוכן וועגן און מיטלען, ווי צו באַשיצן די קליינע גרופּע לייט, וואָס האָבן זיי געהאָלפן דערוויילט ווערן. אַזאַ צושטאַנד ברענגט מיט זיך זייער נישט אָנגענעמע רעזולטאַטן. די מערסטע דעלעגאַטן זענען צוזאַמענגעשטעלט פון מיטלמעסיקע מענטשן, מיט ווייניק פעיקייט, וועלכע זענען גאָר נישט פּאַסיק פאַר אַזאַ פאַראַנט־

וואָרטלעכער אַרבעט.

„אַנדערע גרויסע פאָרשער — זאָגט ער ווייטער — און באַוואוסטע קריטיקער, ווי מאַקס נאָרדוי אַליין אין זיין בוך „פּאַראַדאָקסן", זענען נאָך פיל שטרענגער אין זייער קריטיק און אָפּשאַצונג וועגן דעם ווערט פון פּאַרלאַמענט. זייער מיינונג איז, אַז די אויסגעוויילטע זאָלן אפילו זיין פון דעם בעסטן אויסגעקליבענעם עלעמענט פון פאָלק, איז אויך דעמאָלט אַ גרויסער צווייפל, אויב זייערע באַשלוסן קענען ברענגען די געוואונטשטע געזעצן פאַרן גוטס פון דער געזעלשאַפט. זייער פעסטע איבערצייגונג, פון דעם געזעלשאַפטלעכן פּסיכאָלאָגישן שטאַנדפּונקט, איז, אַז ווען אַ גרויסע פאַרזאַמלונג, אפילו פון די בעסטע און פעיקסטע גרויסע מענטשן, וועלכע מען וואָלט געקענט פאַרגלייכן צו אַ געטע, קאַנט, שעקספּיר א. ד. גל., קומען זיך צוזאַמען, כדי צו באַשליסן געוויסע פּראַקטישע אָנגעלעגנהייטן, ווערן זיי אַלע גלייך פאַרוואַנדלט צו אַ מדרגה פון געוויינטלעכע מיטלמעסיקע אָדער פּראָסטע מענטשן. די סיבה פאַר דעם איז, דאָס יעדער פּערזענלעכקייט באַזונדער אין דער פאַרזאַמלונג, איז שטענדיק אין דער מינדערהייט און אַזוי ווערט יעדער באַזונדער בטל און פאַרלוירן אין דער מאַיאָריטעט. די איינציקע זאַך, וואָס קען אַלעמען גלייך פאַרבינדן, איז נאָר דער איינפאַכער מענטשלעך־גייסטיקער אינסטינקט און געדאַנק, וואָס געפינט זיך ביי אַלע מענטשן אין דערזעלבער מאָס און דורך דעם קענען זיי אַלע צוזאַמען נישט שאַפן קיין גרויסקייט און מאַנכע מאָל אפילו גערעכטיקייט. אָדער בעסער געזאָגט: די אַלגעמיינע מענטשלעכע אייגנשאַפט, פון דער מאַיאָריטעט, שטייגט איבער דעם פּערזענלעכן גייסטיקן פאַרמעגן פון יעדן איינעם באַזונדער. דער „יחיד" מוז זיך אונטערוואַרפן צום „רבים" לויט דעם געזעץ פון דער געזעלשאַפטלעכער נאַטור.

„אַנדערע חכמים האָבן זיך נאָך טיפער אויסגעדריקט אין זייערע קריטיקירנדיקע געדאַנקען וועגן פאַרלאַמענט און אספות בכלל, אַז דער גרעסטער חסרון איז, וואָס די באַשלוסן, נאָך פיל דיסקוסיעס, זענען אָפט־מאָל זייער פלאַך און פאַלש. אויף אַ גרויסער פאַרזאַמלונג פון עטלעכע הונדערט מענטשן, וואו אַ רעדנער מיט זיין פייערדיקער שפּראַך האַלט דעם גאַנצן עולם אין שפּאַן, צווינגט ער זיי צו טראַכטן לויט דער באַגייסטע־רונג וואָס זיין רעדע ברענגט אַרויס אין זיי. יעדער איינער פון די צוהערער איז נישט אימשטאַנד צו דענקען לאָגיש, נאָר ער ווערט באַהערשט פון

צווייטנס באַגייסטערונג און גייסטיקער אויפרעגונג. דעמאָלט איז דער געדאַנק פון דער גאַנצער פאַרזאַמלונג, פּסיכאָלאָגיש, נאָר אַ רעזולטאַט פון אַ רירנדיקער באַגייסטערונג, וואָס גיט נישט אין אַזאַ מאָמענט, נאַטירלעך, די מעגלעכקייט צו באַשליסן ריכטיק און לאָגיש".

„דאָס איינציקע וואָס קען ראַטעווען אַזאַ סיטואַציע ביי אַ מאַסנפאַרזאַמלונג, איז נאָר ווען עס דערשיינט אַ גרויסער מענטש מיט אויסערגעוויינטלעכער פעיקייט און גייסטיקער קראַפט, וועלכער קען קאָנטראָלירן דעם גאַנג פון דער אסיפה און אַלע פאַרזאַמלטע בויגן זיך צו זיין ווילן. נאָר אַזוי איז מעגלעך צו דערגרייכן קלאָרע, ריכטיקע רעזולטאַטן פאַר דעם וואוילזיין און צוועק פון דער פארזאמלונג. אַזאַ דערשיינונג קומט פאָר אין פיל מאָדערנע פאַרלאַמענטן ביי פאַרשידענע פעלקער אין דער לעצטער צייט".

דעריבער קענען מיר נישט צופיל אָנקלאָגן דעם פירער פון ציוניסטישן קאָנגרעס, אַז ער באַגייט זיך מיט דער אַרבעט ווי אַ מושל יחידי און אַלע דעלעגאַטן שטימען שטענדיק איין צו זיינע רייד און פאָרשלאַגן, ווייל אין מאַסן־פּסיכאָלאָגישן צושטאַנד איז קיין אַנדערער וועג נישטאָ, אַז דער קאָנגרעס זאָל קענען עפּעס וויכטיקס און קאָנסטרוקטיוועס אויפטאָן. דאָס איינציקע וואָס מען קען זאָגן קעגן דער פירונג און פּראָצעדור פון אונדזער קאָנגרעס איז, אַז זיין אונטערגעבן זיך צו דעם ווילן פון „יחיד" קומט נישט אַרויס נאַטירלעך, אַלס אַ נויטווענדיקע דערשיינונג אין דעם לעבן און אַנטוויקלונג פון אַ פאַרלאַמענט, נאָר די אַלע פאַרהאַנדלונגען קומען פאָר מעכאַניש, און דורך פאַרשידענע תחבולות ווערט אַלץ איבערגעגעבן אין די הענט פון „איינעם".

„אָבער נאָך אַלעמען איז אונדזער קאָנגרעס־אינסטיטוציע אַ זייער וויכטיקער אינסטרומענט פאַר זעלבסט־אויסדרוק אין אונדזער נאַציאָנאַלער באַוועגונג. אונדזער פאַרלאַמענט האָט טאַקע זיינע פעלערן, וואָס איך באַמערק אָפט אין מיינע מאמרים, אָבער פון דער אַנדערער זייט מוזן מיר אונטערשטרייכן די וויכטיקייט און גרויסן נוצן זיינעם פאַר אונדז". (31)

# „שנוי הערכין״ (ניטשעס שיטה)

### II.

צווישן דעם משכילישן עולם, דערהויפט צווישן די יונגערע, האָט זיך אין יענער צייט באַוויזן אַ גרויסע נייגונג צו ניטשעס פילאָזאָפיע און זיין תורה. אפילו העברעישע פובליציסטן און באַגאַבטע שרייבער האָבן אָפּגעגעבן פיל צייט צו לייענען און שטודירן זיינע שאַפונגען. במשך פון אַ קורצער צייט האָט זיך אַנטוויקלט אַ באַוועגונג, וואָס האָט געפאָדערט, אַז דער יהדות זאָל זיך אויך צופּאַסן צו דער נייער אויפפאַסונג פון לעבן בכלל און דער מענטשהייט בפרט. ביי די יונגע, ווי אחד העם פלעגט זיי רופן, די פאַרערער פון ניטשעס תורה, איז אויסגעקומען, אַז מען דאַרף אַריינברענגען אין דעם יידישן געדאַנק אַ נייע פילאָזאָפיע פון אַ בעסערער און מאָדערנער שיטה אַזוי, אַז אַלץ זאָל ווערן איבערגעענדערט. דאָס שלאָגוואָרט פון דער באַוועגונג איז געווען: „שנוי הערכין״ — ענדערן די באַגריפן פון יהדות און אָננעמען אַ נייע אָפּשאַצונג פון לעבן לויט ניטשעס פילאָזאָפיע. מיט אַנדערע ווערטער, דער יהדות זאָל אויפגעבן די אַלטע באַגריפן, אַז דאָס לעבן פונעם מענטשן איז געבויט אויף דער מאָראַל פון יושר וצדק אָדער רוחניות, נאָר גראָד דער היפוך, דער תכלית פונעם מין „מענטש״ איז צו שטרעבן צו דערווערבן פאַר זיך וואָס מער און בעסערע מאַטעריעלע אינטערעסן, אומאָפּהענגיק צי ס'איז אויפן חשבון פון צווייטן.

דער מער אָנגעזעענער פון די העברעישע שרייבער און דערהויפּט פון דער נייער באַוועגונג צו יענער צייט, איז געווען מר מיכה יוסף בערדיטשעווסקי. ער האָט פיל געשריבן וועגן דעם אין דער פרעסע און אויך אין „השלח״, אַלעס געבויט אויף דער אידעע פון „האדם העליון״, ווי ניטשע רופט עס (איבערמענטש). און דאָ איז אחד העם מיט אים געקומען צו אַ שטאַרקן קאָנפליקט.

עס וועט זיין כדאי איבערצוגעבן איניקע געדאַנקען זיינע, דורך וועל־כע ער האָט געזוכט צו איבערצייגן זיי, ווי פאַלש עס איז צו נעמען ני־טשעס תורה און וועלן צופּאַסן זי צום יהדות.

אַנאַליזירנדיק ניטשעס שיטה פון „שנוי הערכין", האָט ער עס צע־טיילט אין צוויי פונקטן: דאָס „מענטשלעכע" — „הנקודה האנו־שית", און „דאָס גרויזאַמע" — „הנקודה האריית". דאָס ערשטע מיינט, אַז דער תכלית פון דער מענטשהייט איז נאָר די אַנטוויקלונג פון אַ „אי־בער־מענטש", וואָס זאָל שטיין העכער אין מאָראַל און גאַנצקייט איבער דעם כלל־מענטש. די מערהייט פון דער מענטשהייט מעג זיין נידעריק און שפלדיק, אַבי נאָר דער „האדם העליון" וועט זיך אויפהויבן גייס־טיק אויף דער העכסטער שטופע איבער די אַנדערע. דער גאַנצער תכלית פון דער בריאה איז דער „איבערמענטש" און די איבעריקע זענען באַ־שאַפן געוואָרן אים צו באַדינען. ער איז דער עיקר אין דעם אוניווערז און די מערהייט פון דעם אוניווערז שפילט נישט קיין ראָלע.

דער צווייטער פונקט אין דעם געדאַנק פון „שנוי הערכין" איז דאָס „גרויזאַמע" — הנקודה האריית". ניטשע שאַצט אָפּ זייער גרויס די באַדיי־טונג פון מאַכט, דעם כח פון גוף און די אויסערלעכע שיינהייט. ער רעדט מיט באַגייסטערונג וועגן „החיה־הצהובה" — די „בלאָנדע בעסטיע", די שטאַרקע, די שיינע, וועלכע געוועלטיקט איבער אַלץ און טוט לויט איר וואונטש.

דער עיקר פון דעם באַשאַפעניש איז די פויסט דאָס איז דער אידעאַל פון דער מענטשהייט.

און דאָ קומט אחד העם מיט זיין דערקלערונג, אַז דער טייל פון ני־טשעס פילאָזאָפיע — „הנקודה האנושית" איז גאָר נישט אין קעגנזאַץ צום יהדות, נאָר ער פאַרשטאַרקט נאָך זיינע עיקרים. אַזאַ געדאַנק איז גאָר קיין נייעס פאַר אונדז יידן, ער עקזיסטירט שוין פון גאָר אַלטע צייטן, גלייך מיט דער אַנטוויקלונג פון יהדות. אונדזער ספרות איז פול מיט דער באַדייטונג און אָפּשאַצונג פונעם „צדיק". „כל העולם כולו לא נברא אלא בשביל זה" און דאָס גלייכן. דער זעלבער געדאַנק ווערט אויסגעדריקט אין באַצוג צום „העם העליון" — „עם סגולה מכל העמים", וואָס זאָל שטיין העכער מיט זיינע גייסטיקע און מאָראַלישע שאַפונגען פאַר „צדק ויושר". ביידע, דער יידישער „האדם העליון" און „העם העליון" באַזיצן זייער קראַפט נאָר אין מאָראַל און אינעווייניקסטער שיינהייט קעגן שקר, רשעות און דער פויסט פון שטאַרקן.

דערפאַר איז דער צווייטער פונקט „הנקודה האריית" — דאָס „גרוי־

זאַמע״ פון ניטשען, וואָס איז געבויט אויף כח, פויסט און איבערלעכער שיינהייט, בשום אופן נישט צוצופאַסן צום רוח היהדות. דער גאַנצער יהדות אין אַלע דורות איז שטענדיק אַ מין פּראָטעסט קעגן קראַפט און ממשלה. דער גייסט פון יהדות זאָגט, ס׳איז נישט דער ציל פון געוועלטיקן איבערן צווייטן, אָדער אונטערדריקן אַנדערע פעלקער, נאָר זיך אַקעגנשטעלן דער פויסט פון דער „געלער בעסטיע״, כדי די וועלט זאָל זיך פירן לויט די פּרינציפּן פון צדק, יושר פאַר אַלע גלייך.

אחד העם גייט ווייטער אָן מיט זיינע שאַרפע דבורים און וכוחים קעגן די אַלע „יונגע״, וואָס שלעפּן זיך נאָך ניטשען און ווילן אַריינברענגען זיין פילאָזאָפיע אין די ראַמען פונעם יהדות. מיט דעם פאַרשוועכן זיי דעם ספר העברי און גראָבן אונטער די עיקרי היהדות. ער ברענגט ציטאַטן פון זייער רבין ניטשע, וואָס זאָגט, אַז ווען מיר קומען צו די „כתבי הקודש״ און נביאים דאַרפן מיר זיין פאַרזיכטיק מיט אונדזערע באַציאונגען און אָפּגעבן דעם גרעסטן „יראת הכבוד״ צו זייערע שאַפונגען און אָפּשאַצונגען. און דאָ קומען אונדזערע „יונגע״ און ווילן אַלץ איבעראַנדערשן מיט איין מאָל.

ער זאָגט, אַז די אַלע „יונגע״ די וואָס רייסן זיך נאָך ענדערונגען, וואָלטן גלייכער געטאָן, און ער וואָלט אויך געווען צופרידן, אויב זיי זאָלן גיין גלייך צום מקור פון דער נייער „תורה״ און זיך אָנזעטיקן מיט איר איידער זיי זאָלן מאַכן ריסן אין „יהדות״ און אַרויפלייגן פרעמדע לאַטעס. (עפ״ד, ב׳ זייט 66).

דער דאָזיקער סכסוך מיט די ניטשיאַנער איז אָנגעגאַנגען אייניקע יאָרן. גאַנצע ביכער זענען אָנגעשריבן געוואָרן אין דער העברעישער און יידישער ליטעראַטור, איך האָב דאָ געמאַכט אַ פּרווו איבערצוגעבן בלויז אייניקע שטריכן.

## דער סכסוך מיט „אחיאסף״

זיינע עקסטרעמע אידעאַליסטישע מיינונגען וועגן דער ציוניסטישער באַוועגונג, אויף וועלכע ער איז געשטאַנען כמעט ווי אַ יחיד אין פעלד, האָבן אים געבראַכט דערצו, אַז אויך אין דער ליטעראַרישער אַרבעט האָט ער אַרויסגעוויזן ענלעכע טענדענצן, און האָט געקעמפט אפילו מיט די פּראַקטישע און געשעפטלעכע פירונגען פון „אחיאסף״-פאַרלאַג און דעם „השלח״. זייענדיק שטענדיק מער אידעאַליסט ווי סוחר, איז ער אָפט גע־קומען צו רייבונגען מיט די אייגנטימער און אַרויסגעבער פון „אחיאסף״. די פינאַנציעלע אָנגעלעגנהייטן פון דעם פאַרלאַג זענען נישט געווען אַמ־בעסטן, ווי ס׳איז בכלל דער ענין פון אַרויסגעבן העברעישע ביכער. ער אַלס רעדאַקטאָר, מיט זיינע הויכע אידעאַלן וועגן דער אַנטוויקלונג פון דער העברעישער ליטעראַטור, האָט געשטרעבט אַרויסצוגעבן די בעסטע קולטורעלע ביכער, אָבער די „אחיאסף״-לייט, כאָטש זיי זענען געווען ליב־האָבער פון דער העברעישער ליטעראַטור, זענען זיי דאָך געווען אַממערסטן געשעפטסלייט, וואָס האָבן ביי יעדער געלעגנהייט אויסגערעכנט דעם פאַר־דינסט. דערפאַר האָבן זיי נישט געקענט איינשטימען מיט אים וועגן דעם סאָרט ביכער, וואָס זיי זאָלן אַרויסגעבן כדי זיין געזיכערט קעגן פאַרלוסטן, און עס פלעגט אָפטמאָל קומען צו אונאַנגענעמע קאָנפליקטן צווישן זיך.

דיזעלבע מיינונג־פאַרשידנהייט האָט געהערשט צווישן זיי וועגן דער הנהגה פון „השלח״, וועלכער האָט פאַרלוירן אין צוויטן יאָר פיל אַבאָ־נענטן און די פינאַנסן האָבן געהאַלטן שמאָל. די „אחיאסף״-לייט האָבן געוואָלט מאַכן ענדערונגען אין דעם פּראָגראַם פון זשורנאַל, אַריינברענ־גען מער לעבן, וואָס זאָל שטימען מיט דער צייט. ער איז געווען קעגן זייער פּלאַן. ער זאָגט, אַז אַריינברענגען „לעבן״ אין אַ צייט־שריפט כדי צו געווינען מער לייענער, וועט זיין דער „טויט״ פון די אידעאַלן פאַר וועל־כע ער איז מקריב זיין לעבן. דער „השלח״ מוז שטיין העכער ווי דער דעת הקהל, וועלכער מוז באַוועגט ווערן דורך אים. ער איז גרייט אויפ־צוגעבן דעם „השלח״ אינגאַנצן, אַבי נישט בייטן זיין אידעאַל צו וועלכן

ער האָט שטענדיק געשטרעבט. ד׳ער „השלח״ טאָר נישט און וועט נישט זיין אַ קוואַל פאַר רעקלאַמעס און פּוסטע פראַזן, ער מוז זיך אַנטוויקלען לאַנגזאַם, מיט געשמאַק און טאַקט. (25)

## דער דרייפוס פראצעס

אין דערזעלבער צייט איז נאָך אַלץ פאָרגעקומען דער באַוואוסטער דרייפוס פּראָצעס. דער אינטעליגענטער קלאַס אומעטום האָט זיך געפילט זייער דערשלאָגן. אין די ליטעראַרישע קרייזן האָבן זיך געהערט קלאַנגען פון הספדים נאָך דעם ניינצנטן יאָרהונדערט מיט זיינע שיינע ווערטער: פרייהייט, ברודערשאַפט און גלייכהייט, אויב פראַנקרייך, די טרעגערן פון קולטור, האָט געקענט דערלויבן אין איר לאַנד אַזאַ בזיונדיקע סצענע. אחד העם ווערט גאָרנישט נתפעל פון דעם גאַנצן רעש און טומל. ער זאָגט אפילו, אַז די געשרייען אין דער פרעסע עקלען אים און ער ווערט פון זיי נישט באַווירקט. זיינע בליקן אויף דער יידישער פראַגע און איר לייזונג זענען געווען פון גאָר אַן אַנדערן שטאַנדפּונקט. זיין טעאָריע איז שטענדיק געווען, אַז די אומנאָרמאַלע יידישע לאַגע איז נישט אַזוי די שולד פון דער אויסערער וועלט ווי פון אונדזער אייגענער שולד, וועלכע ליגט טיף איינגעוואָרצלט אין אונדז אַליין, לויט דעם מאמר: „אם אין אני לי מי לי״. (26)

ער טרייסט די יידישע וועלט, זי זאָל נישט דענקען, אַז די אייראָפּעי־שע קולטור גייט אונטער און דער פּראָגרעס פאַרשווינדט. איר כבוד איז נאָך נישט באַרירט געוואָרן און זי מעג זיין שטאָלץ אויף איר שטאַרקער פּאָזיציע. נאָר אַ קליינער שנוי איז פאָרגעקומען: „די אויסנאַמע פאַר דעם יידן״, וועלכער וועט גאָר נישט שטערן דעם גאַנג פון אונדזער וועלט־אַנט־וויקלונג. און טאָמער, זאָגט ער „וועט מיך איינער פרעגן: ווי אַזוי איז דאָס מעגלעך אַזאַ מין סתירה אין דעם הומאַנישן געדאַנק פון דעם מענטשן? וועל איך אים ענטפערן, ווי איך האָב שוין אַמאָל באַמערקט אין מיין מאמר

„שתי רשויות": ווען די חכמים באַשעפטיקן זיך מיט הומאַניזם, פאַרגעסן זיי דעמאָלט דעם יידן און ווען זיי זענען זיך מתעסק מיט דעם יידן, פאַר־געסן זיי דעמאָלט דעם הומאַניזם".

„די ערגסטע צרה מיט אונדז איצט, איז, וואָס דער אַסימילירטער טייל יידן אין פראַנקרייך זענען נאָך אַלץ בלינד און טויב, זיי זעען און הערן נישט וואָס עס קומט פאָר אַרום זיי. דער המון אויפן גאַס שרייט „זאָל לעבן עסטערהאזי", וואָס מיינט: „טויט דעם יידן", און דער פראַנצוי־זישער ייד רעדט נאָך אַלץ פון דער „גרויסער רעוואָלוציע" אין וועלכער ער האָט אַנטייל גענומען. מיט דעם זוכט ער, מיט דער גרעסטער שנעלקייט, זיך אַליין צו פאַרלייקענען און וועלן פאַרגעסן ווער ער איז. די איינציקע טרייסט איז, אַז מיט דער צייט וועלן מוזן די אברים המדולדלים פאַרלוירן גיין, כדי דער קערפּער פון דעם יידישן פאָלק זאָל שטאַרקער און געזונטער ווערן פאַר זיין זעלבסטשטענדיקער צוקונפטיקער אַנטוויקלונג". (27)

1899 — 1900

# צוויי יאר שטורמישע טעטיקייט

א. געהיט דעם כבוד פון א סופר עברי

ב. די קאָלאָניאַל־באנק

ג. ער ווערט אן „אבל" און שוואכער אין זיין געזונט

ד. דער באנייטער קאמף מיט הערצלען

ה. די דריטע נסיעה נאָך ארץ ישראל

ו. „הדור"

# געהיט דעם כבוד פון א סופר עברי

אויסער זיין גרויסער איבערגעבנהייט צו דעם ריינעם אידעאַל פון ציוניזם, פאַר וועלכן ער האָט שטענדיק אָנגעפירט אַ שטאַרקן קאַמף אויף אַלע זייטן, האָט ער פון צייט צו צייט געהאַט אַ סך אויסצושטיין אין זיין „השלח" אַרבעט, פאַר וועלכער ער פלעגט אַוועקגעבן אַ סך מי אין זיין שטרעבונג אויפצוהאַלטן דעם כבוד פון דער העברעישער ליטעראַטור. די שרייבער אין יענער צייט האָבן אים וויניק געהאָלפן און נישט געקענט זיך צוגעוואוינען צו זיינע באַרעכטיקטע פאָדערונגען. ער איז געווען נישט נאָר רעדאַקטאָר, נאָר אויך דער בוכהאַלטער, קאַסירער און קאָרעספּאָנדענט, און ער האָט זייער שווער געאַרבעט אין דער רעדאַקציע. ער פלעגט זיינע מיטהעלפער לערנען דרך־ארץ, אַז זיי זאָלן ענטפערן מיט אַ קבלה, ווען ער שיקט זיי געלט, זיי זאָלן אַליין איבערלייענען זייער אייגן שרייבן, אַמוויינינקסטנס אויסמיידן גראַמאַטישע פעלערן, כדי צו פאַרלייכטערן זיין רעדאַקטירונג. (32)

אָט די אומפאָרזיכטיקייט מצד זיינע שרייבער האָט אים אָפטמאָל געבראַכט אין גרויסער פאַרלעגנהייט. דער פּעטערסבורגער רעגירונגס־צענזאָר, ה' לאַנדוי, איז גראָד געווען זיינער אַ פריינט און ער פלעגט אים טאָן פיל טובות אין דעם זין פון צענזור. אָבער די שרייבער פלעגן שטענדיק אַריבערכאַפּן די מאָס און זעלטן ווען געווען פאָרזיכטיק צו היטן דאָס געזעץ אויף אַזויפיל, אַז אים איז אויסגעקומען נישט איין מאָל צו קומען צו אַ צוזאַמענשטויס מיט ה' לאנדוי, און די גאַנצע שולד פלעגט פאַלן אויף אים. דאָס האָט אים שטאַרק אויפגערעגט. (33)

ער האָט אַלעמאָל געשטרעבט צו היטן דעם כבוד פון אַ סופר בישראל, אָבער ווען עס האָט געהאַלטן ביי פּערזענלעכער ערע, איז ער געווען דער „בורח מן הכבוד". עס איז געווען אַ מאָדע ביי שרייבער, צו שיקן זייערע חבורים צו רייכע לייט, מיט דער האָפענונג צו קריגן גוט באַצאָלט פאַר דעם. איינער פון זיינע פריינד האָט אים אויפמערקזאַם געמאַכט וועגן אייניקע גרויסע גבירים ליבהאָבער פון העברעיש, אַז ער זאָל זיי שיקן דעם „השלח"

און אויך זיינע ווערק און זיי פֿאַראינטערעסירן מיט דעם, און מיט דער צייט וועט מען אפשר קענען באַקומען פֿינאַנציעלע שטיצע פֿאַר דעם זשורנאַל. אָבער ער האָט אַבסאָלוט נישט געוואָלט הערן פֿון אַזאַ פֿאָרשלאָג. ער רופֿט דאָס „ליטעראַרישע שנאָרעריי״, וועלכע איז דער גרעסטער פּחיתת הכבוד פֿאַר אַ העברעישן שרייבער. ער זאָגט: אויב איינער איז פֿאַראינטערעסירט צו לייענען, זאָל ער קויפֿן ביים מוכר ספרים. מיינע פֿינאַנציעלע אינטערעסן האָבן זיך טאַקע געענדערט, אָבער מיין כאַראַקטער און דאָס ערן־געפֿיל פֿון אַ ליטעראַט איז געבליבן דאָס זעלביקע. (34)

אין אָנפֿאַנג פֿון יאָר 1899 איז געוואָרן צען יאָר פֿון זיין ליטעראַרישער טעטיקייט. ער האָט זיך דערוואוסט, אַז זיינע פֿריינד פּלאַנעווען צו פֿייערן אַ צען־יאָריקן יובילֵיי, האָט ער שטאַרק פּראָטעסטירט קעגן דעם פּראָ־יעקט. ער בעט זיך ביי זיינע חברים שרייבער, אַז זיי זאָלן נישט מפֿרסם זיין דאָס אין די צייטונגען, דערהויפּט אין „המליץ״ און הצפֿירה״. עס איז אינטערעסאַנט, ווי ער האָט זיך אויסגעדרוקט צו איינעם פֿון זיי: „איך בעט דיך רחמים ותחנונים, איך פֿאַל אויף מיינע קני און איך באַשווער אייך אַלעמען מיט אַלע מיני שבועות, גזרות וחרמות, אַז איר זאָלט ח״ו נישט מפֿרסם זיין דאָס עפּנטלעך. אויב איר, „חברה״, ווילט זיך האָבן אַ „סעודהלע״, טרינקען און עסן אַזוי ווי איר טוט דאָס זייער אָפֿט, קען איך דאָך נישט זיין דאַקעגן, איך וועל אפשר מיט אייך מיטעסן, אָבער אָן רעש. מאַכט נישט פֿון מיר אָן „עבודה זרה״, אַ רעקלאַמע. איך וועל נישט זיין אין דער היים כדי אויפֿצונעמען געסט און נעמען ברכות״. (35)

אָבער קעגן זיין ווילן האָט מען איבעראַל געפֿייערט דעם יובילֵיי, דער־הויפּט אין ליטעראַרישע קרייזן און ציוניסטישע אגודות. טעלעגראַמען און בריוו מיט וואונטשן זענען אָנגעקומען צו אים אין די טויזנטער, און ער געוויינטלעך, האָט זיך געלאָזט איבערבעטן און האָט געענטפֿערט אַלעמען און געדאַנקט, אַממערסטן די, וועלכע האָבן מנדב געווען לטובת ישוב ארץ־ישראל.

# די קאָלאָניאַל-באַנק

דער צווייטער קאָנגרעס האָט באַשלאָסן צו גרינדן די „קאָלאָניאַל־באַנק". אַ ספּעציעלע קאָנפערענץ האָט אויסגעאַרבעט די הויפּט־תקנות און פונקטן פון דער באַנק, וועלכע זענען נאָכדעם פאָרגעלייגט געוואָרן פאַר דעם קאָנגרעס און נאָך פיל דעבאַטן זענען אָנגענומען געוואָרן די זיבן הויפּט־תקנות, וועלכע זאָגן דייטלעך, אַז די אַרבעט פון דער באַנק זאָל זיין באַגרענעצט נאָר אין פּאַלעסטינע און אַרומיקע לענדער. דעם אַקציאָנס קאָמיטעט איז איבערגעגעבן געוואָרן אויסצואַרבעטן אַלע איינצלהייטן, לויט די באַשלוסן און גייסט פון די זיבן פונקטן פון די תקנות, וואָס זענען אָנגענומען געוואָרן אויפן קאָנגרעס.

אין חודש מערץ, 1899, האָט דער אַקציאָנס קאָמיטעט אַרויסגעשיקט צו אַלע אגודות אַ פּראָבע־צירקולאַר פון די באַנק־תקנות. דער אַקציאָנס קאָמיטעט האָט געפונען פאַר נויטיק צו מאַכן אַן ענדערונג אין איין פונקט וועגן דער טעריטאָריע, וועלכער האָט זיך געלייענט: „אַז די באַנק קען אויסשפּרייטן איר טעטיקייט אויך אויף אַנדערע לענדער". אָט דער שריט פון זייער זייט, וועלכער האָט נישט ריכטיק געשטימט גענוי מיט דער קאָנגרעס רעזאָלוציע, האָט אים שטאַרק אויפגערעגט. ער האָט געזען אין דעם אַ געפאַר פאַר דער גאַנצער ציוניסטישער אַרבעט אין ארץ ישראל. ער האָט זיך גלייך געשטעלט אין שריפטלעכער פאַרבינדונג מיט אַלע ציוניסטישע פירער און האָט אויפגעהויבן אַ פּראָטעסט. אין דערזעלבער צייט האָט די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אָנגעפירט אַ גרויסע פּראָפּאַגאַנדע איבעראַל, צו פאַרקויפן די באַנק־אַקציעס. די פּרעסע האָט פיל געשריבן און אַגיטירט, רעדנער און דרשנים זענען געפאָרן פון שטאָט צו שטאָט און אַ לעבעדיקע טעטיקייט האָט זיך אַנטוויקלט צווישן אַלע אגודות.

די פריינד פון אחד העם און זיינע נאָענטע חברים האָבן פּרובירט אים אָפּרעדן און אָפּהאַלטן פון אַן עפנטלעכן קאַמף אין די צייטונגען, ביז דעם צוקונפטיקן קאָנגרעס, וועלכער וועט באַשטימט אויסגלייכן דעם פּלאָנטער, און דערווייל נישט שטערן דעם גאַנג פון דעם אַקציע־פאַרקויף. אָבער ער

האָט קיינעם נישט געפאָלגט און האָט אָנגעהויבן אַ קאַמף אין דער פּרעסע. לויט ווי מיר ווייסן, איז זיין מורא געווען אַן אומזיסטע, ווייל די קאָלאָניאַל באַנק האָט אונטערשטיצט נאָר פּאַלעסטינישע אונטערנעמונגען. זייענדיק אָבער צופיל פּרינציפּיעל און פּינקטלעך, האָט ער אַמאָל איבערגעכאַפּט די מאָס און מיט דעם האָט ער זיך צייטנווייז פאַרשאַפט נישט קיין פריינדלעכע שטעלונג מצד דער אַלגעמיינער ציוניסטישער הנהגה און פּרעסע. (36)

אין „השלח" איז ער אַרויס מיט אַ גרויסן מאמר קעגן דער ציוניסטישער הנהגה פאַר דער ענדערונג אין אייניקע פּונקטן פון דער באַנק. ער האָט זיך אויך באַנוצט מיט דעם, צו באַשולדיקן דעם פּאָליטישן ציוניזם, וועלכער, לויט זיין מיינונג, איז דער קוואַל פון דיפּלאָמאַטישע דריידלעך אין דער גאַנצער ציוניסטישער אַרבעט. אַזאַ צושטאַנד אין דער באַוועגונג רופט ער אָן „די צייט פון נאַציאָנאַלער ספּעקולאַציע". „אַמאָל, זאָגט ער, זענען אויך געווען גרויסע פירער ביי יידן, אָבער אַזעלכע, וועלכע זענען אַרויסגעקומען פון פאָלק גופה, פון איין גייסט און לעבן. האָבנדיק דיזעלבע געפילן און געדאַנקען, האָבן זיי ריכטיק פאַרשטאַנען זייער אויפגאַבע און אחריות, קיינמאָל נישט דערלאָזט צו מאַכן עקספּערימענטן מיט די אינטערעסן פון פאָלק, ווי די נאַטור־פאָרשער טוען מיט מייז".

„איצט אָבער זענען אונדזערע פירער געקומען פון דער גרויסער אויסערלעכער וועלט אונדז העלפן, אָבער זיי פאַרשטייען אונדז ווייניק און זיי האָבן נישט קיין אינערלעכע פאַרבינדונג מיט אונדזער לעבן און צוקונפט. זיי קוקן אויפן פאָלק ווי „כעני חשוב כמת", מיט וועלכן עס איז דערלויבט צו מאַכן „ספּעקולאַציעס", דענקענדיק, אַז עס איז דאָך סיי ווי סיי פאַרלוירן, מאַכט דערפאַר נישט אויס צו שפּעקולירן מיט אים, אפשר קען עס נאָך געראַטעוועט ווערן. אָט אַזאַ „פּאָליטישע חכמה" האָט געקענט באַשאַפן אַזעלכע תקנות, וועלכע זענען זייער ווייט פון דעם פאָלקס־גייסט. ביי די דאָזיקע פירער איז דער עיקר „מדינה", און די אינטערעסן פון פאָלק וועלן וואַרטן אויפן „מזל", וואָס וועט נאָך אַמאָל קומען".

אַזוי גייט ער אָן מיט זיינע שאַרפע אויסדרוקן, ביז ער קומט צו שטאַרקע פאָרוואורפן אויף די שרייבער און עסקנים, וועלכע, זאָגט ער, „גייען בלינד נאָך די נייע פירער און פאַרשווערן מיט זייער טאַקטלאָזיקייט דעם כבוד פון ספרות הלאומית. דעריבער איז זיין חוב נישט צו שווייגן. ער פילט, אַז ער שטייט פאַר דערזעלבער סכנה, ווי די יידן זענען אַמאָל

געשטאַנען ביים ים נאָך יציאת מצרים. לויט ווי די אגדה דערציילט, האָבן זיי דעמאָלט נישט געקענט באַשליסן וואָס צו טאָן, דער ים פאַרמאַכט, דער שונא יאָגט פון איין זייט און די חיות מדבריות געפאר פון דער אַנדערער זייט. אַזוי איז אויך די לאַגע פון דעם סופר לאומי. מיטן שווייגן זיינעם טוט ער אומרעכט צו דעם חוב, וואָס ליגט אויף אים; וויל ער זאָגן דעם אמת, דאַרף ער מורא האָבן, אַז מיט דעם שאַפט ער כלי זיין פאַר די שונאים. דאָס איינציקע וואָס בלייבט פאַר אים אָפן, אָן סכנה, איז דער „ים המליצה" אין וועלכן ער קען שווימען זיכער און האַלטן אין איין וועקן דעם „דעת הקהל" מיט דערקלערונגען, ביז וואַנען דער „אמת" זאָל ארויפשווימען".

זיין אַרויסטרעטן קעגן דעם אַקציאָנס קאָמיטעט האָט אַרויסגערופן פיל טומל אין דער ציוניסטישער וועלט. (37)

## ער ווערט אַן „אבל" און שוואכער אין זיין געזונט

דער זומער פון 1889 איז נישט געווען זייער אָנגענעם פאַר אים. צוערשט האָט אים געטראָפן אַ פאַמיליע־אומגליק — זיין פאָטער, צו וועמען ער איז געווען זייער צוגעבונדן, איז געשטאָרבן. אַ לאַנגע צייט האָט ער זיך געפילט זייער דערשלאָגן, טרויעריק, און דאָס האָט געשטערט זיין ליטעראַרישע אַרבעט. עס איז אינטערעסאַנט צו באַמערקן, אַז ער פלעגט גיין יעדן טאָג אין שול זאָגן „קדיש", כאָטש ער האָט פיל יאָרן שוין נישט אַריינגעטראָטן דאָרטן. אין שול טרעפט מען, געוויינטלעך, נאָר אַלטע לייט, די „זקנים", מיט וועלכע ער האָט זיך שטאַרק פאַראינטערעסירט, און האָט געקליבן פיל מאַטעריאַל פון זיי פאַר זיינע אידעען. (38)

באַלד נאָך דעם איז פאָרגעקומען די דריי־יאָריקע קאָנפערענץ פון די חובבי־ציון אין אָדעס, אין וועלכער ער האָט גענומען אַן אַקטיוון און אָנגעזעענעם אָנטייל. די הנהגה פון דעם אָדעסער קאָמיטעט האָט אים גאָר נישט צופרידנגעשטעלט, און ער האָט שטאַרק קריטירט איר אַר־בעט, וועלכע איז געווען קעגן זיינע איבערצייגונגען און געדאַנקען, און

אים איז אויסגעקומען צו קעמפן מיט דער גאַנצער סביבה אַרום, אָנ־הויבנדיק מיט דעם פּאָליטישן ציוניזם און ענדיקנדיק מיטן חבת־ציון. זייענ־דיק פון דער נאַטור אַ באַוועגלעכע פּערזאָן און אַרבעטנדיק אַזוי שווער, איז ער געוואָרן נערוועז. ער באַקלאָגט זיך, אַז ער פילט זיך אויפגעברויזט און אַן אויפרעגונג אין זיין קערפּער און אַז ער האָט נישט קיין חשק צו אַרבעט. די דאָקטוירים האָבן אים פאַרבאָטן צו פאַרלאָזן זיין הויז און אָנגעזאָגט אַז ער מוז אַ סך רוען במשך פון עטלעכע חדשים. דערפאַר האָט ער נישט געקענט פאָרן קיין באַזעל צום דריטן קאָנגרעס.

ער אַליין באַציט זיך אָבער צו זיין געזונט־צושטאַנד פיל לייכטער, ער רופט עס אָן אַ „ווייבערישע קראַנקהייט״ און ער וויל זיך נישט אונטער־געבן. די „אחיאסף״ לייט פאָדערן פון אים, אַז ער זאָל פאָרן קיין אויסלאַנד אויף זייערע הוצאות. ער זאָגט זיך אָפּ דערפון, ווייל, לויט זיין מיינונג, איז די קאַסע פון „השלח״ נאָך נישט גענוג רייך, אַז ער זאָל זיך דערלויבן אַזאַ מין לוקסוס. ער טרייסט זיך, אַז אַלץ וועט פאַריבער נאָך אַלענגערן אָפּרו. (39)

## דער באַנייטער קאַמף מיט הערצלען

ער איז נישט געפאָרן צום דריטן קאָנגרעס, אָבער דאָס האָט אים נישט געשטערט אַרויסצוגיין אין זיין ילקוט קטן ל״ו מיט קריטיק וועגן די האַנדלונגען פונעם קאָנגרעס. די ארץ ישראל פראַגע מיט אירע עק־זיסטירנדיקע קאָלאָניעס האָט מען, לויט זיין מיינונג, אַרונטערגעמאַכט כלאחר יד, אין דער צייט וווען דער ישוב האָט געפאָדערט געוויסע אויס־בעסערונגען און טיילווייז ראַדיקאַלע ענדערונגען, כדי אים געבן אַ מעג־לעכקייט פאַר אַ בעסערער לעבנס־עקזיסטענץ. מען האָט כמעט קיין וויכ־טיקס נישט באַשלאָסן, נאָר אַלץ איבערגעגעבן צום אַקציאָנס־קאָמיטעט, וואָס מיינט גאָרנישט טאָן.

די צווייטע וויכטיקע פראַגע — די קולטורעלע ציוניסטישע אַרבעט

צווישן פאָלק, זאָגט ער, האָט מען אָפּגעפּטרט מיט עטלעכע גוטע דרשות און ווידער דאָסזעלבע — איבערגעגעבן צו אַ קאָמיסיע, כדי פּטור צו ווערן. ער באַשולדיקט אין דעם הערצלען, ווייל ער האָט זיך אויסגעדרוקט אין פאַרלויף פון אַ דיסקוסיע, אַז ער פאַרשטייט נישט די פאַרבינדונג פון דער יידישער קולטור מיטן ציוניזם. דר׳ הערצעל האָט זיך אפילו געווענדט צו דר׳ גאסטער פון לאָנדאָן מיט דער פראַגע: „וואָס איז יידישע קולטור?״ און דר׳ גאסטער האָט אים נישט געקענט געבן קיין קלאָרע תשובה.

הערצעל, זאָגט אחד העם, דריקט זיך אויס אין זיין רעדע אויף דעם קאָנגרעס, אַז דאָס פאָלק פירט אַ קאַמף פאַר זיין „עקזיסטענץ, כבוד און פרייהייט״. פרעגט ער אים: „וואָס הייסט די עקזיסטענץ פון אַ פאָלק, אויב נישט זיין נאַציאָנאַלער קיום מיט אַלע זיינע אויספירלעכע אייגנשאַפטן?״ „וואָס הייסט דער כבוד פון אַ פאָלק, אויב נישט זיינע גייסטיקע שאַפונגען, וועלכע ער טראָגט צו דעם אוצר פון דער מענטשלעכער קולטור?״ און „וואָס הייסט די פרייהייט פון אַ פאָלק, אויב נישט זיין „אינערלעכע פרייהייט״ פאַר דער אַנטוויקלונג פון זיינע אייגענע כוחות, דערוואָרבענע אויפן וועג פון זיין היסטאָרישן לעבן?״

„און דער ציוניסטישער מנהג גייט קעמפן פאַר דער פאָלקס־עקזיס־טענץ, ערע און פרייהייט, און פאַרשטייט נישט די שייכות פון דער יידישער קולטור מיטן ציוניזם. אויף אַזוי פיל איז דייטלעך צו זען, ווי דער נייער ציוניזם איז אויבערפלעכלעך און נישט טיף איינגעוואָרצלט און נישט געבויט אויף אַ גוטן יסוד״.

# די דריטע נסיעה קיין ארץ ישראל

אחד העם האָט זיך נישט באַנוגנט נאָר מיט קריטיקירן די פירער פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, פאַרוואָס זיי פאַרנאַכלעסיקן די פּראַקטישע אַרבעט אין פּאַלעסטינע, נאָר ער אַליין האָט פעסט באַשלאָסן זיך אַריינצוּוואַרפן מיט זיין גאַנצער ענערגיע אין דער פאַרבעסערונג פונעם ישוב הארץ. די קאָנפערענץ אין אָדעס האָט באַשלאָסן, אַז מען זאָל מאַכן אַ גרינטלעכע אונטערזוכונג פון דעם גאַנצן צושטאַנד אין לאַנד. די דאָזיקע מיסיע האָט מען אים פאָרגעשלאָגן און ער האָט זי מיט גרויס חשק אָנגענומען, כאָטש ער האָט געמוזט אויפגעבן, צוליב דעם, דאָס רעדאַקטירן פונעם „השלח", ביז וואַנען ער וועט קומען צוריק. ער האָט נישט געוואָלט אָפּשטעלן דאָס דערשיינען פון זשורנאַל פאַרן סוף יאָר און נאָך פיל באַראַטונגען האָט ער באַשלאָסן איבערגעבן די רעדאַקציע אויף איניקע חדשים, צו דר' ש. בערנפעלד צו וועמען ער האָט געהאַט מער צוטרוי ווי צו אַנדערע שרייבער. עס איז כאַראַקטעריסטיש, ווי אומרויק ער איז געווען וועגן דעם גורל פון „השלח". מיט וואָכן פריער האָט ער בערנפעלדן געגעבן אינסטרוקציעס, ווי ער זאָל זיך באַגיין מיט דער אַרבעט פון רעדאַקטירן, ווי צו באַהאַנדלען די שרייבער, דעם דרוקער, צענזאָר א. אַ. וו., ביז די קלענסטע איינצלהייטן. (40)

אין די לעצטע טעג פון אָקטאָבער, 1899, איז ער אָפּגעפאָרן נאָך פּאַלעסטינע צום דריטן מאָל. ער שרייבט צו זיינע פריינד און חברים, אַז אין פאַרלויף פון דער גאַנצער צייט, וואָס ער וועט דאָרטן פאַרברענגען, וועט ער זעלטן מיט זיי קאָרעספּאָנדירן, ער וועט קיין באַריכטן נישט שיקן ביז וואַנען ער וועט זיין גאַנצע אַרבעט ענדיקן און זיין מיסיע פולקאָם אויספילן, און דעמאָלט וועט ער ברענגען מיט זיך אַן אויספירלעכן באַריכט צו דעם קאָמיטעט אין אָדעס.

אַרום זעקס חדשים האָט ער פאַרווײַלט אין ארץ ישראל. באַזוכט כמעט אַלע קאָלאָניעס און געמאַכט אַ גרינדלעכע אונטערזוכונג און פאָרשונג פון דעם צושטאַנד. ער האָט פּינקטלעך שטודירט די אַלגעמיינע לאַגע

פון די יידישע איינוואוינער אין לאַנד, די אַנשטאַלטן, און איבערהויפּט דעם סיסטעם פון די בתי־הספר און קינדער־גאָרטנס. די שווערע אַרבעט דאָרטן און די גרויסע אויפרעגונג, וואָס ער האָט געהאַט צוליב דער אומצו־פרידנהייט און נויט, וואָס ער האָט געפונען אין פּאַלעסטינע, האָט אים גאָר אינגאַנצן צעבראָכן. סוף אַפּריל, 1900, קומט ער צוריק קיין אָדעס נישט אין בעסטן געזונט־צושטאַנד און די דאָקטוירים פאַרזאָגן אים שטרענג, אַז ער מוז זיך פולשטענדיק אויסרוען און נישט טאָן קיין אַרבעט. אפילו דאָס רעדאַקטירן פון „השלח" האָט ער אָפּגעשטעלט ביז סוף יאָר. ער האָט מורא געהאַט אָנצוטרויען די אַרבעט אַ צווייטן, און דער זשורנאַל איז נישט אַרויסגעגאַנגען ביז אָנהויב 1901. דעם זומער און אַ טייל פון הערבסט פאַרברענגט ער אין וואַלד אַרום האָמעל ביי זיין בעסטן פריינד מרדכי בן הלל הכהן.

אָבער פאַרן פאַרלאָזן די שטאָט, האָט ער באַשלאָסן אָפּצוגעבן אַ מינדלעכן באַריכט פון זיין רייזע, צום אָדעסער קאָמיטעט. שרייבן, זאָגט ער, איז צופיל אַרבעט און שווער פאַר אים, אָבער ריידן קען ער נאָך. עס איז טאַקע אינטערעסאַנט צו באַמערקן וויפיל ענערגיע דער מאַן האָט פאַרמאָגט. זיין מוח האָט געאַרבעט וואונדערבאַר און זיינע רייד זענען געפלאָסן ווי פון אַ קוואַל. צען זיצונגען האָט ער געהאַט מיטן קאָמיטעט און ביי יעדער זיצונג גערעדט איבער דריי שעה און אַלץ אָן נאָטיצן. בסך הכל אַ באַריכט פון דרייסיק שעה און דאָס, האָט ער געזאָגט, איז נאָר אַן אָנהויב, דאָס איבעריקע וועט ער פאַרענדיקן אין שריפט, ווי נאָר ער וועט ווערן געזונט. (41)

אַזוי ווי דער באַריכט צום קאָמיטעט איז נאָך נישט געווען קיין פולקאָמענער, האָט דער לעצטער זיך נישט געאיילט אים צו פאַרעפנטלעכן. דערווייל האָט זיך אָנגעהויבן נישט קיין קליינער טומל אין דער טעג־לעכער פּרעסע מיט דער פאָדערונג, אַז ער זאָל פּובליצירן דעם ראַפּאָרט און דערקלערן הלמאי ער שווייגט. זיינע קעגנער האָבן דאָ געפונען אַ גוטע געלעגנהייט צו בויען פאַרשידענע השערות און פאַנטאַזיעס, אַז מען פאַרבאַהאַלט אַ סוד פון עולם, און מען האָט אים מיט דעם זייער שטאַרק באַליידיקט. ער באַקלאָגט זיך אין זיינע בריוו צו פריינד, אַז מען פאַרשטייט אים נישט. ער איז דאָך נאָר געווען אַ שליח פון קאָמיטעט און צום לעצטן האָט ער באַריכטעט וויפיל ער איז נאָר געווען אימשטאַנד. איצט איז דאָס יענעמס פליכט צו פאַרעפנטלעכן זיין ראַפּאָרט. אָבער דער פאַרדרוס אין

דער פּרעסע האָט זיך געשטאַרקט פון טאָג צו טאָג און ער, זייענדיק נאָך שוואַך, האָט זיך אָנגעטאָן די גרויסע מי און פון זיין זומער־וואוינונג צוגע־שיקט אַ מאמר צום „לוח החיאסף“, אַלס הקדמה פאַר אַ ווייטערדיקן „אמת מארץ ישראל“, וואָס האָט אַביסל באַרויקט דעם עולם. (42)

## „הדור“

אין דער צייט ווען ער האָט אָנגעהויבן מאַכן אַלע הכנות צו באַנייען דעם אַרויסגאַנג פון „השלח“ צום אָנהויב פון 1901, באַשליסן די „אחיאסף“ לייט אין וואַרשע, אַרויסצוגעבן אויך אַ וועכנטלעכע צייטונג אויף העברעיש מיט דעם נאָמען „הדור“. לכתחילה איז אחד העם, אַלס איינער פון די אָנפירער פון „אחיאסף“־פאַרלאַג, געווען שטאַרק דאַקעגן אַזאַ פּלאַן, צוליב דער מיינונג, אַז די צייט און דער דור זענען נאָך נישט מוכשר פאַר אַזאַ לוקסוס־אונטערנעמונג. נעמענדיק אין באַטראַכט די שוועריקייטן, וואָס דער „השלח“ מאַכט איצט דורך צו דערשיינען רעגלמעסיק און אָן דערפאָלג, איז דאָך זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז אין אַ קורצער צייט שפּעטער וועט אַ וועכנטלעכער זשורנאַל מוזן אונטערגיין. לסוף אונטערן דרוק פון זיינע חברים, האָט ער זיך געמוזט אונטערגעבן. אָבער דאָ קומט אַ נייער ווידערשטאַנד צו די פּלענער פון „אחיאסף“. ער איז נישט איינשטימיק מיט זיי, אַז דוד פרישמאַן זאָל זיין דער רעדאַקטאָר. אַלס מענטש און שרייבער שעצט ער אים זייער און ער ליבט אים פאַר זיין ליטעראַרישער שאַפונג, אָבער „אחיאסף“, פון וועלכן ער איז אויך אַ טייל, איז דאָך בדעה צו באַשאַפן אַן אָרגאַן, וועמענס ציל זאָל זיין צו פאַרשפּרייטן דעם נאַציאָנאַלן און ציוניסטישן געדאַנק, און פרישמאַן איז נאָך פאַרלויפיק ווייט פוןביידע שטרעמונגען. און אפילו אויב פרישמאַן זאָל מסכים זיין זיך אונטערצוגעבן און אָננעמען דאָס פּראָגראַם, וועלכעס „אחיאסף“ וועט אים פאָרשטעלן, איז ער נאָך אַלץ קעגן דעם, ווייל דאָס וועט הייסן רעדאַקטירן אונטער אַ פאַל־שער מאַסקע, וואָס איז נאָך זיין מיינונג, דאָס גרעסטע בייז, וואָס מען קען

זיך נאָר פאָרשטעלן. ער רופט דאָס: געקויפטע און פאַרקויפטע אידעען ווי אויפן מאַרק. ער וואָלט בעסער געוואָלט, אַז פרישמאַן זאָל אַליין אַרויסגעבן אַזאַ צייטונג און רעדאַקטירן זי לויט זיינע איבערצייגונגען און זיין ערלעך צו זיינע מיינונגען. דעמאָלט, זאָגט ער, וואָלט ער אים מער געשעצט און מיט פאַרגעניגן וואָלט ער אים געקענט ענטפערן און פירן מיט אים דיסקו־סיעס. ער האָפט, אַז פרישמאַן וועט סוף כל סוף נישט קענען בייקומען דעם נסיון און וועט רעדאַקטירן לויט זיינע איבערצייגונגען און דעמאָלט וועט אפשר דער „הדור" זיין פיל שענער און מער אינטערעסאַנט. (43)

ער האָט שפּעטער איינגעשטימט אפילו צו נעמען אַ געוויסן אָנטייל אין דער אַרבעט פון „הדור" און שרייבן לויט זיינע אידעען. אין זיין מאמר פאַר דעם ערשטן נומער פון זשורנאַל איז ער גלייך געקומען אין ווידערשפּרוך מיט דעם רעדאַקטאָר, וועלכן ער רופט מיט שפּאָס „בעל תשובה". אין דעם אַרטיקל דריקט ער אויס זיין מיינונג וואָס ער טראַכט פון אַזאַ צייטונג. פרישמאַן און די „אחיאסף"־לייט האָבן אין אָנהויב געצווייפלט צי מען זאָל דעם אַרטיקל דרוקן. אָבער דער כאַראַקטער און דער אינהאַלט פון דעם מאמר זענען געווען דורכגעדרונגען מיט לויטער אמת און מיט גרויס איבער־געבנקייט צו דעם העברעישן געדאַנק. ווען דער ערשטער נומער פון „הדור" איז אַרויס, האָט זיין מאמר געמאַכט דעם גרעסטן איינדרוק. (44)

ווען דער „השלח" האָט ווידער אָנגעהויבן דערשיינען אין יאַנואַר, 1901, איז דער „הדור" געווען מיט אים אין אידעישן ווידערשפּרוך, כאָטש ביידע צייטשריפטן זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן פון „אחיאסף". אחד העם איז געווען גערעכט, מיט זיין פאָרויסגעזאָגטער מיינונג, אַז ביידע רעדאַקטאָרן דאַרפן זיין פריי אין זייערע אויסדרוקן און זיי זאָלן אַרבעטן זעלבשטענדיק, לויט זייערע שטאַנדפּונקטן און איבערצייגונגען, כל זמן זיי פירן זיך אנשטענדיק און באַרירן קיינעם פּערזענלעך. ווי ער האָט פאָרויס־געזאָגט, אַזוי איז טאַקע געשען. דער „הדור" האָט געמוזט אויפהערן דער־שיינען אויפן צווייטן יאָר. די „אחיאסף"־לייט האָבן נישט געקענט אויסהאַלטן דעם פינאַנציעלן דרוק.

1901—1902

# פארשידענע עפיזאדן

א. דאָס ווידערדערשײַנען פון „השלח"

ב. פראגן וועגן ארץ ישראל

ג. שווערע ארבעט פארן ישוב

ד. די שמיטה פראגע

ה. „על פרשת דרכים"

ו. פאריזער דעלעגאציע

ז. דר' הערצעלס אוידיענץ ביים סולטאן

ח. די שלעכטע לאגע פון „אחיאסף"

ט. ראבניצקי געהילף־רעדאקטאָר פון „השלח"

י. „התורה והעבודה" (וועגן פינסקערן)

## דאס ווידערדערשיינען פון „השלח“

די הכנות צו באַנייען דאָס דערשיינען פון „השלח“ איז אים נישט אָנגעקומען אַזוי גרינג. ער מאַכט פּלענער ווי צו פאַרבעסערן דעם אינהאַלט און רייכער מאַכן דעם ליטעראַרישן מאַטעריאַל פון זשורנאַל. צו זיין גרויסן באַדויערן באַקומט ער נישט די געוואונטשטע שטיצע פון די העברעישע שרייבער. זייערע אַרטיקלען פלעגן קומען צו אים פול מיט גראַמאַטישע גרייזן, מיט זאַצן וועלכע האָבן קיין פאַרבינדונג פון געדאַנק און דער אָנהויב שטימט נישט מיטן סוף. דערביי איז אינטערעסאַנט צו באַמערקן, אַז אפילו גרויסע, באַוואוסטע שרייבער ווי ש. פּ. ראבינאָוויטש (שפ״ר) און זיינס גלייכן, זענען אויך געווען נישט פאָרזיכטיק אין זייער שרייבן. אַזאַ צושטאַנד האָט אים פאַרשאַפט פיל עגמת נפש, מי און צייט און ער באַקלאָגט זיך זייער שטאַרק פאַר זיינע פריינד. (45)

## פראגן וועגן ארץ ישראל

אין דערזעלבער צייט האָט ער גענומען אויסאַרבעטן זיין מאַטעריאַל, וואָס ער האָט אָנגעזאַמלט אויף זיין לאַנגער נסיעה און שטודיום אין פּאַלעסטינע. ער האָט געביטן דעם נאָמען פון „אמת מא״י“ אויף „פראַגן וועגן ארץ ישראל“, וועלכע ער האָט אָנגעהויבן דרוקן אין „השלח“ אין פאַרלויף פון יאָר 1901. די מאמרים האָבן אויפגעשטורעמט די גאַנצע יידישע נאַציאָנאַלע באַוועגונג. ער האָט קיין זאַך נישט דורכגעלאָזן און קיינעם נישט געשוינט מיט זיין קריטיק, די פּראָטעסטן און פאַרדרוסן, וועלכע זענען נאָכדעם אָנגעקומען אויף זיין חשבון, האָבן אים ווייניק געקימערט. דער שטורעם, זאָגט ער, וועט אין גיכן אַריבער און דער אמת

וועט ארויפשווימען. און אַזוי איז טאַקע פּאַרגעקומען. מיט אַ קורצער צייט שפּעטער זענען געמאַכט געוואָרן גרויסע און בעסערע ענדערונגען אינעם גאַנצן סיסטעם פון דער פּאַלעסטינער אַרבעט. (46)

## שווערע ארבעט פארן ישוב

זיין אַרבעט פאַרן ישוב איז געווען איבער זיינע כוחות. די חבת־ציון באַוועגונג פון אַמאָל און דער נייער „ציוניזם" איז שטענדיק געווען אַ טייל פון זיין לעבן. אָפטע קאָמיטעט־זיצונגען און אַלגעמיינע אספות, שרייבן אַרטיקלען און אַ גרויסע צאָל בריוו צו שרייבער און כלל־טוער אין פיל לענדער, האָבן פאַרנומען זיין גאַנצע צייט. ער האָט נאָכגעפאָלגט מיט דער גרעסטער אויפמערקזאַמקייט יעדן שריט און באַוועגונג פון דער אַרבעט פאַר ארץ ישראל, און אין פאַל פון אַ נישט געלונגענער אַקציע פלעגט ער זיך זייער אויפרעגן. פיל שמערצן האָט אים פאַרשאַפט דער שלעכטער צושטאַנד פון דער באַוואוסטער קאָלאָניע „קאסטינא", וועלכע איז כמעט אינגאַנצן אויפגעבויט געוואָרן דורך דער הילף פונעם אָדעסער קאָמיטעט און ער איז געווען זייער באַזאָרגט וועגן דעם אָרימען מצב פון די קאָלאָניסטן.

## די שמיטה פראגע

מיט זיין גאַנצער זאָרג וועגן „קאסטינא" איז אינטערעסאַנט צו באַמערקן זיין שטעלונג צו דער קאָלאָניע אין שייכות מיט דער באַוואוסטער „שמיטה"־פראַגע. אין יענער צייט, תרנ"א, איז אויסגעקומען דאָס „שמיטה יאָר" אין ארץ ישראל. דעמאָלט איז די „שמיטה" געווען איינע פון די שווערסטע פּראָבלעמען אין לאַנד. עס זענען אָנגעגאַנגען פיל דיסקוסיעס צווישן די פאַריינען און אַ גרויסע פּאָלעמיק אין דער פּרעסע. אַ טייל פון די פרומע חובבים און מיט זיי פיל רבנים זענען באַשטאַנען דערויף, אַז די מצוה פון „שמיטה" זאָל דורכאויס ווערן אָפּגעהיט. דאַקעגן אָבער זענען געווען אייניקע גרויסע רבנים וגאונים, די אמתע איבערגעגעבענע חובבים און ציוניסטן, וועלכע האָבן געזוכט און געפונען אַ היתר אויף שמיטה. גע־

וויינטלעך האָבן די לעצטע באַקומען די אונטערשטיצונג פון דעם גרויסן משכילישן עולם און „שמיטה" איז אָפיציעל דערקלערט געוואָרן „מותר". איייניקע קאָלאָניסטן און צווישן זיי די „קאסטינא", זייער פרומע יידן, האָבן נאָך אַלץ מורא געהאַט אויפצוגעבן די „שמיטה" מצוה און באַשלאָסן נישט צו אַרבעטן אין דעם יאָר. דאָס האָט זייער אויפגעבראַכט אחד העם'ן, איבערהויפט אויף „קאסטינא". ער לאָזט זיי וויסן מיט זייער שטרענגע און קלאָרע דבורים, אַז אויב זיי וועלן נישט אַרבעטן און וועלן היטן „שמיטה", קענען זיי הונגערן, דער קאָמיטעט וועט זיי נישט שפּייזן. (47)

## „על פרשת-דרכים"

אַלס באַלוינונג פאַר זיינע שמערצן און פיל ערגערניש אין זיין אומדערמידלעכער אַרבעט, איז ער געווען מלא שמחה און אַרויסגעוויזן גרויס צופרידנהייט, ווען די „אחיאסף" אין וואַרשע האָט אים געלאָזט וויסן, אַז דער ערשטער באַנד פון „על פרשת דרכים" איז אינגאַנצן אויספאַרקויפט געוואָרן און זיי גרייטן זיך צו אַ צווייטער אויסגאַבע. די „אחיאסף" האָבן פון אים פאַרלאַנגט זיין בילד פאַר דער נייער אויסגאַבע מיט אַ קורצער ביאָגראַפיע. זייענדיק שטענדיק אַ קעגנער פון רעקלאַמע און באַרימעריי, האָט ער, נאַטירלעך, זיך אָפּגעזאָגט פון אַזאַ כבוד. „אַזאַ ערע", זאָגט ער, „וועט איר מיר קענען צוטיילן נאָך מיין טויט, צו דער דריטער אויסגאַבע, אָבער פאָרלויפיק פיל איך זיך נאָך נישט אַזוי אַלט און די צייט איז נאָך וויט צו דערציילן דעם עולם ווער איך בין. נאָר אַ מענטש קען קיינמאָל נישט זיין זיכער מיט זיך. אויף דער עלטער וועל איך זיך אפשר נאָך באַנאַרישן לויט דעם פסוק: „אל תאמין בעצמך". וועגן זיין בילד האָט ער געענטפערט: צו וואָס דאַרפן די לייענער וויסן די מאָס פון זיין נאָז, אָדער וואָס פאַר אַ סאָרט באָרד ער טראָגט? זיינע געדאַנקען קענען זיי אויסגעפינען לייענענדיק זיינע ווערק. (48)

# די פאַריזער דעלעגאַציע

אינמיטן ברען פון זיין אומדערמידלעכער אַרבעט פאַר דעם ישוב־הארץ קומט ביי אים פאַר אַ קריזיס און ער באַשליסט אויפצוגעבן אויף אַ געוויסער צייט זיין אַקטיוויטעט אין דעם אָדעסער קאָמיטעט, צוליב דער געשעעניש מיט דער באַוואוסטער „פאַריזער דעלעגאַציע“ אין זומער 1901.

סוף ווינטער פון יענעם יאָר איז פאָרגעקומען אַן אַלגעמיינע אסיפה פון די חובבי־ציון אין אָדעס. לויט אחד העמס אויסדרוקן איז די אסיפה געווען אַ מיניאַטור־קאָנגרעס, ווי דער ערשטער אין באַזעל. די חברים, וואָס פיל פון זיי זענען געווען איבערגעגעבענע ציוניסטן, האָבן אַריינגעבראַכט אין דער אסיפה אָרדענונג און סיסטעם אויף דעם אייראָפעישן שטייגער. דערהויפט, זאָגט ער, איז דאָס צום ערשטן מאָל פאָרגעקומען, אַזוי ווי אויף דעם באַזעלער קאָנגרעס, ווען דאָס יידישע פאָלק האָט עפנטלעך, מיט אַ דערהויבענער שטימע געלאָזט הערן דאָס גרויסע וואָרט: „נאַציאָנאַלע פרייהייט“. דאָס זעלבע האָט אויך איצט אין אָדעס, דער „ישוב ארץ ישראל“ געלאָזט הערן זיין וואָרט: „מענטשלעכע פרייהייט“. אייניקע צענדליק יאָר האָט מען אין בויען „ישובים“ אין לאַנד, די חובבים פון איין זייט און דער „נדיב“ פון דער אַנדערער. און ווען מען קומט שוין, דאַכט זיך, צו אַ תכלית, קומען פלוצלינג נישט־פאָרויסגעזעענע סיבות און אַלץ ווערט צעשטערט. אַזאַ צושטאַנד קומט פאָר שוין גאָר אַ לאַנגע צייט. נאָך פיל חקירה ודרישה איז די אַלגעמיינע אסיפה געקומען צום באַשלוס, אַז די הויפט סיבה פון דער נישט־געלונגענער קאָלאָניזאַציע איז, וואָס די קאָלאָניסטן האָבן אויף זיך צופיל אויפזעער און אפּוטרופסים, וועלכע גיבן זיי נישט די מעגלעכקייט פון זעלבסטשטענדיקייט. צופיל מנהיגים און בעלי עצות. אַ קאָמיטעט פון די בעסטע פירער אין דער באַוועגונג איז דעמאָלט אויסגעקליבן געוואָרן, און אחד העם צווישן זיי, אַלס „דעלעגאַציע“, וועלכע זאָל פאָרן קיין פּאַריז זיך זען מיטן „נדיב“, באַראָן ראָטשילד און פאָרלייגן פאַר אים דעם נייעם פּלאַן זייערן, לויט וועלכן די קאָלאָניסטן זאָלן קריגן די מעגלעכקייט צו ווערן בעלי־בתים איבער זיך, אויסבעסערן

דעם גאַנצן סיסטעם פון ישוב אויף נייע יסודות, וועלכע זאָלן איין מאָל פאַר אַלע מאָל אָפּשאַפן די געוואוינהייט פון בעטן שטיצע און בלייבן די־זעלבע קבצנים. דער ווינער אַקציאָנס־קאָמיטעט און בכלל הערצעל און נאָרדוי, זענען געווען קעגן אַזאַ „דעלעגאַציע". זיי זענען געווען זיכער, אַז מען וועט סיי ווי סיי גאָרנישט אויספירן, און פון דעם פּאָליטישן שטאַנד־פּונקט איז אַזאַ רייזע קעגן דעם כבוד פון ציוניות. אחד העם, זייענדיק ווייט פון פּאָליטישער טאַקטיק, איז דורכאויס באַשטאַנען, אַז די דעלעגאַציע מוז קומען צום באַראָן מיט אַ שטאַרקער „פאָדערונג" אינעם נאָמען פון דער יידישער נאַציאָנאַלער גערעכטיקייט.

דער ענטפער פון באַראָן צו דער דעלעגאַציע איז געווען די גרעסטע באַליידיקונג צו זיי. אין קורצן איז זיין תשובה געווען: „איך בין דער איינציקער בעל־הבית איבער דעם גאַנצן ישוב, איך האָב אים באַשאַפן און איך וויל נישט, אַז וועלכע נישט איז געזעלשאַפט (מיינענדיק די חו"צ) אָדער די קאָלאָניסטן אַליין, זאָלן זיך מישן אין דער אינערלעכער הנהגה און מיר זאָגן דעות אין „מיין אַרבעט". — קורץ און שאַרף!

די דעלעגאַציע, לויט ווי אחד העם שרייבט, האָט אויסגעהערט די מוסר־רייד מיט הכנעה, ווי „פאַרזינדיקטע" און „בעטלערס" און זענען געווען גרייט צו בעטן מחילה ביי דעם „פּריץ" מיט דעם צוזאָג צו ווערן אויף ווייטער פרום און געהאָרכזאַם און אַזוי אומגעפער, קומענדיק צוריק אַהיים, האָבן זיי זיך אויסגעדריקט אין זייער „דעקלאַראַציע" וועלכע איז נאָכדעם פּובליצירט געוואָרן אין דער פּרעסע. ער מיט נאָך צוויי דעלע־גאַטן זענען אַרויס עפנטלעך מיטן שטאַרקסטן פּראָטעסט קעגן דער האַנד־לונג פון די איבעריקע דעלעגאַטן, פאַרענטפערנדיק זיך פאַר דעם באַראָן. ער האָט אַרויסגעלאָזן אַ פייערדיקן מאמר מיט דעם נאָמען „שלוחי עם עני" קעגן זיינע חברים, אין וועלכן ער טאַדלט מיט די שאַרפסטע רייד זייער האַנדלונג. ער זאָגט, אַז דער הויפּט־געדאַנק פון זייער מיסיע איז דאָך געווען: קומען צום באַראָן ווי אַ שטאָלץ פאָלק, פאָרשטייער פון דער נאַציאָנאַלער פאָלקס־אַרבעט, כדי אויסצואַרבעטן אַ געמיינזאַמע קאָאָפּע־ראַציע לטובת דעם גאַנצן ישוב־סיסטעם. און אויסגעלאָזן האָט זיך, אַז זיי זענען געשטאַנען פאַר אים ווי „שתדלנים" מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ. ווי נאָר ער האָט זיי געזאָגט דאָס וואָרט „ניין", האָבן זיי מער נישט געפו־נען קיין מוט אים צו געבן דעם ריכטיקן ענטפער און ווי „שנאָררערס"

זענען זיי געבליבן שטיל. אויב זיי האָבן מורא געהאַט טאָמער וועט דער „נדיב" צוריקציען זיין שטיצע צו די קאָלאָניסטן, איז דעמאָלט נישט בעסער און שענער געווען צו ריזיקירן די „חיי שעה" פאַר דעם „חיי עולם", ווען מען וויל בויען אַ נאַציאָנאַל־פריי לעבן אין דער צוקונפטיקער פאַלעס־טינע? פרייהייט ווערט גענומען און נישט געגעבן! און אַזוי איז ער ווייטער אָנגעגאַנגען מיט זיינע שאַרפע אויסדרוקן.

דער אינצידענט האָט אים זייער נידערגעשלאָגן און ער באַשליסט זיך צוריקצוציען פון דעם חובבי־ציון קאָמיטעט, נישט זיין מער אַקטיוו אין דער אַרבעט און זיך אָפּגעבן אויסשליסלעך מיט ליטעראַרישער שאַפונג. „אונדזערע אַלטע ציוניסטן", זאָגט ער, זענען גבורים מיטן מויל און פחדנים אין טאָטן. די פראַזן האָבן זיי אויפגעגעסן און זיי זענען מער נישט פעיק פאַר גרויסע מעשים, וועלכע פאָדערן גבורה. אָבער דער נייער דור וועט ענדערן זייער אַרבעט!" *) (49)

## דר, הערצעלס אוידיענץ ביים סולטאַן

עס איז כדאי צו באַמערקן וועגן אַן אַנדערער אינטערעסאַנטער דערשיי־נונג, וועלכע איז פאָרגעקומען אין דעם זעלביקן זומער פון דער „פּאַריזער דעלעגאַציע" און וועלכע איז אַביסל ענלעך צו דער לעצטער און דער שטעלונג וועלכע אחד העם האָט גענומען צו איר. דאָס איז די באַוואוסטע אוידיענץ פון דר' הערצעל ביי דעם סולטאַן פון טערקיי. אין דער צייט וואָס דר' הערצעל און דר' נאָרדוי זענען געווען דורכאויס קעגן דער „דעלעגאַ־ציע" צום „נדיב", זייענדיק זיכער, אַז ער וועט בשום אופן זיי נישט נאָכ־געבן, איז אחד העם אַרויס קעגן דער „סולטאַן־אוידיענץ" צוליב דער מורא,

*) כדאי דאָ צו דערמאָנען דעם לעצטן נאבעלעם אקט פון דער ראטשילד פאמיליע, די יורשים פון נדיב, מיטן אָפּגעבן צום קרן קימת ארום 140 טויזנט לאנד, דעם גאנצן פארמעגן פון פיק"א אין ישראל און אויך 6 מיליאָן ל"י צו בויען א כנסת־בנין אין ירושלים. דערצו א צוזאָג צו פינאנצירן נאָך מוסדות. ווען אחד העם לעבט איצט, וואָלט ער זיך פיל פריינדלעכער אויסגעדריקט.

אַז דער אַקט וועט נאָך מער שאַדן טאָן דעם ישוב אין ארץ ישראל. ער, אַלס קעגנער פון דער דיפּלאָמאַטישער אַרבעט אין ציוניזם, האָט נישט געוואָלט נאָכגעבן און מודה זיין, וועגן דער פּאָליטישער באַדייטונג פון דער אוידיענץ פאַר דעם ציוניזם. הערצעל האָט דאָך געטראַכט, אַז אַזאַ אומגעווײנלעכע דערשיינונג אין יידישן לעבן וועט האָבן אַ גרויסע ווירקונג אויף די יידישע גבירים און זיי וועלן קומען שנעל מיט זייער פינאַנציעלער הילף צו קויפן ארץ ישראל פון דעם סולטאַן, ווייל דערמיט וואָלט טערקיי זיך אויך געראַטעוועט פון אירע שווערע חובות. אָבער ווען די מאַסן מיט זייערע גבירים זענען געבליבן רויק אין זייער ליטאַרגישן שלאָף און נישט געקענט זען, אַז זיי פאַרלירן דעם בעסטן און גרעסטן שאַנס אין זייער געשיכטע, איז דאָס נישט געווען הערצעלס שולד. אחד העם ווידער, ווי זיין שטייגער, וויל באַווייזן מיט דעם, אַז אונדזער הויפּט אויפגאַבע איז צו דערציען פריער דאָס פאָלק, עס זאָל זיין צוגעגרייט פאַר אַזעלכע גרויסע מעשים. מעגלעך, אַז ביידע האָבן געדענקט ריכטיק, אָבער ווער איז שולדיק אין דעם? (50)

## די שלעכטע לאגע פון „אחיאסף"

זיין האָפענונג, אַז איצט, נאָך דעם ווי ער האָט פון זיך אַראָפּגענומען דעם יאָך פון קהלישער אַרבעט דורך זיין אַרויסטרעטן פון דעם חובבי־ציון קאָמיטעט, און אָפּגעבנדיק זיך אינגאַנצן דער ליטעראַטור, וועט זיין מצב ווערן אַביסל רויקער, איז נישט אינגאַנצן פאַרווירקלעכט געוואָרן. די אייגנטימער פון „אחיאסף" האָבן זיך אַרומגעקוקט, אַז די פינאַנציעלע אינטערעסן פון זייער געזעלשאַפט גייען נישט ווי אַמבעסטן. דער ביכער־מאַרק פון העברעישע ספרים האָט זיך פיל פאַרקלענערט און דערצו זענען זיי נאָך אַריינגעקראָכן אין פיל מער הוצאות דורך דער אויסגאַבע פון „הדור", וועלכער האָט געבראַכט נישט קיין פאַרדינסטן, נאָר דעפיציטן.

ער אַלס אײנער פון די ערשטע גרינדער פון „אחיאסף", איז געװאָרן באַ־זאָרגט װעגן איר שלעכטן מצב און בפרט װען ער האָט זײ נאָך לאַנג פאַרױס מתרה געװען װעגן דעם „הדור". אַממערסטן איז ער געװאָרן אומ־רויק װעגן דעם גורל פון „השלח", פון װעלכן די „אחיאסף" זענען געװען די אַרױסגעבער. בכלל באַקלאָגט ער זיך פאַר זײנע קאָלעגן, אַז אַ לאַסט פון ליטעראַרישער אַרבעט צוזאַמען מיט פינאַנציעלע זאָרגן איז שוין אַביסל צו שװער פאַר אים צו טראָגן.

דערצו נאָך האָט „אחיאסף" געפאָדערט פון אים, אַז אױסער דעם „ילקוט קטן" זײנעם זאָל ער שרײבן מער מאמרים, כדי ד'ײכער צו מאַכן דעם „השלח" און נישט אָפּגעבן זיך אַזױ פיל מיט דער שטרענגקײט פון אױסבעסערן די אַרטיקלען פון אַנדערע שרײבער אױף װעלכע ער פאַר־לירט אַזױפיל צײט און קרעפטן. אױף דעם ענטפערט ער זײ, אַז דער אײנציקער װעג װאָלט געװען, אַז ער זאָל װערן אױס רעדאַקטאָר פון „השלח". אָבער כל זמן זײן נאָמען איז אױף דעם זשורנאַל, װעט ער פאַר קײן פאַל דורכלאָזן אַ מאמר, װעלכער איז נישט ריכטיק געשריבן און שטימט נישט מיט דעם גײסט פון „השלח". ער האָפט, זאָגט ער זײ, אַז די צײט װעט אפשר קומען אַמאָל און אים װעט זײן מעגלעך צו ציען זײן פרנסה נישט פון ליטעראַרישער אַרבעט, װעלכע פאַרדאַרבט זײן קער־פּער און נשמה. װײל די לעצטע צײט שטודירט ער נישט און לײענט זײער װײניק און ער האָט מורא, אַז אינגיכן זאָל ער פאַרגעסן װאָס ער האָט גע־לערנט, און גאָר װערן אַן „עם הארץ". (51)

## ראבניצקי — געהילף־רעדאקטאר פון „השלח"

נאָך לאַנגע פאַרהאַנדלונגען און באַראַטונגען פון די פאָרשטײער פון „אחיאסף" איז געמאַכט געװאָרן אַ נײע אָרדענונג אין דער רעדאַקציע פון „השלח", װעלכע מאַכט פאַר אים פיל לײכטער די אַרבעט. זײן נאָענטס־טער און איבערגעגעבענער פרײנד, ה' ראבניצקי װערט אָנגעשטעלט אַלס זײן מיטהעלפער אין דער רעדאַקציע, און דאָס האָט אים געגעבן מער פרײע צײט צו לײענען און שרײבן. און טאַקע אין אַ קורצער צײט שפּע־טער, סוף 1901, איז דערשינען אין „השלח" זײן באַװאוסטער מאמר:

„התורה והעבודה״, לכבוד דר׳ פינסקערס צען־יאָריקער יאָרצייט. דעם „הדור״ האָט מען געמוזט אויפגעבן, ער האָט אפילו זייער באַדויערט, אַז אַ העב־רעישע צייטונג זאָל אויפהערן צו דערשיינען, אָבער לויט דעם פינאַנציעלן צושטאַנד איז קיין אַנדערע ברירה נישט געווען. (52)

## „התורה והעבודה״ (וועגן ד״ר לעאָן פינסקער)

אין דעם אויבנדערמאָנטן מאמר „התורה והעבודה״ דריקט ער זיך אויס, אַז מיט דעם וויל ער אומקערן אַ חוב, וואָס דער עולם איז שולדיק דעם ערשטן שאַפער פון דעם פּאָליטישן ציוניזם, דר׳ ל. פינסקער. דאָס קליינע זעקס און דרייסיק זייטיקע ביכל, „אויטאָעמאַנציפּאַציאָן״ *) וועלכעס האָט מיט צוואַנציק יאָר צוריק געמאַכט דעם גרעסטן רושם צווישן די יידן, איז איצט „אַ זאַך פון דער פאַרגאַנגענהייט״. פינסקערס שאַפונג ווערט דער־מאָנט צווישן די ציוניסטן אַלס אַ זאַך פאַר „מתן תורה״, אָדער ווי אַ מין הקדמה פאַר דעם עיקר, ד. ה. דר׳ הערצעלס „יודענשטאַט״. קיינער נעמט זיך נישט די מי צו שטודירן און פאַרשטיין דר׳ פינסקערן, וועלכער איז געווען דער אָריגינעלער גרינדער פון דער „פּאָליטישער באַוועגונג״ און וועלכער האָט אַוועקגעשטעלט דעם ציוניסטישן געדאַנק אויף קלאָרע יסודות מיט אַ קורצן פּראָגראַם פון אַרבעט, כדי אים צו פאַרווירקלעכן. ער, ווי די שפּעטערדיקע נייע ציוניסטן, זענען געקומען צו דער ציוניסטישער אידעע נישט דורך פאַרשטיין און פילן דעם „יידישן שמערץ״, אָדער די „צרת־היהדות״, וועלכע פאָדערט די בויאונג פון אַ נייעם פונדאַמענט פאַר זיין עקזיסטענץ און אייניקייט. ער איז געקומען צום ציוניזם דורך איבערצייגן זיך, אַז דער פּראָגרעס פון דער וועלט וועט נישט העלפן בעסער מאַכן די לאַגע פון די יידן, כל זמן זיי וועלן נישט האָבן אַן אייגן נאַציאָנאַל לאַנד.

ער דערקלערט ווייטער דעם אונטערשיד צווישן פינסקערס און הערצעלס אידעען. דער ערשטער קומט צו זיין איבערצייגונג וועגן דער אייבי־

*) דערשינען אין 1882.

קער שנאה צו יידן צוליב דריי הויפט אורזאַכן, נעמלעך — נאַציאָנאַליסטישע, פּאָליטישע און עקאָנאָמישע. הערצעל לאָזט אַרויס אינגאַנצן די נאַציאָנאַ־ליסטישע פראַגע און באַגרינדעט זיין ציוניזם נאָר אויף די לעצטע צוויי. און ווען מען שטודירט גרינטלעכער פּינסקערס ביכל, קען מען זען, אַז אפילו די אַנדערע צוויי סיבות קומען ביי אים נאָר אַלס רעזולטאַט פון דער ערשטער סיבה, ד. ה. דער נידערגעשלאָגענער נאַציאָנאַלער צושטאַנד אונדזערער צווישן די פעלקער איבעראַל. מיט דעם איז דר׳ פּינסקערס ציוניזם פיל נענטער צו דעם אידעאַל, וועלכער איז באַקאַנט איצט אַלס „דער גייסטיקער ציוניזם״.

מיר מוזן אָבער מודה זיין, זעצט ער פאָר, אַז די גרויסקייט פון פּינס־קערן איז נאָר אין דער „תורה״. ער האָט נישט פאַרמאָגט די פעיקייט פון „עבודה״, פון גיין צום פאָלק, אָרגאַניזירן די מאַסן, רעדן צו זיי מיט פאַרשידענע „פאַרשטעלטע״ שפּראַך־אויסדרוקן כדי צו דערגרייכן רעזול־טאַטן און דורכפירן גרויסע מעשים, וועלכע זאָלן ברענגען נענטער צו דער ווירקלעכקייט.

די גרויסע קראַפט פון „עבודה״ האָט פאַרמאָגט הערצעל. אין עטלעכע יאָר האָט ער אויפגעטאָן פיל מער ווי פּינסקער פאַר דער גאַנצער צייט זייגער.

דעריבער מוזן מיר צוגעבן, אַז „תורה ועבודה״ זענען צוויי באַזונדערע אייגנשאַפטן און זעלטן קענען זיי זיך פאַרייניקן אין איין מענטשן. איך דערלויב זיך צו זאָגן, ענדיקט ער, אַז פּינסקער איז געווען דער „געזעצגעבער״ פון דעם פּאָליטישן ציוניזם און הערצעל איז זיין „אַפּאָסטאָל״, ער האָט געמאַכט פון אים אַ פאָלקס־באַוועגונג און מיר גיבן זיי ביידן אָפּ דעם גרויסן כבוד וועלכן זיי האָבן פאַרדינט.

אָבער, זאָגט ער, איך מוז אונטערשטרייכן, אַז מען זאָל נישט פאַר־געסן פּינסקערן, ד. ה. מען זאָל מער און טיפער לערנען זיין קליין ביכל כדי צו פאַרשטיין דעם ריינעם אידעאַלן נאַציאָנאַלן ציוניזם. (53)

1902

# די תקופה נאכן פינפטן קאנגרעס

א. דער „שקל״

ב. קולטור ארבעט („תחית־הרוח״)

ג. אינטערעסאנטע שטריכן פון אחד העם׳ס פערזענלעכקייט

ד. דער „שקל״

# דער „שקל״

צום פיפטן קאָנגרעס אין באַזעל איז ער נישט געפאָרן. דעם גאַנצן זומער פון 1901 האָט ער געוואוינט ביי זיין בעסטן פריינד מרדכי בן הלל הכהן אין וואַלד, וואו ער האָט געהאַט פולקאָמענע רו. דער קאָנגרעס איז גראָד געווען אַן אינטערעסאַנטער, אויף וועלכן עס זענען אָנגעגאַנגען פיל היציקע דעבאַטן וועגן דער באַוואוסטער „קולטור״־פראַגע. דער קאָנגרעס האָט אויסגעקליבן אחד העמן, אַלס מיטגליד פון דעם „קולטור־קאָמיטעט״ אונטער זיינע אויגן, אָבער מיט דעם תנאי, אויב ער האָט דאָס יאָר באַצאָלט זיין „שקל״, ד. ה. אַז דעמאָלט קען ער גערעכנט ווערן אַלס געזעצלעכער מיטגליד פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. אין זיין ענטפער צו דעם אַקציאָנס־קאָמיטעט אין ווין, זאָגט ער אָפן, אַז ער האָט דאָס מאל דעם „שקל״ נישט באַצאָלט און דעריבער דענקט ער, אַז זיין מיטגלידערשאַפט צום קולטור־קאָמיטעט איז נישט כשר. ער איז גלייכגילטיק, אין פרינציפּ, צו דער אינסטיטוציע „שקל״, ווייל ער זעט נישט אין דעם קיין סימן פון איבערגעבנהייט צו דעם ציוניסטישן געדאַנק. ער קען אַ סך יידן, וועלכע צאָלן דעם שקל רעגלמעסיק און ער קען זיי פאַר קיין פאַל נישט רעכענען אַלס „ציוניסטן״, און פון דער אַנדערער זייט האָט ער אַליין, אָן דעם שקל, געבראַכט פיל קרבנות פאַר דעם ציוניזם און דעם שקל צאָלט ער נאָר, ווען איינער מאָנט דאָס פון אים. נאָך זיין מיינונג, איז דער שקל נישט דער ריכטיקער באַראָמעטער פון אַ ציוניסט און איז נישט דער „אני מאמין״ פון דער ציוניסטישער אידעע. „דעריבער איז מיין דערוויילונג צום קאָמיטעט אָפּהענגיק פון אייך אַליין״, ענדיקט ער זיין בריוו. מיר מוזן צוגעבן, אַז פון אָרגאַניזאַציאָנעלן שטאַנדפּונקט איז ער נישט געווען גערעכט, ער פלעגט צו אָפט און צופיל אָנווייזן זיין פרינציפּ...

נאַטירלעך איז ער געבליבן אין קאָמיטעט און מיט דעם האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייַ קאַפּיטל אין דער באַוועגונג, וואָס האָט געגעבן גענוג מאַטעריאַל פאַר דיסקוסיעס צווישן די אגודות און דער פרעסע.

# קולטור ארבעט (תחית-הרוח)

ער האָט דורכאויס געפאָדערט פולע אויטאָנאָמיע אין דער אַרבעט פאַר קולטור. נישט אַלס מיטל פון פראָפּאַגאַנדע און פאַר פּאָליטיש־אָרגאַניזאציאָנעלע צוועקן, נאָר אַלס אַ טייל פון דעם ציוניסטישן פראָגראַם. ער האָט אָנגעפירט אַ לאַנגע און גרויסע מלחמה דורך בריוו מיט די מערסטע ציוניסטישע פירער, אַז מען זאָל נישט דערלאָזן מאַכן פון דעם „קולטור־קאָמיטעט" אַ ווערקצייג אָדער אַ שפּילעכל פאַר „באַריכטן" לויט ווי „ווין" האָט געפאָדערט. די ציוניסטישע אַדמיניסטראַציע האָט אים נישט נאָכגעגעבן. האָט ער זיך דער ערשטער אָנטזאָגט און נאָך אים אַנדערע מיטגלידער און פון דער גאַנצער קולטור־פראַגע אַלס אַ טייל פון קאָנגרעס איז גאָרנישט געוואָרן און איז אָפיציעל נישט אָנערקענט געוואָרן.

אָבער פון דער אַנדערער זייט האָט ער מיט פיל פון זיינע חברים ציוניסטן, וועלכע האָבן איינגעשטימט מיט זיינע אידעען, באַשלאָסן אָנצוגיין אַליין מיט דער קולטור־אַרבעט, נישט זייענדיק אָפּהענגיק פון דעם קאָנגרעס. סוף זומער 1902, איז פאָרגעקומען די באַוואוסטע „מינסקער קאָנפערענץ", די ערשטע אָפיציעלע אסיפה אין רוסלאַנד, וועלכע האָט געמאַכט געשיכטע אין דער ציוניסטישער באַוועגונג. צווישן די הויפּט ענינים אויפן טאָג־אָרדענונג האָט די קולטור־פראַגע פאַרנומען אַ געוויסן פּלאַץ. אחד העם האָט דעמאָלט געהאַלטן אַ רעפעראַט וועגן „יידישער קולטור", וועלכער האָט געמאַכט אַ גרויסן איינדרוק אויף דער אסיפה. שפּעטער איז דער רעפעראַט אָפּגעדרוקט געוואָרן אין „השלח" ס"ג, אונטער דעם נאָמען „תחיית־הרוח".

דעמאָלט איז דאָס וואָרט „יידישע קולטור" געווען איינע פון די שווערסטע און פאַרפּלאָנטערטסטע פראַגן, און מען האָט זי נישט געקענט לייזן אויף אַ פרידלעכן און צופרידנשטעלנדן אופן פאַר אַלע פראַקציעס, וועלכע האָבן דעמאָלט אויפגעטויכט אין דער ציוניסטישער באַוועגונג. יעדע פראַקציע פון די נאַציאָנאַלע, ראַדיקאַלע און פרומע עלעמענטן האָט געוואָלט אויסטייטשן קולטור דורכאויס לויט איר אייגענעם ענגן באַגריף.

אחד העם האָט געזוכט, מיט זיין רעפעראַט צו לייזן די פראַגע פון אַ ריין־יידישן שטאַנדפונקט, לויט דער אַנטוויקלונג פון לעבן אַליין. בכלל האָט ער געוואָלט באַרויקן די צוויי עקסטרעמע לאַגערן — דעם ריין פּאָלי־טישן און די פרומע ציוניסטן. לויט זיין מיינונג איז די „קולטור־פראַגע״ אַ געוויינלעכע און פשוטע זאַך, און אומזיסט האָט מען אויף איר אָנגעוואָרפן אַזאַ אימה און זי האָט אַרויסגערופן אַזוי פיל טומל צווישן די ציוניסטן, פון קאָנגרעס ביז דער קלענסטער אסיפה, אין די קליינע קרייזן פון די אגודות. די שרעק איז אַן אומזיסטע און דאַרף נישט שאַפן קיין סכסוכים צווישן די פאַרשידענע גרופּן.

„נאָך איידער דער פּאָליטישער ציוניזם איז אויפגעקומען״, זאָגט ער, „האָבן מיר אויך געהאַט „ציוניות״, אַ פשוטע אָן אַ צונאָמען. און די „ציוניות״ האָט נישט געוואוסט פון קיין קולטור־פראַגע. איר ציל איז געווען קלאָר און פשוט: אַוועקשטעלן דעם יידישן נאַציאָנאַליזם אויף נייע לעבנס באַדינ־גונגען, „אַ יידישע פרייע נאַציע אין אונדזער פריי לאַנד״. דער „ציוניסט״, אָדער ווי ער האָט זיך גערופן „חובב־ציון״, האָט געוואוסט, אַז זיין פליכט איז צו אַרבעטן פאַר דער אויסלייזונג פון ארץ ישראל און אין דער זעלבער צייט אויפמאַכן אַ חדר־מתוקן אין זיין שטעטל און זען צו פאַרשפּרייטן די העברעישע ליטעראַטור. ביי אים איז דאָס נישט געווען קיין „פּראָבלעם, נאָר אַ דירעקטע „ציוניסטישע אַרבעט״, וועלכע גייט אַריין אין דער גרעניץ פון דער יידישער נאַציאָנאַלער אויפלעבונג״.

און איצט קומט דער נייער ציוניזם מיט דעם באַזעלער פּראָגראַם, וואָס לויטעט: „גרינדן אין ארץ ישראל אַ זיכערע היים פאַר דעם יידישן פאָלק״, נישט דערמאָנענדיק קיין איינציק וואָרט וועגן „אַ נאַציאָנאַל יידיש לעבן״. דער פעלער, זאָגט ער, איז וואָס דער פּאָליטישער ציוניזם האָט געמאַכט זיין „תוכן פוסט און „די קולטור־אַרבעט״ איז ביי די פּאָליטיקער געוואָרן אַ „פראַגע״. טויזנטער יאָרן ליידט דאָס יידישע פאָלק די גרעסטע יסורים צוליבן אָפּהיטן זיין נאַציאָנאַלן גייסט מיט דעם גרעסטן אויסדויער, און ווען עס איז געקומען אַ בעסערער מאָמענט אין לעבן, ווערט זיין קולטור אַ „פּראָבלעם״ און אַנדערע האָבן צו דעם אַן ענטפער „ניין״.

ער ברענגט פיל פאַקטן און ווייזט פאַרוואָס מיר מוזן פאָדערן, אַז די קולטור־אַרבעט זאָל זיין אַ טייל פון דעם ציוניסטישן פּראָגראַם. מיר וועלן פּרובירן דאָ געבן אייניקע פון זיי, וועלכע זענען מער־ווייניקער

אינטערעסאַנט.

ער זאָגט: „די אָפיציעלע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע פאַרזיכערט אונדז, אַז זי שטערט נישט אין דער קולטור־אַרבעט פון די ציוניסטן וואָס איז אַ פּריוואַט־זאַך, אָבער אין איר פּראָגראַם קענען זיי דאָס נישט אַרייננעמען. און לויט די באַריכטן, וועלכע זענען אודז באַקאַנט, באַשעפטיקן זיך מיט קולטור נאָר די אגודות. זיי האָבן אין זיך אַ רוח חיים, וואָס גיט זיי גענוג כח צו עקזיסטירן און צו פּראָגרעסירן. און די יעניקע וועמענס אַרבעט עס באַשטייט נאָר פון קלייבן שקלים און פאַרקויפן אַקציעס — באַמערקן מיר זייער אָפט — צעפאַלן זיך מיט דער צייט, ווייל זיי פעלט די לעבנס־קראַפט פון געדאַנק און אידעע. די „הנהגה" קומט אויך צום באַשלוס, אַז פּראַקטיש טוען דאָך די מערסטע ציוניסטן די קולטור־אַרבעט זייער פלייסיק. אָבער, באַמערקט ער, זיי זענען אפשר גערעכט אין דעם, אַז וואָס שייך צו קולטור, דאַרף מען נישט זוכן קיין הסכמה פון ציוניות, און אין דעם גראָד איז די גרויסע געפאַר פאַר דעם ציוניזם גופא. אויב דער ציוניזם וועט זיך באַנוגענען נאָר מיט דיפּלאָמאַטיע און מסחר־אינטערעסן און די גאַנצע אינערלעכע נאַציאָנאַלע אַרבעט וועט זיך אָפּטיילן אַלס אַ באַזונדערער ענין, וועלכער האָט קיין שייכות מיט אים, וועט דער ציוניזם מיט דער צייט דערנידעריקט ווערן אויף אַזוי פיל, אַז זיין אינהאַלט וועט באַשטיין פון שיינע מעשיות וועגן „רייזעס", „אוידיענצן", אַ סך „הבטחות" און נישט מער.

דעריבער איז אונדזער געדאַנק פון קולטור טעטיקייט נישט נאָר אַ שיינע פראַזע און „אַ מלחמה פון ווערטער", נאָר אַ וואונטש צו היטן די גאַנצקייט און דאָס לעבן פון ציוניזם, אַז עס זאָל נישט איינגעשרומפּן און אויסגעטריקנט ווערן פון זיין חיות".

„מען מאַכט אַ טעות, אַז דאָס יידישע פאָלק האָט אויפגעהערט זיין קולטור־שאַפונג אין גלות. די תלמודישע ליטעראַטור און דערנאָך די מפרשים מיט דעם שולחן־ערוך זענען נאָר אַ המשך פון אונדזער שאַפונגס־קראַפט פון די תנ"ך צייטן. אונדזער גייסטיקער בוים איז טיף און שטאַרק איינגע־וואָרצלט. ער גיט פאַרשידענע פרוכטן לויט דעם געשמאַק און אַנטוויקלונג פון לעבן אין אַלע תקופות. נאָר אין דעם לעצטן פעריאָד פון אַסימילאַציע און עמאַנציפּאַציע האָט די יידישע קולטור פּלוצלינג אָנגעוווירן איר שאַ־פונגס־קראַפט צוליב דעם בטול צו אונדזער נאַציאָנאַלער אייגנשאַפט".

„און איצט, ווען עס פעלט אונדז ברויט און גייסט, דאַרפן מיר האַלטן

דעם שטריק פוןביידע זייטן און זוכן אַ „מקום בטוח“ פאַר אַלץ. בויענדיק דעם ישוב החומרי אין ארץ ישראל איז אונדזער חוב אויפצובויען צוריק אונדזער גייסטיקע, נאַציאָנאַלע קולטור, יעדע גרופּע זאָל זיך אַנטוויקלען לויט אירע איבערצייגונגען און צוזאַמען בילדן, מיט דער אַנטוויקלונג פון לעבן, אַ נאַציאָנאַלן קבוץ פאַר דער צוקונפט“. (56)

## אינטערעסאַנטע שטריכן פון זיין פּערזענלעכקייט

די פּינקטלעכקייט און די פּרינציפּיעלע אידעען, לויט וועלכע ער האָט שטענדיק באַהאַנדלט סאָציאַלע און געזעלשאַפטלעכע פראַגן, און פאַר וועלכע ער פלעגט שטאַרק קעמפן, האָט ער גערעכנט אַלס הייליקטום און טייל פון זיין לעבן. טייל מאָל איז אויסגעקומען, אַז מענטשן, וועלכע האָבן אים נישט פאַרשטאַנען, נישט אַריינדרינגענדיק טיף אין זיין נשמה, פלעגן קוקן אויף אים מיט קנאה און אָפט אים חשד געווען אַלס אַ „רודף אחרי הכבוד“. אָבער אין דעם איז געווען זייער גרויסער טעות, ער איז געווען ווייט פון אַזעלכע געדאַנקען און דאָס איז געווען פונקט דער היפּוך פון זיין נאַטור.

עס איז געווען אַן אָנגענומענער מנהג ביי פיל גרויסע לייט צו זוכן דעם כבוד אין ווערן אַ מיטגליד פון וועלכער עס איז געזעלשאַפט, אפילו ווען זיי האָבן גאָר קיין פאַרבינדונג נישט געהאַט מיט איר. אחד העם, זייענדיק געשעצט זייער הויך אין דער יידישער געזעלשאַפט און פאַרנע־מענדיק אַן אָנגעזעענעם פּלאַץ אין דער ליטעראַרישער וועלט, פלעגט זייער אָפט פאַרגעשלאָגן ווערן אַלס ערן־מיטגליד אין אגודות און קולטורעלע געזעלשאַפטן פון אַ סך לענדער. ער האָט זיך אָבער שטענדיק אָפּגעזאָגט פון אַזעלכע כבודים, אויב נאָר ער איז נישט געווען אימשטאַנד בייצוטראָגן עפּעס פאַר זיי. ער האָט נישט געוואָלט זיין גלאַט אַ חבר צוליב כבוד אַליין און נישט קאָנען ברענגען מער אָדער ווייניקער נוצן פאַרן וואויל פון דער אָדער יענער געזעלשאַפט. (57)

נאָך אַ קליינעם ביישפּיל קענען מיר צוגעבן, צו באַווייזן ווי ווייט ער

איז געווען קעגן מפרסם זיין זיך אַליין:

אין וואַרשע האָט זיך געגרינדעט אַ חברה „לבנון" מיט דער אויסזיכט אַרויסצוגעבן פּאָסט־קאַרטן, וועלכע זאָלן האָבן אויף זיך די בילדער פון פאַרשידענע יידישע גדולים, כלל־טוער און שרייבער. ווען „לבנון" האָט אים פאָרגעשלאָגן ער זאָל זיי שיקן זיין בילד מיט דער דערלויבעניש דאָס צו דרוקן, האָט ער זיי באַדאַנקט פאַר דעם כבוד און אָנטזאָגט זייער בקשה. ער דריקט אויס זיין מיינונג וועגן יענער נייער מאָדע, וועלכע האָט זיך דעמאָלט פאַרשפּרייט. ער זאָגט אַז יידן האָבן געשעצט זייערע גדולים נאָר פאַר זייער גייסט און שאַפונג, און נישט פאַר זייער שיינעם פנים. דער מינהג צו פאַרשפּרייטן בילדער פון גרויסע מענטשן, איז אַ קאָפּירונג פון אַנדערע פעלקער, אַ מין ירושה פון די אַמאָליקע געצנדינער. אין אַלגעמיין, פאַרשטייט ער נישט דעם „נחת־רוח" פון די לייענער און אפילו די וועלכע זענען אייניק מיט אים אין זיינע געדאַנקען, אַז ווען זיי שרייבן אַ קאַרטל וועגן מסחר אָדער פריוואַטע זאכן, זאָלן זיי זיך איינקוקן אין זיין פנים. (58)

אפשר איז אַזאַ בליק נישט מאָדערן פאַר אונדז, אָבער אַזוי „איז ער געווען".

ער האָט זייער גערן געוואָלט באַזוכן די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע און זיך דאָרט באַזעצן אויף אַ לענגערער צייט, כדי צו שטודירן דאָס יידישע לעבן גרינדלעך. ער איז געווען אין דער מיינונג, אַז אין דאָזיקן לאַנד הויבט אָן שפּראָצן אַ נייע יידישע שעפערישקייט און עס אַנטוויקלט זיך אַ נייע מאָדערנע יידישע קולטור. ער האָט געזוכט פאַרשידענע מיטלען ווי אַזוי אויסצופירן זיין וואונטש, ווייל זיין פינאַנציעלע לאַגע האָט אים נישט דערלויבט אַזאַ אונטערנעמונג. ער האָט געזוכט די מעגלעכקייט ביי דער „כרמל קאָמפּאַני", פון וועלכער די אייגנטימער זענען געווען זיינע בעסטע פריינד, אַז זיי זאָלן מאַכן פאַר אים אַ פּלאַץ אין זייער אָפּטיילונג אין ניו־יאָרק פאַר אַ געוויסער צייט. אָבער צוליב אייניקע סיבות איז דער פּלאַן צונישט געוואָרן. (59)

## המשך 1902

א. דער קאמף מיט דער חברה „מרבי השכלה“

ב. „משה“

ג. ער ווערט אויס רעדאקטאָר פון „השלח“; פארבינדט זיך מיט
ויסאָצקי טיי־געשעפט

## דער קאַמף מיט דער חברה „מרבי השכלה“

אין דעם זעלבן יאָר, 1902, ווינטער צייט, האָט זיך געטומלט צווישן די נאַציאָנאַלע קרייזן אין די מער גרויסע שטעט פון רוסלאַנד, איבערהויפּט אין אָדעס, צוליב דעם קאַמף וואָס זיי האָבן אָנגעפירט מיט דער חברה „מרבי השכלה“. די לעצטע האָט געהאַט אין איר רשות אַ נעץ פון שולן, וועלכע זי האָט אונטערשטיצט אין פאַרשידענע שטעט אין רוסלאַנד און פוילן. די ציוניסטן און מיט זיי פיל אַנדערע נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס האָבן גע־פאָדערט, אַז די חברה זאָל איינפירן אַ נאַציאָנאַלע העברעישע דערציאונגס־סיסטעם אין אירע שולן. נאַטירלעך איז אחד העם געווען דער הויפּט אָנפירער אין דער מלחמה מיט די „מרבי השכלה“. ער פלעגט האַלטן רעפע־ראַטן, פירן דיסקוסיעס אויף פיל פאַרזאַמלונגען און אַ סך שרייבן וועגן דעם ענין. אין פאַרלויף פון זיין קאַמף האָט ער אונטערגעשטראָכן די פאָל־גנדע געדאַנקען:

1) דער „חנוך לאומי“, וועלכן ער פאָדערט, מיינט נישט, אַז מען זאָל שטענדיק איינשטודירן נאַציאָנאַליזם מיט קינדער און זיי דערציילן גרויס־קייט און לויבגעזאַנגען פון זייער פאָלק. אַזאַ מין אַקט קען מען ריכטיקער אָנרופן שאָוויניזם און ער איז זייער שעדלעך פאַר דער דערציאונג. וואָס ער מיינט מיט נאַציאָנאַלער דערציאונג, איז די סיסטעם פון איינוואָרצלען אין די הערצער פון די קינדער אַלע מענטשלעכע אייגנשאַפטן און שאַפונגען פון דעם יידישן נאַציאָנאַלן שטאַנדפּונקט און דורך דעם וועלן זיי נישט ווילנדיק איינזאַפּן אין זיך דעם ריינעם נאַציאָנאַלן גייסט. ביי אַ נאָרמאַל פאָלק וואו די גייסטיקע אַטמאָספערע אַרום איז אַ נאַטירלעך נאַציאָנאַל לעבן, ווערט די יוגנט, אפילו קעגן אייגענעם ווילן, נאַציאָנאַל דערצויגן. די אַלע צווייגן פון לעבן, אַריינרעכענענדיק די שולן מיט אַלע למודים, אפילו די וועלכע טראָגן אַן אַלגעמיינעם כאַראַקטער, ווי מאַטעמאַטיק, געאָגראַפיע און נאַטור־וויסנשאַפט, ווערן אויסגעטייטשט לויט דעם נאַציאָנאַלן געדאַנק און שפּראַך. דאָס אַלץ באַוועגט דאָס קינד פון פאָלק זיך באַטראַכטן ווי אַ טייל פון דער גאַנצער וועלט און יעדע זאַך, וואָס ביי אים איז טייער און שעצבאַר,

זעט ער נאָר פון דעם אַלגעמיינעם שטאַנדפּונקט, בעסער געזאָגט: זיין „איך" און די „וועלט" זענען ענג פאַרבונדן. היינט וויבאַלד מיר אַלע (די „מרבי השכלה" אַריינגערעכנט) זענען פאַרייניקט מיט איבערגעבנקייט און ליבע צו די אינטערעסן פון יידישן פאָלק און זאָרגן פאַר זיין צוקונפט, קען דאָך קיין רייד נישט זיין פון אַן אַנדערער דערציאונג, ווי די וועלכע מיר פאָדערן.

2) העברעיש מוז זיין די הויפּט־שפּראַך, דורך וועלכער מיר זאָלן זיין אימשטאַנד צו געבן אונדזער יוגנט און די ווייטערדיקע דורות אַן אַלגעמיינע הויכע בילדונג אין דעם יידישן נאַציאָנאַלן גייסט.

3) מעגלעך אַז דאָס איז זייער אַ קאָמפּליצירטע אויפגאַבע, אָבער דאָס איז דאָס איינציקע פּאָזיטיווע מיטל, פאַר דער אויפהאַלטונג פון אונדזער גייסט צווישן דער יוגנט און זיין יידישער אַנטוויקלונג פון מאָרגן.

איין מאָל, אויף אַ גרויסער פאַרזאַמלונג אין אָדעס, האָט ער געהאַלטן זיין באַוואוסטע היסטאָרישע רעדע, אין וועלכער ער האָט אויסגעדריקט זייער אויסערגעוויינלעכע געדאַנקען און וועלכע האָבן נאָכדעם געמאַכט אַ רושם אין דער פּרעסע. צווישן די אָנוועזנדע זענען געווען פיל אַסימילאַטאָרן, וועלכע האָבן נישט געוואָלט הערן פון נאַציאָנאַלע טענדענצן. זיי האָבן זיך געהאַלטן ביי דער מיינונג, אַז אַלץ וואָס מען דאַרף צו זאָרגן פאַר דער יידישער יוגנט, איז „בילדונג". אין פאַרלויף פון די דיסקוסיעס האָבן זיי געזוכט צו אַרגומענטירן וואָס מער ווירקזאַם און שטאַרק מיט דעם, וואָס זיי זענען אַרויס מיט אַן אָפענער באַשולדיקונג, אַז די אַלע וואָס רופן זיך נאַציאָנאַלע, זענען גרויסע אפּיקורסים און זייער איינציקער ציל איז אַראָפּצופירן די יידישע קינדער פון גלייכן וועג. דער הויפּט, וועלכער האָט אָנגעפירט דעם קאַמף איז געווען דער באַוואוסטער עסקן און שרייבער מנשה מאַרגאַליס. ער האָט אָפן געזאָגט, אַז אחד העם האָט אין זיין רעדע אויסגעדריקט געפערלעכע געדאַנקען קעגן עיקרי האמונה.

עס איז כדאי צו געבן אַ קורצן אויסצוג און איבערבליק פון דער דאָזיקער רעדע, וועלכע ער האָט געדרוקט אונטער דעם נאָמען „משה", כדי צו קריגן אַ באַגריף וועגן דעם גייסטיקן צושטאַנד פון געוויסע אַמאָליקע פאָרשטייער וועלכע מיר געפינען נאָך עד היום.

# „משה"

„פסח אָוונט צום סדר, גייט דורך דער גייסט פון משה בן עמרם אין מיינע געדאַנקען. דער גרויסער העלד פון אונדזער היסטאָרישער פאַרגאַנגענהייט מאַכט מיך שוועבן אין די עולמות העליונים. איך וויל דעמאָלט גאָר נישט טראַכטן וועגן די אַלע ספקות און פראַגן, וועלכע די גרויסע וועלטלעכע געלערנטע רעכענען אויס און צווייפלען אויב אַזאַ „משה", דער אויסלייזער און דער געבער פון דער „תורה", איז אַ היסטאָרישער פאַקט, אָדער גאָר אַ פאַנטאַזיע פון דעם געדאַנק. מיין ענטפער צו זיי איז: איר קענט זיך מפלפל זיין וויפיל איר ווילט וועגן דער עקזיסטענץ פון אַזאַ „משה" דעם פאַרצייטיקן. דאָס לאָז איך איבער פאַר אייך".

„מיר האָבן אַן „אַנדערן משה", אונדזערס אַ „משה", וועמענס געשטאַלט איז איינגעקריצט אין האַרצן פון אונדזער פאָלק פון דור־דורות און האָט געווירקט אויף אונדזער נאַציאָנאַל לעבן פון פאַרצייטן ביז צום היינטיקן טאָג. אַזאַ היסטאָרישער אידעאַלער משה איז אָן צווייפל אונדזער וועגווייזער נישט נאָר די פערציק יאָר אין מדבר, נאָר די אַלע טויזנטער יאָרן אין פיל מדבריות, וועלכע מיר גייען דורך פון מצרים ביז היינט".

„און ווען איך קוק זיך איין אין דער געשטאַלט פון דעם נאַציאָנאַלן אידעאַלן „משה", שטעלט זיך פאַר מיר די פראַגע: ווער איז ער?

ער איז נישט קיין מלחמה־מאַן. מיר געפינען אים נישט אָנפירנדיק אַן אַרמיי קעגן אַ שונא. אין מלחמות עמלק זעען מיר אים נאָר ווי ער קוקט זיך צו ווי די מלחמה גייט און נאָר מיט זיין מאָראַלישער קראַפט ווירקט ער אויף די „גבורי ישראל".

„ער איז נישט קיין דיפּלאָמאַט", ווייל צו פאַרשטעלן זיך פאַר פרעהן, האָט ער געמוזט מיטנעמען זיין ברודער אהרן, אַלס זיין רעדנער.

ער איז נישט קיין געזעצגעבער, ווייל אַ געזעצגעבער מאַכט געזעצן פאַר זיין דור, וואָס זאָלן שטימען מיט דער צייט, פּלאַץ און לעבן. און משה האָט געגעבן אַ תורה פאַר דער צוקונפט, פאַר אַ דור, וואָס האָט גאָר נישט עקזיסטירט און אַ לאַנד וועלכעס איז נאָך נישט דעראָבערט געוואָרן.

ער איז נאָר דער „נביא״, לויט דעם פסוק: „ולא קם עוד נביא בישראל כמשה״. די יידישע נבואה, ווי מיר פאַרשטייען, איז באַזירט אויף אייניקע עיקרים. דער נביא איז דער מאַן פון אמת, ער זעט דאָס לעבן מיט אַלע שטריכן, ער זאָגט דעם פאָלק נאָר וואָס ער זעט, דעם ריינעם אמת, אָן שום פערזענלעכע אָנדייטונגען. ער זאָגט דעם אמת נישט לויט „זיין ווילן״, נאָר פון „נויטווענדיקייט״, ווייל אַזוי איז זיין נאַטירלעכער גייסט און אַנדערש קען ער נישט.

נאָך אַן אייגנשאַפט האָט דער נביא: ער איז אַ מאַן אָן פשרות. דעם אידעאַל וואָס ער טראָגט אין זיין געדאַנק און איז איבערצייגט אין זיין אמת, זוכט ער צו פאַרווירקלעכן ביז צום גרונד, נישט קוקנדיק וואָס מיט דעם פאַרשאַפט ער זיך פיל קעגנער.

די צוויי אויבנדערמאָנטע אייגנשאַפטן: אמת און אָן פשרות, מאַכט דעם נביא צו זיין דער טרעגער פון „צדק״, „גערעכטיקייט״, וועלכע ער וויל בשום אופן נישט פאַרבייגן און אונטערגעבן זיך צו דעם געפיל פון רחמנות און ליבע. די „ממשלה פון גערעכטיקייט״ איז ביי אים אַבסאָלוט, אומאָפּהענגיק פון מענטשלעכע און געזעלשאַפטלעכע פאָדערונגען. דעריבער קומט שטענדיק אויס, אַז זיינע נביאות קענען זיך נישט צופּאַסן צו דעם הוה, צום איצטיקן לעבן. די „קעגנוואַרט״ איז דער היפּך פון זיינע פאַרלאַנגען, זיי קענען זיך נישט צופּאַסן צוזאַמען, ממילא קומט אויס אַז די רייד פון נביא דריקן אויס נאָר די צוקונפט, דעם „באחרית הימים״ פונעם ריינעם אמת. אַזאַ קלאָר בילד פון אידעאַליזם באַמערקן מיר ביי אַלע אונדזערע גרויסע נביאים און דערהויפּט ביי אונדזער „אדון הנביאים — משה״.

משה גייט אַרויס אויף דער וועלטלעכער גאַס און דאָס ערשטע וואָס ער זעט איז, אומגערעכטיקייט צום יידן: „איש מצרי מכה עברי״, זייער אַ וואָכעדיקע דערשיינונג אין לעבן. ער גייט ווייטער און זעט נאָך ערגערס: „שני עברים נצים״, צוויי ברידער,ביידע דיזעלבע שקלאַפן, שלאָגן זיך. ער ווערט פאַרצווייפלט, ער דערקענט דאָס לעבן, ער וויל זיך נישט אונטער־געבן צו זיינע באַדינגונגען און נעמט זיך אָן פאַר זיי אין דעם נאָמען פון „גערעכטיקייט״.

אָבער ער קען נישט בייקומען דעם דאָזיקן צושטאַנד, אַנטלויפט ער פון זיין לאַנד און קומט אין אַ פרעמדער סביבה, וואו קיינער קען אים נישט. און אויך דאָ — קומט אים אַנטקעגן די באַליידיקונג פון גערעכטיקייט נישט

יידן שלאָגן זיך, נאָר מענטשן פון אַ פרעמד פאָלק. אָבער פאַר אים איז נישט קיין אונטערשיד, ער וויל גערעכטיקייט צווישן מענטש און מענטש. ער קען נישט פאַרטראָגן די עולה, וואָס פאַסטוכער באַגייען קעגן שוואַכע פרויען, „ויקם משה ויושיען״.

„דאָס איז אַלץ וואָס מיר ווייסן פון משהס לעבן, ביז וואַנען ער ווערט אַכציק יאָר אַלט. אויסגעמאַטערט פון זיינע מלחמות מיטן לעבן אין נאָמען פון גערעכטיקייט. ער זוכט רו, פאַרלאָזט די מענטשן און ווערט אַ פאַסטוך, אַ „רועה צאן״ אונטערן פרייען הימל, נאָענט צו דער נאַטור. אָבער אויך דאָ האָט ער נישט קיין מנוחה. פלוצלינג הערט ער גאָטס שטימע וועלכע זאָגט אים: „איך בין דיין פאָטערס גאָט און איך שיק דיך צו פרעהן און נעם אַרויס מיין פאָלק ישראל פון מצרים״. משה האָט שוין לאַנג פאַרגעסן זיין גאָט און זיין פאָלק. ער האָט זיין גאַנץ לעבן געדינט דעם גאָט פון דער וועלט, געהאַלטן מלחמה פאַר צדק און יושר פאַר אַלע מענטשן. אָבער די שטאַרקע שטימע פון דער מדבר, וועלכע האָט אים גערופן צוריק צו דער אַרבעט, האָט אין אים דערוועקט אַ פייערלעכן, באַנייטן געדאַנק, אַ נייע האָפנונג פאַר אַ בעסערער צוקונפט. ער דערקענט די שטימע פון אַמאָל, וועלכע מאַכט אים פילן שטאַרקער, מוטיקער און יונגער, ווי אַ נייער קרעפטיקער מענטש. ער גייט און טוט זיין שליחות. פרעה מיט זיינע חיילות ווערן דערטרונקען און די יידן ווערן באַפרייט.

ער ווערט דער פירער פון פאָלק, כדי צו ברענגען עס אין דעם לאַנד פון די אבות.

„וישיר משה״, משה זינגט, ער ווייסט נישט אַז זיין שווערע אַרבעט האָט זיך נאָך נישט אָנגעהויבן. דאָס פאָלק, וואָס איז געווען פיל דורות אין קנעכטשאַפט, קען זיך נישט באַפרייען מיט איין מאָל. אָבער דער נביא משה גלויבט שטאַרק אין זיין גרויסן אידעאַל מיט וועלכן ער וויל פאַרבינדן זיין פאָלק. ער ברענגט אים צום באַרג סיני, עפנט אויף די הימלען און ווייזט די בני ישראל די קראַפט פון זייערע אבות. זיי הערן זיין שטימע: „כי לי כל הארץ״, איין גאָט פאַר אַלע פעלקער און מענטשן און זיי מאַכט ער, די „ממלכת כהנים וגוי קדוש״, צו טאָן זיין שליחות אין פאַרשפרייטן דעם געטלעכן אידעאַל פון „גערעכטיקייט, ליבע און רחמנות״ פאַר דער גאַנצער מענטשהייט און דאָס פאָלק ענטפערט מיט איין קול: „נעשה ונשמע״.

משה מיט זיין גרעסטער רויקייט, גייט זיך אָפרוען אויפן באַרג,

„בראש ההר", כדי צו פאַרגרעסערן דאָרטן די תורה און איבערגעבן צום פאָלק.

צום באַדויערן האָט זיך די קנעכטשאַפט ביי דעם פאָלק ווידער אָפּגע־ רופן און אין משהס אָפּוועזנהייט טאַנצט מען אַרום „עגל הזהב". אָבער דער נביא פאַרלירט נישט זיין מוט און זיין גלויבן אין דעם אידעאַל פאַר וועלכן ער איז באַרופן. ער נעמט זיך שטאַרקער צו זיין גרויסער אַרבעט און לאָסט, „טרחכם ומשאכם", מיטן פאָלק, עס צו לערנען און אַנטוויקלען טריט ביי טריט, ביז וואַנען עס וועט זיין פולקאָם און גרייט צו זיין גרויסער צוקונפט און מיסיע אין לאַנד פון „נחלת אבות".

דעמאָלט קומט נאָך אַ קאַטאַסטראָפע: די „מעשה מרגלים". ער איבער־ צייגט זיך, אַז דער קעגנווערטיקער דור איז נישט מוכשר פאַר זיין גרויסן אידעאַל. ער באַשליסט צו בלייבן אין מדבר פערציק יאָר ביז וואַנען דער גאַנצער אַלטער דור געוועזענע קנעכט זאָל אויסשטאַרבן און אין דער צייט וועט אים געלונגען אויסצוהאָדעווען אַ נייעם דור דורכגעדרונגען מיט דער גרויסער תורה, וועלכע ער וועט דאַרפן אָפּהיטן אין זיין צוקונפטיק לאַנד.

לויט דער מסורה, איז משה געשטאָרבן „בנשיקה", דאָס מיינט, ער איז געשטאָרבן זייענדיק צוגעבונדן צו זיין אידעאַל פאַר וועלכן ער האָט געליטן זיינע גאַנצע יאָרן ביז דעם לעצטן אָטעם פון זיין נשמה. זיין אַרבעט האָט זיך געענדיקט, ווייל ווען די צייט איז געקומען צו פאַרווירקלעכן דעם אידעאַל אין לעבן, איז שוין נישטאָ קיין פּלאַץ פאַר דעם נביא. דער פעריאָד פון דורכפירן דעם אידעאַל און אים צופּאַסן צום לעבן גופא, וואָס איז פאַר־ בונדן מיט פשרות און נאָכגעביקייט, מוז אָנגעפירט ווערן מיט דעם כח פון גאָר אַן אַנדערן מאַן. דער נביא מיט זיין גייסט פון קעגנערשאַפט צו פשרות וואָלט אַזאַ דערשייַנונג נישט געקענט איבערטראָגן און דער טויט איז זיין רעטונג. און גאָט זאָגט צו אים: „מנגד תראה את הארץ ושמה לא תבוא". און מיט דעם האָט ער געענדיקט די אַרבעט צו וועלכער ער איז גערופן געוואָרן."

די מקובלים זאָגן, אַז אין יעדן דור געפינט זיך אַ „משה", ד. ה. משהס פונק גיט אונדז ליכט און פייער אין אונדזער לאַנגן גלות־לעבן. פאַרלויפיק האָבן מיר נישט קיין „קעגנוואַרט", מיר וואַנדערן פון לאַנד צו לאַנד, ליידן דאָס שרעקלעכסטע אין אַלע תקופות, אָבער מיר זענען שטענדיק פול מיט האָפענונג אויף דער גוטער און בעסערער צוקונפט. דער ייד האָט נאָך נישט קיין „הוה", נאָר אַן „עבר" מיט אַן „עתיד".

„אַט דער גייסט, וואָס האָט גערופן משהן מיט טויזנטער יאָרן צוריק און אים געשיקט אויף אַ מיסיע קעגן זיין ווילן, רופט צו אונדז איצט נאָכ־אַמאָל. ער רופט צו דעם לעצטן דור מיט די פאָלגנדיקע ווערטער: איר ווילט זיין ווי אַלע גויים, שווער איך אייך, אַז איך וועל געוועלטיקן איבער אייך מיט אַ שטאַרקער האַנט. „אתם אומרים נהיה כגויים חי אני אם לא ביד חזקה אמלוך עליכם". (60)

## ער ווערט אויס רעדאקטאר פון „השלח"

נאָך פיל איבערגעגעבענער אַרבעט פאַר דער העברעישער ליטעראַ־טור און דאָס רעדאַקטירן פון דעם „השלח", האָט ער צום סוף געמוזט אויפגעבן די דאָזיקע אַרבעט אַלס פּראָפעסיע, פון וועלכער ער האָט געשעפּט זיין חיונה פאַר די לעצטע זעקס יאָר. די פינאַנציעלע לאַגע פון „אחי־אסף", די אַרויסגעבער פון „השלח", איז נישט געווען אַמבעסטן. די צאָל אַבאָנענטן פון „השלח" האָט נישט דערגרייכט מער ווי אַכט הונדערט, דער „אחיאסף" אַליין האָט אויך נישט געמאַכט קיין גוטע געשעפטן, און די הכנסה האָט נישט געקענט דעקן אפילו זיין געהאַלט אַלס רעדאַקטאָר. די „אחיאסף"־לייט האָבן געפּלאַנעוועט פאַרשידענע וועגן און מיטלען, ווי אַזוי אַריינצוקריגן מער געלט אין זייער קאַסע. ער, פון זיין זייט, האָט זיך קאַטעגאָריש אַנטזאָגט אויסנוצן אַזעלכע קוואַלן און נישט געוואָלט לעבן פון מתנות. ער גיט איבער די רעדאַקציע צו דר' יוסף קלויזנער און נעמט אָן אַ הויכע שטעלע אין דעם באַוואוסטן „וויסאָצקיס טיי־הויז".

ער שרייבט צו זיינע פריינד, אַז ער פילט זיך איצט ווי אַ נייער מענטש אין אַ נייער וועלט. אַ לעבן וועט ער מאַכן פון אַרבעט ווי אַ פּשוטער בשר ודם און האָבן אַ פרייע האַנט אין זיין ווייטערדיקער ליטעראַרישער שאַפונג,

אָן באַלוינונג און גישט זיין אָפּהענגיק פון קהל. ער באַשליסט אַז פּאַר אַ געוויסער צייט וועט ער זיך אינגאַנצן דערווייטערן פון שרייבן. ער וויל בעסער אָפּפרישן זיין געדאַנק, וועלכער, ווי ער זאָגט, איז אַביסל פאַרטעמפּט געוואָרן דורך דער צייט, וואָס ער איז שטענדיק געווען פאַרנומען מיט דער רעדאַקטירונג פון „השלח" און לייענען מאַנוסקריפּטן, וועלכע זענען פיל מאָל געווען פול מיט נאַרישקייטן. ער פילט אַז דאָס ערשטע מוז ער זיך פאַרנעמען מיט לייענען און שטודירן וויסנשאַפטלעכע ווערק, איידער ער וועט גיין ווייטער אַרבעטן פאַר העברעישער ליטעראַטור. (61)

1903—1904

# אלגעמיינע און ציוניסטישע צייט־פראגן

א. „אלט־נייאלנד סכסוך"

ב. קישענעווער פּאָגראָם און זעלבסטשוץ־ארגאניזאציע

ג. אוגאנדא

ד. מלוכה־רבנים

ה. דר׳ הערצעלס פטירה

# „אלט-נײַלאַנד סכסוך״

סוף ווינטער 1903, האָט אויסגעבראָכן אַ נײַער שטורעם קעגן אים אין דער יידישער און העברעישער פּרעסע און צווישן די ציוניסטישע אָר־גאַניזאַציעס. דר׳ הערצעל האָט אַרויסגעגעבן דאָס באַוואוסטע בוך „אַלט־נײַלאַנד — אַ חלום אָדער פאַנטאַזיע״, לויט וועלכן ער האָט זיך פאָרגעשטעלט ווי די צוקונפטיקע פּאַלעסטינע וועט אויסזען אין צוואַנציק יאָר אַרום. אחד העם לויט זײַנע איבערצייגונגען, וועלכע האָבן זיך זייער פיל אונטערשיידט פון הערצעלס, איז אַרויס מיט אַ קריטיק, ווי זיין שטייגער. דר׳ נאָרדוי זייענדיק איינשטימיק מיט הערצעלס אידעען, איז שאַרף אַרויסגעטרעטן אין דער פּרעסע קעגן אים. אָבער דער אינהאַלט פון נאָרדויס אַרטיקל איז, צום באַדויערן, געווען צו פּערזענלעך און אויך מיט זידלערײַ.

דאָס איז שוין געווען צופיל. פּערזענלעכע באַליידיקונגען האָט ער נישט געקענט פאַרטראָגן. דעריבער איז ער ווידער אַרויס מיט אייניקע מאמרים, און דאָס מאָל האָבן זיי געטראָגן אַ שאַרפערן כאַראַקטער, וועגן די פּרינציפּן פון ציוניזם בכלל, און די מיינונגס פאַרשידנהייטן צווישן נאַציאָ־נאַלע ציוניסטן און שטאַט־ציוניסטן, ווי ער פלעגט זיי אָנרופן. יעדנפאַלס איז ער געווען זייער ווייט פון באַליידיקן זיינע קעגנער פּערזענלעך. ביי אים איז דאָס געווען אַ מלחמה פון געדאַנקען און אידעען, דעריבער איז גאָר קיין פּלאַץ נישט געווען פאַר אַזעלכע שטאַרקע אָנגריפן אויף אים.

פאַר דער לעצטער צייט באַמערקן מיר ווידער אַ באַנייטן אויסטויש פון מיינונגען וועגן דעם ציוניסטישן אידעאַל אין די רייען פון די אָר־גאַניזירטע ציוניסטן. דעריבער איז דאָ אויפן אָרט איבערצוגעבן אייניקע פּונקטן אויף וועלכע אחד העם האָט באַזירט זיין קריטיק.

ער האָט אַלע מאָל אויסגעטייטשט דעם ציוניזם אַלס אַ נאַציאָנאַלע באַוועגונג, וועלכע דאַרף זיך אַנטוויקלען היסטאָריש פון אינערלעכן יידישן לעבן. נישט פון אַן אויסערלעכן דראַנג, ווי אָקאָנאָמישע אָדער אַנטיסעמיטישע סיבות, נאָר אַלס נאַציאָנאַלע באַפרייאונגס־באַוועגונג פון דעם פאָלק. דער געדאַנק איז נאַטירלעך געווען אין קעגנזאַץ צו דעם נייעם פּאָליטישן ציוניזם

פון דר׳ הערצעל. די „מדינת־היהודים״ זיינע, האָט זיך באַגרינדעט אויף דעם אַנטיסעמיטיזם און „שאלת היהודים״ כלפי חוץ, וואָס קען געלייזט ווערן נאָר דורך אַ יידישן שטאַט און דעמאָלט וועט די שנאה צו אונדז ממילא בטל ווערן.

איצט קומט דער „אַלט־נייַלאַנד״ און שטעלט פאָר בילדער און סצע־נעס ווי אין פאַרלויף פון צוואַנציק יאָר וועט זיך אויפבויען אַ יידישע מדינה דורך אַ גרויסן „קבוץ גליות״. אחד העם האָט דאָס אָנגערופן „נסים״, און אויף אַזעלכע האָט ער זיך נישט געוואָלט פאַרלאָזן. דעריבער פרעגט ער איראָניש: „ווי אַזוי קען מען גאָר דענקען, אַז פּאַלעסטינע האָט גענוג פּלאַץ אַריינצונעמען אין זיך אַלע יידן פון גלות, כדי מיט דעם אָפּצושאַפן דאָרטן די יידישע קאָנקורענץ און אויך אָפּווישן די שנאת־העמים צו אונדז?״ אויב אפילו מען זאָל אָנפירן אַ גרויסע עמיגראַציע־באַוועגונג, זאָגט ער, וועט אַלץ דער רוב יידן בלייבן אין גלות און דער נאַטירלעכער צווואוקס פון יידן איבער דער גאַנצער וועלט וועט אויסגלייכן די צאָל, וועלכע וועט אַרויספאָרן. דעמאָלט וועט דאָך שטענדיק בלייבן דיזעלבע עקאָנאָמישע און יידישע קאָנקורענץ־פראַגע ווי ביז איצט און ארץ ישראל וועט קיינמאָל נישט קענען פאַרענטפערן דעם גלות. ווייטער באַמערקט ער, ווי אין דעם „אַלט־נייַלאַנד״ איז די פאָרשטעלונג פרעמד צו דעם נאַציאָנאַלן גייסט, די אויפלעבונג פון דער העברעישער שפּראַך און ליטעראַטור איז אינגאַנצן נישט דערמאָנט. מיר געפינען דאָרטן יידן רעדנדיק אויף פאַרשידענע שפּראַכן, דער עיקר באַנוצן זיי דייטש.*) דאָס בוך באַשרייבט ווי די יידן ברענגען אַריין אין לאַנד די קולטור און ציוויליזאַציע פון אַלע לענדער און פּאַסן זיך צו דעם צו, אַלץ געבאָרגט פון אַנדערע און נאָכגעמאַכט די אַרומיקע פעלקער. עס מאַכט דעם איינדרוק, ווי מיר יידן אַליין זענען גאָר נישט פעיק צו שאַפן אָרגינעלעס, עפּעס ווי מענטשן אָן אַ היסטאָריע און פאַרגאַנגענהייט. דער גאַנצער אינהאַלט און טאָן פון דעם „אַלט־נייַלאַנד״ קלינגט מיט אַ שטימע פון הכנעה צו אַנדערע. מיר בויגן זיך צו דעם שטאַרקערן, אים צו געפעלן ווערן, מיר זוכן פריינטשאַפט מיט אַלעמען און אַזוי ווייטער און ווייטער.

אחד העם וויל זען דעם צוקונפטיקן „יידישן שטאַט״ געבויט פון

*) די דאָזיקע דערשיינונג איז נאָך אַלץ בולט אפילו איצט נאָך הקמת־המדינה.

זעלבסט־רעספּעקט און נישט פון זעלבסט־פאַרטיידיקונג; אַ גרויסע נאַציאָ־נאַלע היסטאָרישע שאַפונג אויף אַלע געביטן און נישט קיין געבאָרגטע און הכנעהדיקע קולטור. אַ פאָלק גלייך מיט אַנדערע. זעלבסטשטענדיק היסטאָריש זיך אַנטוויקלען לויט אַלגעמיינע מענטשלעכע פּרינציפּן.

זיינע קעגנער, די ריינע פּאָליטישע ציוניסטן, האָבן אים נישט גע־וואָלט אָדער נישט געקענט פאַרשטיין און דער מיאוסער אינצידענט איז פאָרגעקומען. (62)

## קישענעווער פאגראם און די זעלבסטשוץ-ארגאניזאציע

נאָכן קישענעווער פּאָגראָם, 1903, ווען די גאַנצע יידישע וועלט איז אויפגעציטערט געוואָרן, האָט מען פאַרלוירן דעם מוט. מען האָט אָנגע־הויבן זוכן עצות און מיטלען וואָס צו טאָן ווייטער. די מנהיגי־הדור, די פאָרשטייער פון דעם יידישן רוסלאַנד האָבן פאָרגעשלאָגן אַז מען זאָל שיקן אַ גרויסע דעלעגאַציע פון פירער פון פאַרשידענע קהלות קיין פעטערבורג און בעטן רחמים ביי דער רעגירונג, אַז זי זאָל באַשיצן די יידן. און דאָ קומט אחד העם ווידער אַרויס אין דער עפנטלעכקייט און רופט אַרויס אַ שטורעם מיט זיין קעגנערשאַפט צו אַזאַ דעלעגאַציע. אין דער פּרעסע און אין פּריוואַטע בריוו האָט ער אויפגעהויבן אַ פּראָטעסט קעגן אַזאַ שתדלנות. „נישט רחמים זאָלן מיר בעטן, נאָר פאָדערן אונדזערע מענטשלעכע רעכט", זאָגט ער. און אַן אינטערעסאַנטע דערשיינונג איז צו באַמערקן אין דעם פאַל. ער, אחד העם, דער סימבאָל פון רוחניות און אַ פריידיקער פון גייסט און אידעע, מאַכט גאָר אַ פאָרשלאַג צו די יידישע פירער, אַז מען זאָל זיך אָרגאַניזירן אין זעלבסטפאַרטיידיקונג. ווען דער געדאַנק פון זעלבסטשוץ האָט זיך פאַרשפּרייט אין גאַנץ רוסלאַנד, איז ער געוואָרן איינער פון די הויפּט איניציאַטאָרן צו גרינדן אגודות פון זעלבסטשוץ אין אַלע גרויסע און קליינע שטעט און שטעטלעך אין לאַנד, כדי צו זיין שטענדיק גרייט קעגן מעגלעכע אָנפאַלן, ווי עס איז פאָרגעקומען אין

קישענעוו. (63)

וויניק מענטשן האָבן דעמאָלט פאַרשטאַנען ווי אַזוי אַזאַ ראַדיקאַלער געדאַנק זאָל קומען דוקא פון אים. אָבער ווי ס׳איז צו זען, איז ער שטענדיק געגאַנגען לפי שטתו: „ודע עת עצמך״, נישט אונטערגעבן זיך און נישט בויגן זיך צו פרעמדע, סיי אין רוח סיי אין קראַפט. זעלבסטבאַפרייאונג אין אַלע הינזיכטן איז געווען זיין הויפט אידעאַל און פאַר דעם האָט ער געקעמפט אויף אַלע געביטן. דער צוקונפטיקער היסטאָריקער וועט געוויס וויסן ווי אָפּצושאַצן זיין גרויסן געדאַנק פון פרייהייט.

## אוגאנדא („הבוכים״)

דאָ זעט מען אים ווידער אין דער גרויסער היסטאָרישער געשעעניש פון דער נאַציאָנאַלער באַוועגונג אַלס דער קעמפער פאַר זיין אידעע, ווען דער אוגאַנדא־פּלאַן איז אָפּגעשטימט געוואָרן אויף דעם זעקסטן ציוניסטישן קאָנגרעס.

ער איז געוואָרן אויסערגעוויינלעך אומרויק פון דעם אינצידענט און איז גלייך אַרויס, אויף זיין שטייגער, אין דער פרעסע מיט שאַרפע דבורים. אין „השלח״ האָט ער אינגאַנצן אויסגעגאָסן זיין ביטער האַרץ און די פראַגע באַהאַנדלט, נאַטירלעך פון זיין ציוניסטישן שטאַנדפונקט. ווי באַוואוסט, זענען די, וועלכע האָבן געשטימט פאַר אוגאַנדע און געווען די מאַיאָריטעט, זיך גערופן „יאָ־זאָגערס״ און די וועלכע האָבן געשטימט קעגן — „ניין־זאָגערס״. עס איז אינטערעסאַנט אַז ער האָט זיך אויסגעדריקט: די „יאָ־זאָגערס״ וואונדערן אים גאָרנישט, זיי זענען שטענדיק געווען נאָר „מדיניים״, מענטשן מיט אַ זיסן חלום פון אַ „יידישער מדינה״, מאַכט דאָך נישט אויס וואו די מדינה וועט זיין. אָבער די „ניין־זאָגערס״, זאָגט ער, רעגן אים אויף פיל מער מיט זייער וויינען, נאָך דעם ווי זיי האָבן געשטימט „ניין״. ער רופט זיי „הבוכים״ און טאַדלט זיי פאַר דער

שוואַכקייט. זיי, די אמתע טרעגער פון דעם ריינעם ציוניסטישן אידעאַל, וואָס האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון דעם אוגאַנדא פּראָיעקט מיט דעם וואָרט „ניין", צו וואָס ווייַנען זיי? ער מוסרט זיי ווייל אַ טייל פון זיי זוכן צו מאַכן פשרות אָדער שלום. „נישט וויינען דאַרפן מיר, נאָר פון דאָס ניי אָנהויבן אַ גרויסע אַרבעט צווישן פאָלק צו פאַרשטאַרקן אין זיי דעם ריינעם ציוניסטישן געדאַנק. פאַרלאָזן דעם קאָנגרעס מיט דער אָרגאַניזאַציע און דאָס איבערלאָזן צו די „מדינה־זוכערס".

אַט די ראַדיקאַלע מיינונג האָט אַרויסגערופן גרויס צאָרן צווישן זיינע קעגנער און אַרטיקלען נאָך אַרטיקלען זענען דערשינען אין דער פּרעסע, קריטיקירנדיק אים זייער ביטער. און דאָ קומט ער ווידער אַרויס מיט באַנייטע דערקלערונגען, אַז ער איז נישט קעגן בויען אַ יידישע מדינה אין ארץ ישראל, נאָר מען דאַרף בויען פון אונטן אַרויף, ווי מען בויט יעדן בנין. דאָס יידישע פאָלק מוז פריער ווערן איבערגעבויט ביז וואַנען עס זאָל ווערן מוכשר פאַר אַ זעלבסטשטענדיק יידיש־פּאָליטיש לעבן. זאָל מען פאַרגעסן דערווייל פון אַ מדינה אין ארץ ישראל וועלכע איז נאָך בשום אופן נישט אימשטאַנד צו פאַרענטפערן די יידישע עקאָנאָמישע לאַגע. זאָל מען צוערשט גרינדן אַ מרכז־רוחני דאָרטן, וועלכער זאָל משפּיע זיין אויפן גלות און מאַכן דעם יידן נאַציאָנאַל־זעלבסטבאַוואוסטזיניק. די וועלכע וועלן זיך איינלעבן אין ארץ ישראל, וועלן מיט דער צייט, שריט ביי שריט, צוגרייטן און שאַפן דאָס זיכערע פּאָליטישע לעבן פאַר דעם גאַנצן פאָלק. מיט אונטערגעשריבענע דעקלאַראַציעס קען מען אַ פאָלק און אַ לאַנד נישט דעראָבערן. (64)

ער באַטאָנט נאָכאַמאָל, אַז די אידעע זיינע — „מרכז רוחני", מיינט נישט אַז ארץ ישראל זאָל ווערן כולו רוחניות. אדרבה, ער האָט זיין גאַנץ לעבן אַוועקגעגעבן אין העלפן גרינדן נייע קאָלאָניעס. אָבער ער איז אין דער מיינונג, אַז אפילו נאָך דעם ווי דאָס לאַנד וועט פולקאָם אויפגעבויט ווערן דורך יידן און ווערן אַן „ארץ לאומי", וועט נאָך אַלץ זיין דאָרטן פּלאַץ נאָר פאַר אייניקע מיליאָן יידן און דער איבעריקער, גרעסטער טייל פון פאָלק וועט אַלץ בלייבן אין גלות, ממילא קען ארץ ישראל נישט פאַרענטפערן די יידישע עקאָנאָמישע לאַגע. נאַטירלעך וועט זי דינען נאָר אַלס אַ קוואַל פון רוחניות און וועט ווירקן אין דעם נאַציאָנאַלן זין אויף דעם גאַנצן גלות אין אַלע אַנדערע לענדער.

נאָך דעם ווי ס׳האָט אויסגעבראָכן די גרויסע מלחמה צווישן דר׳ הערצעל און אוסישקינען וועגן דער אוגאַנדא־פראַגע, האָט ער שוין מער נישט געוואָלט זיך באַטייליקן. ער גיט צו וויסן זיינע נאָענטע פריינט, אַז ער האָט שוין זיינס געטאָן. זיין מיינונג וועגן ציוניזם איז קלאָר און ער וויל נישט פירן מער קיין דיסקוסיעס. די צייט וועט ווייזן ווער עס איז געווען גערעכט. (65)

## מלוכה-רבנים

ער האָט געזאָרגט וועגן דעם גייסטיקן צושטאַנד פון די רבנים אין יענער צייט, דערהויפּט וועגן די אָפּיציעלע (קאַזיאָנע) רבנים, די וועלכע האָבן זיך גערופן פאָרשטייער פון די יידישע קהלות אין מלוכה־אָנגעלעגנהייטן. ער האָט זיי געוואָלט זען אַלס פולקאָמע יידישע גייסטלעכע געלערנטע אין דעם העברעישן נאַציאָנאַלן גייסט. זיין שמחה איז געווען גרויס, ווען ער האָט זיך דערוואוסט וועגן די גרוסע פאָרשריט, וועלכע דער „בית מדרש לרבנים״ פון דר׳ שעכטער האָט געמאַכט אין אַמעריקע אינעם דערציען דעם נייעם טיפּ נאַציאָנאַלע יידישע רבנים, אַזעלכע רבנים, וואָס זאָלן זיך אָפּגעבן נישט מיט עניני תפילות און שול־זאַכן אַליין, נאָר אויך מיט די גרויסע אופגאַבן פון „בית־המדרש״ פון יידישער וויסנשאַפט און נאַציאָנאַלע אינטערעסן פון דעם גאַנצן יידישן פאָלק.

אין דערזעלבער צייט איז ער ווידער אַריינגעשלעפּט געוואָרן אין אַ נייעם שטורעם מיט דער אָדעסער יידישער געמיינדע, ווען עס זענען פאָרגעקומען די וואַלן פאַר אַ נייעם אָפּיציעלן רב (קאַזיאָנער ראַבינער). די שטעלע אין אָדעס איז געווען איינע פון די געהויבענע און גוט־באַצאָלטע. פיל קאַנדידאַטן האָבן זיך אָפּגערופן. אחד העם, זייענדיק אַקטיוו אין אַלע יידישע ענינים אין זיין שטאָט, האָט פיל געאַרבעט פאַר זיינע קאַנדידאַטן, וועלכע ער האָט פאָרגעלייגט, אַזעלכע, וואָס זענען דורכגע־דרונגען מיט דעם יידישן נאַציאָנאַלן גייסט און באַזיצן אַ סך וויסן אין

תלמודישער און העברעישער ליטעראַטור.

צום סוף האָט זיך אויסגעלאָזן, אַז דער דערוויילטער ראַבינער איז געווען דער קאַנדידאַט, וועלכן די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט אַרויס־געשטעלט און געשטיצט, צוליב פּאָליטישע טעמים. אָבער ער איז געווען זייער שוואַך אין יידישער וויסנשאַפט און נישט געקענט כמעט קיין העב־רעיש וואָרט. אחד העם איז געוואָרן אויסער זיך פון אַזאַ צושטאַנד. סטייטש — אָדעס, איינע פון די גרעסטע געמיינדעס אין לאַנד, אַ צענטער פון יידישע למודים און הויכע אנשטאַלטן, זאָל אויסקלייבן אַ רב, וועלכער איז פשוט אַן „עם הארץ" אין יהדות און ווייסט נישט צו לעזן אַ פסוק כצורתו. ער דריקט זיך אויס, אַז נאָך דעם ווי מיר האַלטן שטענדיק אין באַקעמפן די נייגונג פון דער „חברה מרבי השכלה" און פאָדערן פון איר, אַז זי זאָל איינפירן אַ ברייטע סיסטעם פון העברעישע למודים אין אירע טעכנישע שולן, זאָרגן אַז דער סטאָלער, דער שמיד, זאָלן קענען העברעיש, זאָל דער רב, אַ גייסטיקער פירער פון יידן נישט קענען דעם אלף־בית, דעמאָל פרעגט זיך, ווי אַזוי קענען מיר קומען נאָכאַמאָל מיט אונדזערע נאַציאָנאַלע יידישע פאָדערונגען פאַר דעם שול־סיסטעם ? (66)

## ד"ר הערצעלס פטירה

פאַר דער גאַנצער צייט פון דעם ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס ביז איבערן זעקסטן, האָט אחד העם אָנגעפירט זיין קאַמף קעגן דעם פּאָלי־טישן ציוניזם, אָדער ווי ער פלעגט אים רופן „הערצעל ציוניזם". ער האָט קיינמאָל נישט גענוצט אומפּאַסיקע ווערטער, וועלכע זאָלן אָנרירן די פּערזענלעכקייט פון דר' הערצעל, אפילו אין די ערגסטע אויפגערעגטע מאָ־מענטן. פונדעסטוועגן האָבן זיך געפונען אייניקע אין דעם ציוניסטישן לאַגער, וועלכע פלעגן שטענדיק זוכן אַ געלעגנהייט צו שאַפן אַ טומל און פאַרטייטשן די ריין־טעאָרעטישע פּאָלעמיק אויף פּערזענלעכע אינטערעסן און פון דעם פלעגט ער שטענדיק ליידן.

ווען הערצעל איז געשטאָרבן, האָט זיך געדרוקט דער „על פרשת דרכים" חלק ג׳, אין וועלכן עס האָבן זיך געפונען אַלע אַרטיקלען פון אחד העם, פון ערשטן קאָנגרעס ביז דעם קאָנגרעס „הבוכים", וואו ער האָט קריטיקירט דעם פּאָליטישן ציוניזם און הערצעלס הנהגה. זאָל ער פאַרענדיקן דאָס דרוקן און גאַרנישט דערמאָנען וועגן הערצעלס טויט, וואָלט ער באַשטימט געגעבן מיט דעם אַ גוטע געלעגנהייט צו „געוויסע לייט", מען זאָל אים חושד זיין, אַז ער האָט געטאָן בכוונה, כדי צו פאַרקלענערן די גרויסקייט פון דעם נפטר. זייענדיק ווייט פון אַזאַ געדאַנק, האָט ער אָפּגעשטעלט דאָס גאַנצע דרוקן פונעם בוך, ביז וואַנען אים איז געלונגען אָנצושרייבן אין דער פאָרם פון אַ הקדמה, אַן אַרטיקל וועגן דעם גרויסן פאַרלוסט.

ער באַקלאָגט הערצלען זייער ערנסט און זאָגט, אַז נאָר דער צוקונפטיקער היסטאָריקער וועט אָפּשאַצן זיין גרויסקייט. ווי מיר זאָלן נישט זיין נישט איינשטימיק מיט זיינע מעטאָדן און טאַטן, דאָס פאָלק וועט אים שטענדיק רעכענען אַלס דעם מאָדערנעם „משיח", וועלכער האָט אָנגעצונדן אין אים דעם שטאָלצן נאַציאָנאַלן גייסט. עס מאַכט נישט אויס, זאָגט ער, וואָס פאַר אַ פאָרעם דער ציוניזם וועט אָננעמען אין דער צוקונפט, אָבער דר׳ הערצעל וועט פאַרבלייבן דער סימבאָל פון דעם גרויסן באַפרייאונגס-אידעאַל. עס איז נאָך מעגלעך, אַז זיין גרויסקייט וועט האָבן מער ווירקונג נאָכן טויט; די מאַסן וועלן שטענדיק זען אין אים דעם „וואונדער-מענטש" און דעם פירער לדורות. מעגלעך, אַז אַ „ממלא מקומו" וועט זיך ווייזן אין גיכן, אָבער הערצעל וועט בלייבן די „טרייב-קראַפט" אין דער ווייטערדיקער נאַציאָנאַלער באַוועגונג.

אַזוי האָט אחד העם גערעדט וועגן הערצלען אַלס דער גרויסער ייד און מענטש, אין דער צייט ווען אייניקע מחרחרי ריב האָבן געזוכט צו פאַרשפּרייטן פאַלשע קלאַנגען מכח זיין באַציאונג צו אים. וועגן די דאָזיקע לייט, דריקט זיך אויס אחד העם, „לוינט זיך נישט צו באַנוצן אפילו מיט אַ קוצו של יוד". (67)

1905—1906

# די טומלדיקע יארן

א. וואלן צו דער „דומע"

ב. זיין מיינונג וועגן אמעריקאנער יידנטום

ג. זיין יובל

## וואלן צו דער „דומע"

עס קומט דאָס באַוואוסטע יאָר 1905 אין רוסלאַנד. דער יאַפּאַנישער קריג האָט געהאַלטן ביים ענדיקן זיך מיט אַ גרויסן פאַרלוסט פאַר דער צאַרישער מדינה, און אין לאַנד האָבן זיך אָנגעהויבן פון אַלע זייטן אומרועןֿ, טומל, פאַרזאַמלונגען און פּראָטעסטן קעגן דער רעגירונג. די באַפעלקערונג האָט זיך צעטיילט אין פיל פאַרשידענע גרופּן, יעדע האָט ארויסגעשטעלט אַ באַזונדער פּראָגראַם פון פאָדערונגען פאַר פרייהייט. די יידן, וועלכע האָבן נישט באַלאַנגט צו קיין פּאָליטישע פּאַרטייען, האָבן פון זייער זייט געטאָן דאָסזעלביקע, געפאָדערט גלייכע רעכט דורך די באַוואוסטע כלל־פירער, וועלכע פלעגן רופן פאַרזאַמלונגען און שיקן רעזאָלוציעס צו דער רעגירונג. אָבער די איניציאַטאָרן פון דער באַוועגונג זענען געווען פון דעם אַסימילאַטאָרישן קלאַס און דאָ איז אחד העם געקומען מיט זיי אין אַ נייעם צוזאַמענשטויס. ער האָט פאַרבונדן אַלע כחות פון די נאַציאָנאַלע יידן און אַרויסגעשטעלט פאָדערונגען פון דעם יידישן שטאַנדפּונקט, אין קעגנזאַץ צו די, וועלכע האָבן זיך פאַרייניקט מיט דער „קאַדעטן פּאַרטיי". ער האָט אָנגעפירט אַ קאַמף קעגן זיי אויף פאַרזאַמלונגען און אין דער פּרעסע, ער האָט געשריבן פיל אַרטיקלען אין דער רוסישער שפּראַך אין רוסיש־יידישע זשורנאַלן ווי דער „וואָסכאָד", „יעוו. זשיזן" א. אַנד. אַנאַליזירנדיק די פּלאַטפאָרם פון די „קאַדעטן", האָט ער אָנגעוויזן אויף די פיל פונקטן דאָרטן בנוגע יידן, אַז זיי זענען באַזירט אויף רעאַקציאָנער־אַסימילאַטאָרישע טענדענצן. אָננעמען זייער פּראָגראַם הייסט וועלן בלויז בייטן די „פּריצים". דער „פּריץ" פון דעם אַלטן דור האָט אונדז פאַראַכטעט און געקוקט אויפן יידן ווי אויף אַ נידעריקן קלאַס אָדער גאָר אַ קנעכט און דער נייער „פּריץ", דער „קאַדעט", האָט אויך דיזעלבע אָנשויאונגען בנוגע אונדז. זיי ווילן נאָר מאַכן פון אונדז מאָדערנע מה־יפתניקעס, דערשטיקן אין אונדז דאָס שטרעבן צו נאַציאָנאַלער פרייהייט און זעלבסטבאַוואוסטזיין, כדי מיר זאָלן ווידער זיך בוקן צום „הער" און פאָלגן וואָס ער וועט אונדז דיקטירן.

זיינע אַרטיקלען האָבן געמאַכט אַ גרויסן רושם איבערן לאַנד. אַלע

נאַציאָנאַל געשטימטע יידן האָבן זיך גרופּירט אַרום אים און ס׳איז אָנגעגאַנגען אַ קאַמף אין דער צייט פון די וואַלן. יעדע שטאָט פלעגט אויסקלייבן אירע פאַרשטייער „וויבאַרשטשיקעס״, וועלכע האָבן געהאַט דאָס רעכט צו קלייבן אָדער דערוויילן די מיטגלידער צו דער „דומע״. אחד העם איז געווען אַ קאַנדידאַט פאַר אַ „וויבאַרשטשיק״. פאַרשטענדלעך, אַז די „קאַדעטן״ פון זייער זייט האָבן אויך נישט געשוויגן און מיט אַ שטאַרקער אָרגאַני־זירטער מאַכט האָבן זיי אים נישט דערלאָזן צו ווערן אַ „וויבאַרשטשיק״ אין זיין שטאָט אָדעס, וואו די באַפעלקערונג איז באַשטאַנען פון זיבעציק פּראָצענט יידישע וויילערס. דאָסזעלבע איז אָנגעגאַנגען אין נאָך אַנדערע יידישע שטעט און דער רעזולטאַט איז געווען, אַז זייער ווייניק יידישע פאַרשטייער זענען דערוויילט געוואָרן. אַזאַ צושטאַנד האָט אים נאַטירלעך געמאַכט זייער טרויעריק און ער האָט זיך פיל באַקלאָגט אויף דער גרויסער „חרפּה״ פון דער יידישער באַפעלקערונג, וועלכע האָט געליטן פון די כלומרשטע פריינד אירע, די „קאַדעטן״, מיט דער הילף פון אונדזערע אייגענע „יענקולס״, פאַלנדיק כורעים צום „פּריץ״. (68)

## זיין מיינונג וועגן אמעריקאנער יידנטום

אין יענע אומרויקע פּאָגראָם־יאָרן האָבן זיך אין רוסלאַנד אַנטוויקלט פאַרשידענע באַוועגונגען צווישן דער יידישער יוגנט. דער סאָציאַליסטישער געדאַנק האָט זיך פאַרשפּרייט און אָפּגעצויגן גוטע כוחות פון דעם ציוניזם. דערצו איז צוגעקומען די באַוואוסטע נאַציאָנאַל־אויטאָנאָמע באַוועגונג, פון וועלכער איינער פון די הויפּט אָנפירער איז געווען זיין בעסטער פריינט און חבר מר. דובנאָוו, מיט וועלכן ער האָט אָנגעפירט אַן אומדערמידלעכן און שטאַרקן קאַמף שריפטלעך און מינדלעך אַ לאַנגע צייט. אָט דער צושטאַנד האָט אים זייער פיל געערגערט, אויף אַזוי פיל, אַז עס האָט אים געמאַכט אומפעיק אָנצוגיין מיט זיין ליטעראַרישער אַרבעט.

עס איז אינטערעסאַנט צו באַמערקן, אַז צו דערזעלבער צייט האָט ער געשענקט זייער פיל אויפמערקזאַמקייט דעם נייעם יידישן לעבן, וואָס עס האָט זיך אָנגעהויבן אַנטוויקלען אין אַמעריקע. ער האָט זיך אויסגעדריקט מיט פאָלגנדע ווערטער: „וזרח השמש — ובא השמש", אַלס אַ חוק פון דעם יידישן גלות־לעבן, אין איין פּלאַץ גייט דאָס אונטער און באַלד הויבט עס אָן צו שיינען אין אַ צווייטן פּלאַץ. ער איז געווען איבערצייגט, אַז אַמעריקאַנער יידן וועלן שפּילן אַ גרויסע ראָלע אין דער נאָענטער צוקונפט און אַז דאָס לאַנד וועט ווערן דער צענטער פון דעם יידישן קולטורעלן לעבן, ביז וואַנען דאָס יידישע פאָלק וועט זיך באַפעסטיקן אויף אייביק אין זיין אייגן לאַנד און וועט נישט זיין מער קיין „נע ונד". ארץ ישראל און גלות־אַרבעט וועט גיין האַנט אין האַנט.

ער האָט אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן ווי אַזוי צו פאַרבינדן די אייראָפּעישע און אַמעריקאַנער יידן מיט ליטעראַרישע צייטשריפטן אין העברעיש, יידיש און ענגליש. דר' שעכטער האָט שטאַרק געוואָלט האָבן, אַז ער זאָל זיך באַזעצן אין אַמעריקע. מ'האָט אים פאָרגעשלאָגן, אַז ער זאָל איבערנעמען די פירערשאַפט פון דעם יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט (דעם דראָפּסי קאָלעדזש) אין פילאַדעלפיע. אָבער ער, מיט זיין גאַנצן וואונטש צו קומען קיין אַמעריקע, האָט געצווייפלט צי ער וועט קענען איבערנעמען אַזאַ קאָלאָסאַלע אַרבעט. זיין טענה איז געווען, אַז ער מוז נאָך אַליין לערנען, איידער ער וועט מאַכן אַזאַ שריט און אָננעמען אַזאַ פּראָיעקט. צו ערלעך און פּינקטלעך איז ער געווען צו ריזיקירן מיט אַ יידישער גייסטיקער אונטערנעמונג. (69)

# זיין יובל

פון דער נאַטור איז ער געווען אַ הבורח מן הכבוד, און ער פלעגט שטענדיק זען אויסמיידן כבודים, וואָס אנבאַלאַנגט צו אים פערזענלעך. אינעם יאָר 1906, ד. ה. י״ז אב, תרס״ו, איז ער געוואָרן פופציק יאָר אַלט. ער האָט קיינעם וועגן דעם נישט דערציילט, אפילו זיין אייגענע פאַמיליע האָט עס נישט געוואוסט. בפרט אין די טרויעריקע טעג פון די געשעענישן אין רוסלאַנד, האָט ער געוואָלט זיך דערוויטערן פון אַזעלכע פייערונגען. מאַכט זיך, אַז גראַד דר׳ קלויזנער האָט יאָ געוואוסט פון דער דאַטע, איז ער אַרויס אין „הזמן״ מיט אַן אַרטיקל, אַז מען זאָל פייערן אַ חג היובל. אחד העם איז דעמאָלט געווען, ווי געוויינלעך יעדן זומער, אויף זיין „דאַטשע״ לעבן האָמעל, ביי זיין פריינד מרדכי בן הלל הכהן. די יידישע פרעסע אומעטום האָט אויפגעכאַפּט דעם פאָרשלאַג, און ער, זייענדיק אין וואַלד, אָפּגעזונדערט פון אַלעמען, האָט גאָר קיין אַנונג נישט געהאַט, וואָס עס קומט פאָר אַרום אים, ווייל די פּאָסט פלעגט אָנקומען צו אים זייער זעלטן.

ווי איבעראַשט איז ער געוואָרן אין אַ געוויסן טאָג, דערהאַלטנדיק אַ פּאַק בריוו, טעלעגראַמעס און צייטונגען, וועלכע האָבן געשטראָמט צו אים פון דער גאַנצער יידישער וועלט, פול מיט ברכות און מזל־טובס צו זיין יובל. (70)

1907—1908

# פארשידענע איבערלעבונגען

א. ער ווערט באפאלן אין גאס

ב. לאָנדאָן (אין דער ערשטער צייט)

ג. זיין מיינונג וועגן א שול

ד. די גימנאזיע אין יפו

## ער ווערט באפאלן אין גאס

דאָס יאָר 1907 האָט זיך אויסגעצייכנט מיט נאָך מער יידישע רדיפות אין רוסלאַנד און די לאַגע איז געוואָרן ערגער פון טאָג צו טאָג. אָנפאַלן אויף יידן אין פיל שטעט איז געוואָרן כמעט אַ געוויינלעכע דערשיינונג. די שטאָט אָדעס איז נישט געווען קיין אויסנאַם אין דעם פרט. מען פלעגט שלאָגן יידן אינמיטן העלן טאָג און איינמאָל האָט אויך אחד העם געכאַפּט קלעפּ פון אַ פּאָליציאַנט, ביז בלוט האָט גערינען פון געזיכט, כאָטש ער איז נישט פאַרוואונדעט געוואָרן ערנסט.

די צייטונגען האָבן דעם אָנפאַל פאַרשפּרייט אין אַן איבערגעטריבענער פאַרגרעסערטער פאָרם און פון אַלע עקן האָבן געשטראָמט טעלעגראַמעס מיט אָנפראַגן וועגן זיין געזונט. אין אַ בריוו צו זיינעם אַ פריינד וויצלט ער זיך וועגן דעם אינצידענט: „דאָס האָט אים געשלאָגן ניט אַ פּראָסטער און סתם כוליגאן, נאָר אַ פאָרשטייער פון צאַר אַליין, אַן אמת׳ער „גאָראָ־דאָוואָי״.

אָט די אַלע אומרועען אַרום אים האָבן זייער שטאַרק געווירקט אויף זיין געזונט. ער ווערט נערוועז און אָפּגעשוואַכט און די דאָקטוירים זאָגן אים, אַז ער מוז האָבן פולקאָמענע רו. ער פאָרט קיין ארץ ישראל צו זיין טאָכטער אין חיפה אויף אייניקע וואָכן. ער ווייזט זיך נישט פאַר קיי־נעם, כדי צו האָבן אמתע מנוחה, איז ווייט פון געסט און באַזוכער. נאָך אַ קורצער צייט, פילנדיק זיך אַ סך שטאַרקער און בעסער, קערט ער זיך אום אַהיים. אָבער אָפּשטייגנדיק אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, דערוויסט ער זיך, אַז די פּאָליציי אין אָדעס זוכט אים אַרום. ער באַשליסט נישט צו פאָרן גלייך קיין רוסלאַנד, נאָר רייזט אַרום עטלעכע חדשים אין אייניקע אייראָפּעי־שע שטעט ביז וואַנען דער טומל וועגן אים איז אַריבער און אַלץ איז פאַרגעסן געוואָרן. און דעמאָלט פאָרט ער צוריק קיין אָדעס אומגעשטערט און נעמט זיך ווידער צו זיין ארבעט. (71)

# לאנדאָן (אין דער ערשטער צייט)

סוף 1907 זענען מיר אים אין לאָנדאָן. די וויסאָצקי טיי קאָמפּאַני האָט געעפנט אַן אָפּטיילונג אין לאָנדאָן און ער איז געשיקט געוואָרן אַהין, אַלס הויפּט פאַרוואַלטער און אָנפאַרטרויטער פון דעם געשעפט.

פון אָנהויב האָט ער זיך געפילט זייער אומבאַקוועם אין דער גרויסער רוישנדיקער נייער שטאָט, ווייט פון זיינע אַלטע פריינד און חברים. ער האָט זיך נישט געקענט צוגעוואוינען צו די נייע באַדינגונגען און דעם סאָרט לעבן דאָרטן. אפילו די יידיש־ענגלישע באַפעלקערונג איז אים פאַר־געקומען פרעמד און נישט צום הארצן. ער באַקלאָגט זיך פאַר זיינע פריינד, אַז אויך דער נאַציאָנאַל און ציוניסטישער עלעמענט אין לאָנדאָן קוקט אים אויס פלעגמאַטיש, טויט, אָן אַ נשמה. אים דאַכט זיך, אַז דער יהדות אין לאָנדאָן ריכט אָפּ גלות. די גאַנצע ציוניסטישע אַרבעט, אפילו די „דוברי עברית־אגודה קוקן אויס ווי איבערגעפּלאַנצט מעכאַניש, אָן אַ שורש און אָן אַ תוך. זיין קוק אויפן לעבן איז שטענדיק געווען צו קאָנסערוואַטיוו, אַז ער זאָל זיך קענען שנעל צוגעוואוינען צו עפּעס נייעס. ער אליין האָט דאָס דערפילט און כדי צו רעכטפאַרטיקן זיינע געדאַנקען, האָט ער אַלעס צוגעצ־שריבן, ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט, צו זיין עלטער, וועלכע שטערט אים אָנהויבן אַ ניי לעבן אין אַ פרעמד לאַנד. דערביי איז אינטערעסאַנט צו באַמערקן, אַז ער איז נאָר וואָס געוואָרן פופציק יאָר אַלט און קומענדיק אין דער רוישנדיקער שטאָט לאָנדאָן, דערקלערט ער זיך פאַר צו אַלט אפילו אָנצוגיין מיט זיין ליטעראַרישער אַרבעט און הערט אויף שרייבן אַ לענגערע צייט. (72)

אין איין זאַך, זאָגט ער, האָט לאָנדאָן אים גוטס געטאָן — וואָס ער האָט גענומען רעדן העברעיש. ווי באַוואוסט, איז זיין טעגלעכע שפּראַך געווען רוסיש, די שפּראַך האָט ער שטענדיק באַנוצט אין זיינע אַלטעג־לעכע געשפּרעכן און אין אַ געוויסן טייל פון זיין קאָרעספּאָנדענץ. אפילו אויף זיינע רייזעס קיין ארץ ישראל איז רוסיש געווען זיין שפּראַך. אַזאַ פירונג פון זיין זייט איז אַלעמאָל געווען אַ רעטעניש. מען פלעגט אַ סך מאָל האָבן פאַריבל אויף אים, אָבער ער האָט זיך געהאַלטן ביי זיין גע־וואוינהייט. אין לאָדאָן איז ער געווען גענייגט זיך אונטערצוגעבן. ענגליש

האָט ער געקענט זייער ווייניק און ווען ער איז געקומען אין באַרירונג מיט דער אגודה „דוברי עברית“, האָט זיך דערוועקט ביי אים גאָר אַ נייער געפיל צו רעדן און אויך האַלטן רעפעראַטן נאָר אין העברעיש און מיט דעם האָט ער אַביסל צופרידנגעשטעלט זיין גייסטיקע פאָדערונג.

דערצו נאָך איז ער פון דער נאַטור געווען אַ צוגעבונדענער צום פאַמיליע־לעבן. זיין פרוי און קינדער האָבן געוואוינט אין אָדעס, האָט ער זיך געפילט ווי אַ צעבראָכענער און ווי עס איז שוין פריער דערמאָנט געוואָרן כמעט איינגאַנצן אָפּגעשטעלט זיין ליטעראַרישע אַרבעט. זיינע חברים שרייבער האָבן שטאַרק פאַריבל געהאַט און אייניקע צייטונגען האָבן אפילו אויס־געטראַכט, אַז ער ציט זיך צוריק לחלוטין פון שרייבן. אַזעלכע באַריכטן האָבן אים אויפגערעגט און ער באַקלאָגט זיך פאַר זיינע פריינד און נאָענטע חברים, פאַרוואָס מען וויל אים נישט פאַרשטיין. ער זאָגט: „איר ווייסט דאָך, אַז איך קען נישט שרייבן אויף אַ באַשטעלונג ווי אַנדערע. ווען ס׳איז מיר לאַנגווייליק און אומעטיק, קען איך נישט דענקען ריכטיק, און גלאַט שרייבן אַבי אָנצופילן אייניקע געדרוקטע בלעטער, בין איך נישט דער מענטש דערצו“. ערשט ווען זיין פאַמיליע איז אָנגעקומען קיין לאָנדאָן און איינגעשאַפן אַ ווירטשאַפט, האָט ער זיך דערפילט פאַר אַ נאָרמאַלן מענטשן.

ער שרייבט צו זיינע פריינד מיט גרויס שמחה, אַז איצט פילט ער זיך ווי אַן אמתר בעל הבית און דענקט, אַז דער רוח הקודש וועט צוריקקו־מען צו אים און ער וועט ווייטער ווערן טעטיק אין ליטעראַטור און גע־זעלשאַפטלעכער אַרבעט.

אָבער מיט לאָנדענער תושבים האָט ער נאָך אַלץ נישט געקענט שלום מאַכן און זיך צופּאַסן צו זיי. זייער סאָרט לעבן און דענקען איז אים געווען פרעמד. געוואוינט האָט ער ווייט פון יידישן קוואַרטאַל און זיינע באַקאַנטע און נאָענטע זענען געווען נאָר איינצלנע, געציילטע. בכלל איז ער געווען שטרענג צו זיין אַרומיקער סביבה און אָפטמאָל האָט ער אַריבערגע־כאַפּט די מאָס מיט זיינע אורטיילן וועגן זיי. ער פלעגט זאָגן, אַז די רוסיש־ענגלישע יידן באַשטייען פון צוויי עקסטרעמען: עמי־הארצים פאַרפעפערט מיט דעם יידישיסטישן סאָציאַליזם, אָדער „שומרי תורה“ פון דעם אַלטן און טרוקענעם סאָרט, וועלכן מען קען געפינען נאָר אין ליטע. פאַר זיי עקזיסטירט נישט קיין אַנדערע יידישע פראַגע אָדער פּראָבלעם ווי נאָר קצבים און ועד השחיטה און קוקן אויף דער צייטונג „דזשואיש קראָניקל“,

ווי אויף דער „ביבל״. אפילו ביי די ציוניסטן פעלט שטענדיק לעבן, רוח און געדאַנק. (73)

די וויסאָצקי טיי קאָמפּאַני פלעגט זיין אָפן אויך שבת ביז מיטאָג־צייט. געווינלעך האָט ער אויך געמוזט זיין באַשעפטיקט דאָרטן דיזעלבע צייט, זייענדיק די הויפט־אָנפאַרטרויטע פערזאָן אין דער פירמע. איינער פון די באַוואוסטע רבנים אין לאָנדאָן, דר׳ ש. דייכעס, האָט אים אַמאָל איינגעלאַדן צו קומען הערן זיין שבתדיקע דרשה אין שול. דאַנקנדיק אים פאַר דער איינלאַדונג, איז זיין ענטפער געווען אַביסל סאַרקאַסטיש: „צו מיין באַדויערן איז מען מקבל שבת אין „סיטי״, נישט פריער ווי נאָך האַלבן טאָג״. דערצו דערקלערט ער אים די סיבה פאַרוואָס ער אַרבעט אַמאָל שבת. אין דער צייט פון דער רעפאָרם־באַוועגונג אין דייטשלאַנד האָבן געוויסע „רבנים״ דערלויבט צו אַרבעטן שבת אויף דעם סמך פון דעם מאמר: עשה שבתך חול ואל תצטרך לבריות״. די „למדנים״, זאָגט ער, האָבן אַזוי פאַרשטאַנען די באַדייטונג פון די ווערטער. אָבער ער, נאַטירלעך, טוט דאָס נישט אויף דעם סמך, נאָר ער איז אין דער מיינונג: אַרבעט ווען דו קענסט, אין דער וואָכן אָדער שבת, אָבער מאַך נישט דיין תורה און וויסנשאַפט „חול״, וואָכעדיק, כדי צו ווערן געטראָטן פון מנהיגים עמי־הארצים״. מעגלעך אַז אויף יענער וועלט וועט ער ווערן באַשטראָפט, אָבער דערוויל, אויף דער וועלט, איז ער אַ שמח בחלקו און האָט פרנסה נישט פון קהלישער אַרבעט, וועלכע פירט צו חלול התורה. (74)

## זיין מיינונג וועגן א שול

זיין מיינונג, וואָס פאַר אַ ראָלע אַ שול דאַרף שפּילן אין יידישן לעבן, איז געווען ראַדיקאַל און אין קעגנזאַץ צו דעם אַלגעמיינעם באַגריף, צו וואָס אַ שול איז נויטיק. נישט די שול, זאָגט ער, האָט געראַטעוועט דאָס יידישע פאָלק פון אונטערגאַנג, נאָר דער בית המדרש. און אויב מיר ווילן מציל זיין וואָס עס איז נאָך אונדז איבערגעבליבן, איז נישט גענוג, וואָס מיר וועלן בויען טעמפּלען און שולן פאַר תפלות און שיינע זמירות,

וועלכע ווערן באַזוכט נאָר איין מאָל אָדער מער אין אַ וואָך, און האָבן גאָר קיין ווירקונג נישט אויף דער פאָלקס־דערציאונג. די יידישקייט הייסט אַלץ, וואָס דאָס פאָלק האָט געשאַפן און בייגעטראָגן צו זיין לעבן דורך תורה אין בית המדרש. און דער ייד, וואָס האָט דעם ריח תורה אין זיך, האָט דעם באַזיס, אויף וועלכן ער קען שטיין זיכער אַלס ייד, און דעמאָלט מאַכט נישט אויס וועלכן נוסח ער דאַוונט, אין אַן אָרטאָדאָקסישער שול, אָדער אין רעפאָרמירטן טעמפּל. די אָרטאָדאקסן און די רעפאָרמער האַלטן אָן אַ קריג שוין אייניקע דורות צווישן זיך וועגן מנהגים און דינים. אָבער די שעדלעכסטע און די הויפּט רעפאָרם וואָס ביידע צדדים זענען באַגאַנגען באַשטייט אין איבערטראָגן דעם צענטער פון יהדות פון דעם בית המדרש צום בית הכנסת. ביידע האָבן געמאַכט דאָס דאַוונען אַלס עיקר און דאָס לערנען — אַ טפל. און איצט, אויב מיר ווילן עקזיסטירן אויף ווייטער, דאַרף מען צוריק אומקערן דעם „מרכז" צו זיין אַלטן פּלאַץ — אין בית המדרש.

און ווען ער האָט זיך דערוואוסט, אַז אין ליווערפּאָל, ענגלאַנד, האָט מען אויפגעבויט אַ „צענטער" פאַר יידישער גייסטיקער וויסנשאַפט, האָט ער זיך זייער געפרייט צו זען אַזאַ גוטן אָנהויב מיט דעם גלויבן, אַז אַנדערע יידישע קהלות וועלן נאָכטון דעם בייַשפּיל פון ליווערפּאָל. (75)

## די גימנאזיע אין יפו

אין אָנהויב 1908 האָט אויסגעבראָכן אַ מחלוקת צווישן דעם אינטעליגענטן טייל חובבי ציון און די פירער פון דעם „דייטשן הילפס פעראיין", וועלכע האָבן דעמאָלט זייער פיל געשטיצט די העברעישע גימנאַזיע אין יפו. די מערסטע אָנגעשטעלטע אין דער גימנאַזיע זענען געווען געשיקט פון דעם הילפס־פאַריין, וועלכער האָט געפאָדערט פון די לערער, אַז דאָס פּראָגראַם פון די למודים זאָל זיין שטרענג אין דעם רעליגיעזן גייסט. צום ביישפּיל: די תנ"ך־למודים זאָלן נישט ווערן געלערנט אַלס היסטאָרישע ווערק אָדער מיט אַ קריטישן צוגאַנג; מען זאָל אויך זיין פאָרזיכטיק

נישט צו לערנען בגלוי הראש און נאָך ענלעכע פאָדערונגען. דער גרעסטער טייל פון די ציונים אַמאָל, האָבן איינגעשטימט מיט די דייטשע יידן, ווייל זייער בליק אויף ציוניות איז געווען: אַ נאַציאָנאַל־רעליגיעזע באַוועגונג און די פאַרשטאַרקונג פון היהדות הדתית. אָבער דער יונגערער עלעמענט פון די ציוניסטן, די משכילים, ביי וועמען דער ציוניות, די אויפלעבונג פון פאָלק, לאַנד, שפּראַך און קולטור איז געווען געבויט אויף דעם ריינעם יידישן נאַציאָנאַליזם און וואָס האָבן אַוועקגעגעבן פיל מי און צייט פאַרן איינהאַלטן פון דער גימנאַזיע, האָבן שטאַרק פּראָטעסטירט קעגן אַזעלכע פאָדערונגען. ביי אַנדערע איז געווען רעכט צו פאַרמאַכן די גימנאַזיע, ביז אַ בעסערע און מער גינסטיקערע צייט וועט קומען פאַר זייער אידעאַל. נאַטירלעך, דאָס ערשטע האָבן זיי זיך געווענדעט צו אחד העם׳ען אַלס דעם פירער פון דעם נאַציאָנאַלן ציוניזם, ער זאָל אָנפירן דעם קאַמף. אָבער צו אַלעמענס איבעראַשונג האָט ער גענומען גאָר אַן אַנדערע שטעלונג אין דעם ענין. ער איז געווען אין דער מיינונג, אַז פאַרלויפיק זאָל מען זיך אונטערגעבן צו די פאָדערונגען פון די „בערלינער״. און כל זמן די גימנאַזיע איז אַן אינסטיטוציע פון וויסנשאַפט און קולטור, וועט זי פיל העלפן, מיט דער צייט, אויסוואָרצלען די אָפּגעשטאַנענקייט און אַבערגלויבן, וועלכע זענען פאַרשפּרייט אין ארץ ישראל ביי דער באַפעלקערונג און אַ נייער דור וועט פאַרנעמען דעם פּלאַץ. די אַלע קליינע אינצידענטן פון פאָרמען און מנהגים וועלן זיך בייטן דורך די קולטורעלע, נאַציאָנאַלע למודים, וועלכע ווערן דאָרטן געלערנט. דאָ האָט ער ווידער אויסגענוצט די געלעגנהייט אויסצודריקן זיין פּרינציפּיעלע אידעע פון ציוניות: „איידער מיר גייען בויען אַ לאַנד פאַרן פאָלק, איז אונדזער ערשטע פליכט צוצוגרייטן אַ פאָלק פאַרן לאַנד״. ווען מיר וואָלטן דאָס געטאָן מיט צענדליקער יאָרן צוריק און דערצויגן אַ דור אויף דעם נאַציאָנאַל־קולטורעלן געביט, וואָלטן מיר ביים היינטיקן טאָג נישט געברויכט אָנקומען צו דער שטיצע פון „זייטיקע״, אַז זיי זאָלן אונדז דיקטירן זייערע פאַרלאַנגען און פאָדערונגען. (76)

1908—1910

# ווידער אין קאמף

א. דאָס פּאָליטעכניקום

ב. זיין קעגנערשאפט צו דער טשארטער־אידעע

ג. די יידישיסטישע באוועגונג („ריב לשונות")

ד. ליליענבלומס טויט

ה. קעגן א וויסנשאפטלעכן אנשטאלט אין ארץ ישראל

ו. די נייע רעפארם־באוועגונג אין ענגלאנד (על שתי הסעיפים)

# דאס פאַליטעכניקום

דער פאַרשטאָרבענער נדבן א. ק. וויסאָצקי האָט איבערגעלאָזן אַ סומע פון הונדערט טויזנט רובל פאַר אַ הויכער יידישער אינסטיטוציע. אחד העם האָט אַ סך געטרוימט וועגן בויען אַ מאָדערנעם פּאָליטעכניקום אין ארץ ישראל און דאָ האָט ער אויסגענוצט די געלעגנהייט. האָבנדיק דעם גרויסן צוטרוי פון וויסאָצקיס קינדער צו אים, האָט ער אויף זיי גע־ווירקט, אַז זיי זאָלן איינשטימען צו באַנוצן די סומע געלט אַלס גרונד־פאָנד פאַר אַזאַ פּאָליטעכניקום. די הונדערט טויזנט רובל זענען, פאַרשטייט זיך, נישט געווען גענוג פאַר אַזאַ אונטערנעמונג און ער האָט געזוכט אַנדערע קוואַלן. דר׳ פּאָול נייטן אין בערלין, דער הויפּט פון דעם „הילפס־פעראיין״, איז געווען איינער פון זיינע גוטע פריינד. דר׳ שמריהו לעווין האָט דעמאָלט געוואוינט אין בערלין, און האָט געהאָלפן ווירקן אויף דר׳ נייטן, אַז דער הילפס פאַריין זאָל נעמען אַן אנטייל אין דער גרינדונג פון דעם פּאָליטעכניקום. זיי ביידע האָבן דערנאָך געווירקט אויך אויף יעקב שיף אין ניו־יאָרק, וועלכער האָט צוגעזאָגט אַ גרויסע סומע געלט און דער פּראָיעקט איז אויסגעאַרבעט געוואָרן.

אָבער עס האָט נישט געדויערט לאַנג און אחד העם האָט זיך אָנגע־שטויסן אויף נייע שטערונגען, וכוחים און קעגנערשאַפט וועגן דער שפּראַך און די למודים אין פּאָליטעכניקום. פון איין זייט, זענען די פאָרשטייער פון די געלט־מאַגנאַטן אין מאָסקווע און בערלין, ווי געוויינלעך, שטענדיק די אפּיטרופּסים אויף פרומקייט פאַר דעם צווייטן, זענען זיי באַשטאַנען דורכ־אויס, אַז אין דער קאָנסטיטוציע פון דעם פּאָליטעכניקום זאָל זיין דער פּונקט, אַז „אַלע למודים זאָלן געלערנט ווערן על פי רוח הדת״. די ציוני־סטן און מיט זיי די נאַציאָנאַלע־אינטעליגענטן, וועלכן האָבן געדינט אַלס מיטגלידער פון דעם פּלאַן־קאָמיטעט, האָבן געפּאָדערט אומבאַדינגט, אַז דאָס וואָרט „דת״ אין דער קאָנסטיטוציע זאָל געענדערט ווערן אויפן וואָרט „יהדות״, וואָס קען צופרידנשטעלן אַלע קלאַסן און ריכטונגען. דער

פלאַם פון דער דיסקוסיע האָט זיך פאַרשפרייט צווישן ביידע צדדים, קיינער פון זיי האָט נישט געוואָלט נאָכגעבן און דאָ קומט אחד העם אַלס דער פשרה־מאַכער. די הויפט־שוועריקייט איז געווען מיט זיינע היציקע חברים. ער איז געווען רויקער און האָט באַטראַכט דעם גאַנצן ענין מיט זיין קאלטן ישוב־הדעת. זיין דערקלערונג האָט ער אונטערגעצייכנט מיט דעם פאָלגנדן געדאַנק: „דאָס איינציקע וואָרט דת אָדער רעליגיע דאַרף נישט שטיין אין וועג אין דעם אויפבויען פון אַזאַ נויטיקער און וויכטיקער אינסטי־טוציע פאַר דעם ישוב. זאָלן מיר וואָס שנעלער דערוווערבן אַזאַ הויכן בילדונגס אַנשטאלט פאַר אונדזער יונגן דור, וואָס וואַקסט אין ארץ ישראל און דאָס וואָרט דת וועט נישט זיין אַזוי שרעקלעך דאָרט, ווי מיר פאַרשטייען דאָס אין גלות". ער ווענדט זיך צו זיינע חברים, אַז זיי זאָלן ח"ו נישט חושד זיין, אַז ער איז געוואָרן אַ בעל תשובה אויף זיינע עלטערע יאָרן. זיין איינציקער וואונטש איז אויפצובויען ארץ ישראל מיט וואָס מער הויכע שולעס און אויסשפרייטן דעם ישוב און דערנאָך וועלן מיר זיין אימשטאַנד צו באַקעמפן די גלות־אָרטאָדאָקסיע מיט וויסנשאַפט און קולטער, און אַזאַ קאַמף וועט אַמאָל זיין דער בעסטער פאַרגעניגן פאַר אים.

נאָכגעבנדיק פון איין זייט די פאָדערונג פון דעם נוסח וועגן דת, איז אים אויסגעקומען צו פירן, פון דער אַנדערער זייט, אַ מלחמה מיט די געלט־מאַגנאַטן, ווען זיי האָבן געוואָלט אַריינברענגען דעם אַסימילאַטאָרישן גייסט אין דעם סדר־הלמודים בכלל. אפילו אונדזער יעקב שיף, וועלכער איז געווען באַזאָרגט וועגן „רוח הדת", האָט דוקא געוואָלט, אַז די הויפט־מנהיגים פון פּאָליטעכניקום זאָלן זיין אייניקע באַוואוסטע אַסימילאַטאָרן. דעמאָלט האָט אחד העם געוויזן זיין גרויסע עקשנות נישט אונטערצוגעבן זיך אויף דאָס מינדסטע, אויב דאָס קאָן שטערן אַמאָל דעם פּרינציפּ פון דעם נאַציאָנאַלן גייסט. ער זאָגט צו זיי: „נישט מיט מיליאָנען וועט איר ביי אונדז אָפקויפן אונדזער גרויסן נאַציאָנאַלן אידעאַל". און ער האָט אויסגעפירט. (77)

# זיין קעגנערשאפט צו דער טשארטער-אידעע

נאָך דער גרויסער רעוואָלוציע אין טערקיי, ווען די יונג־טערקן זענען געקומען צו דער מאַכט, מיט אַ מאָדערנער קאָנסטיטוציע פאַרן לאַנד, האָט אחד העם אָנגעהויבן אַגיטירן צווישן די ציוניסטן, מען זאָל בייטן אינגאנצן דעם בליק אויף דעם פּאָליטישן ציוניזם. דאָס ערשטע האָט ער געפאָדערט מען זאָל אויפגעבן דעם געדאַנק פון אַ טשאַרטער, וועלכן ער האָט סיי ווי סיי קיינמאָל נישט געוואָלט. אַמאָל, זאָגט ער, האָבן די דיפּלאָמאַטישע ציוניסטן געקענט חלומען פון פאַנטאַזיע, אַרויסצוקריגן אַ טשאַרטער פון דעם נאַרישן סולטאַן, אָבער איצט, ווען אַ פּאַרלאַמענט ווערט דאָרטן איינגעשטעלט, זענען אַזעלכע געדאַנקען גאָר אַן אומזין. זאָל מען זיך בעסער אָפּזאָגן פון דעם דיפּלאָמאַטישן וועג, ווי הערצל האָט אָנגעוויזן, און קומען גלייך אין באַרירונג מיט דער נייער דעמאָקראַטישער רעגירונג אין טערקיי, כדי צו באַקומען פון איר די צושטימונג פאַר אַ פאַרברייטערטער קאָלאָניזאַציע און די גאַנצע אַרבעט זאָל זיך קאָנצענטרירן אויף דעם פּראַקטישן געביט, אָן די פּאָליטישע חכמות. מער לאַנד איינקויפן, מער קולטור פאַרשפּרייטן דאָרט, מוז זיין אונדזער ערשטע אויפגאַבע איצט, ביז וואַנען די גרויסע מאַסן וועלן זיך גוט איינאָרדנען אין לאַנד און דעמאָלט וועלן מיר קענען קומען מיט קאָנקרעטע פּלענער צו דער רעגירונג.

ער איז געווען פול מיט האָפענונג, אַז די נייע יונג־טערקן־רעגירונג וועט אונטערשטיצן מיט אַ ברייטער האַנט די גרויס־קאָלאָניזאַציע אין פּאַלעסטינע און דערפאַר איז ער געווען זייער פאַרביטערט קעגן דער ציו־ניסטישער אָרגאַניזאַציע בכלל, וואָס באַציט זיך אַזוי קאַלטבלוטיק צו די נייע געשעענישן און פאַסירונגען אין טערקיי. ער דריקט זיך אויס, אַז: „די ציוניסטן וועלן זיך בעסער זאָרגן פאַר דעם באַזעלער פּראָגראַם, איידער פאַר ארץ ישראל גופא". ער קומט צו דעם באַשלוס, אַז אַזאַ פאַרשטענדעניש פון דעם ציוניסטישן געדאַנק איז דער רעזולטאַט פון ווייניק קולטור־אַרבעט צווישן די ברייטע מאַסן פון דעם ערשטן טאָג אָן. אַזוי איז ער אָנגעגאַנגען מיט זיינע אַטאַקעס אויף דעם פּאָליטישן ציוניזם. די אַנט־וויקלונג פון די ווייטערע געשעענישן וועלן ווייזן אויף וועמענס זייט איז געווען די גערעכטיקייט. (78)

# די יידישיסטישע באַוועגונג

אין יענער צייט איז אָנגעגאַנגען אַ באַוועגונג צווישן פיל יידישע שרייבער, ווי צו דערהויבן יידיש אַלס אַ נאַציאָנאַלע שפּראַך. סוף פון 1908 איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אַ קאָנפערענץ אין טשערנאָוויץ, אויף וועלכער אַ רעזאָלוציע איז אָנגענומען געוואָרן קעגן העברעיש און, אַז יידיש איז די נאַציאָנאַלע שפּראַך פון דעם יידישן פאָלק. איניקע באַוואוסטע העברעישע שרייבער האָבן זיך זייער באַאומרויקט וועגן דעם און האָבן געפאָדערט פון אחד העם אַז מען זאָל דורכאויס נעמען ווייכטיקע שריט קעגן דער יידישיסטישער באַוועגונג. ער איז געווען גראָד פיל רויקער און האָט נישט אַרויסגעוויזן קיין צייכן פון זאָרג. ער רופט אָן די קאָנפערענץ נישט מער ווי אַ „פּורים־שפּיל", און אַז אַזעלכע באַשלוסן וועלן קיינמאָל נישט קענען אָנרירן די באַדייטונג פון העברעיש. פון דער אַנדערער זייט, אָבער האָט ער (נישט ווי זיין שטייגער) באַנוצט זייער שאַרפע אויסדרוקן קעגן די איניציאַטאָרן און אפילו אַריבערגעכאַפּט אַמאָל די מאָס. ער רופט זיי „עמי־הארצים", מיט וועלכע די העברעיסטן דאַרפן זיך נישט רעכענען, כדי נישט צו מאַכן נאָכאַמאָל דעמזעלבן היסטאָרישן טעות, וואָס עס איז געשען מיט צוויי „רעוואָלוציאָנערן־עמי־הארץ": דער נוצרי און בעל שם טוב. ווען מען וואָלט נישט מרעיש עולם געווען וועגן זיי, וואָלטן מיר שוין לאַנג אין זיי פאַרגעסן. (79)

אפילו מיט זיין בעסטן פריינד ש. דובנאָוו האָט ער נישט געקענט זיך פאַרהאַלטן רויק, דיסקוטירנדיק די מעגלעכע צוקונפט פון יידיש. ער שרייבט אים, אַז דידאַקטישע פראַגע וועט מאַכן אַ מחיצה צווישן זיי ביידן. ער פּראָטעסטירט שטאַרק קעגן דובנאָווס אויסדרוק, אַז „יידיש וועט אַמאָל זיגן". ער זעט אין אַזאַ זיג די גרעסטע סכנה פאַר דעם יהדות. און אויב די עקזיסטענץ פון דעם יידישן פאָלק וועט זיין אָפּהענגיק פון דעם „יידיש־זיג" דעמאָלט איז ער גרייט זיך אָפּצוזאָגן פון אַזאַ „עקזיסטענץ" אינגאַנצן. אויב, נאָך אַ געשיכטע פון טויזנטער יאָרן זאָל דאָס יידישע פאָלק אנהויבן

זיך קולטיווירן און צופאַסן צו אַ נייער קולטור, אַלץ פון „בראשית": אַ נייע שפּראַך, ליטעראַטור מיט נייע באַגריפן, וועלכע זאָלן זיין אַ מין נאָכ־שלעפּעניש פון פרעמדע קולטורן, דעמאָלט, דענקט ער, לוינט זיך גאָר נישט עקזיסטירן אַלס אַ נידעריקע נאַציע, ווי די ליטווינער אָדער די רוטענער מיט נאָכטאָן אַנדערע קולטורן: „עס וועט זיין בעסער צו פאַרחתמענען אונד־זער היסטאָריש בוך, איידער צולייגן נאָך אייניקע ליידיקע בלעטער. אָט די נייע יידישיסטישע באַוועגונג קוקט אים אויס ווי זי וויל אונדז ברענגען צוריק צו די ערשטע צייטן פון קריסטנטום, ווען די מאַסן, די עמי־הארצים האָבן רעוואָלטירט קעגן דער יידישקייט פון די תלמידי חכמים און האָבן אָנגעהויבן שאַפן אַ נייע ווענדונג אין יידישן לעבן. דעם סוף פון דעם זיג ווייסן מיר אַלע, אַז דאָס יידישע פאָלק איז ארויס נאָך שטאַרקער אין זיינע שאַפונגען. ער איז איבערצייגט, אַז מיט דער צייט וועלן אַלע אָנערקענען דעם זיג פון דעם ריכטיקן יהדות און דעם שאָדן פון זשאַרגאָן". (80)

ער גיט צו, פון דער אַנדערער זייט, אַז צו די ברייטע מאַסן מוז מען דורכאויס שרייבן און רעדן אין דער שפּראַך, וועלכע איז בעסער פאַר־שטענדלעך פאַר זיי. דורך דער גאַנצער יידישער געשיכטע געפינען מיר, אַז די פאָלקס־מאַסן האָבן אָנגענומען פאַרשידענע דיאַלעקטן אין לאַנד וואו זיי האָבן געוואוינט. מאכן פון דעם אַ נאַציאָנאַלע שפּראַך איז אַן אומזין און נאָך מער אומזין איז צו שרייבן וויסנשאַפטלעכע ווערק אין יידיש פאַר די מאַסן, וועלכע זיי וועלן סיי ווי סיי נישט פאַרשטיין. יידיש אָדער אַן אַנדערע שפּראַך, די וואָס אַ געוויסער טייל פון פאָלק פאַרשטייט בעסער, דאַרף באַנוצט ווערן נאָר אַלס אַ מיטל פאַר אויפקלערונגען און דערציאונג, אָבער נישט שאַפן פון דעם אַ נאַציאָנאַלן באַזיס. אחד העם אַליין פלעגט פיל שרייבן אין דער רוסישער שפּראַך צו די, וועלכע האָבן געקענט נאָר די־דאָזיקע שפּראַך. אין רוסיש האָט ער געפירט דיסקוסיעס מיט זיי וועגן פאַר־שידענע יידישע צייט־פראַגן. דערהויפּט וועגן נאַציאָנאַליזם און ציוניות. זייער אינהאַלט איז געווען אַ קריגערישער קעגן די, וועלכע האָבן געלייקנט אין יהדות און דער העברעישער קולטור. דאָס איז געווען זיין מיינונג ווי אַזוי אויסנוצן אַנדערע שפּראַכן פאַרן פאָלק. *) (81)

*) עס איז כדאי צו באמערקן אז אחד העם האָט אין יאָר 1899 געשריבן אן ארטיקל אויף יידיש „ווער איז דער יוד?" אין קראָקעווער צוויי־וואָכנבלאט „דער יוד". אונטער זיין פסעוודאָנים „א — ד — ם".

# ליליענבלומס טויט

פון דער נאַטור איז ער געווען אַן ערלעכער מענטש. זייער פּעסעמיסטיש געשטימט צו יעדער נייער באַוועגונג, וועלכע פלעגט פון צייט צו צייט אַרויפשווימען אויף דעם יידישן האָריזאָנט דורך פּראָפּאַגאַנדע. צוליב דעם איז אים שטענדיק אויסגעקומען צו פירן דיסקוסיעס און אַ ווערטער־קאַמף מיט די אַלע לייט, וואָס האָבן נישט איינגעשטימט מיט דעם גאַנג פון זיינע אידעען. זיינע ענטפערס פלעגן שטענדיק זיין שאַרף און שטעכעדיק און קיינעם נישט משא פנים געווען, אויב נאָר ער איז געווען איבערצייגט, אַז זייערע טאַטן און אקטן פירן נישט דעם גלייכן וועג. און אזוי האָט ער זיך פארשאפט פיל שונאים און סתם קעגנער אין דער יידישער געזעלשאַפט־לעכער וועלט, ווי אין די ליטעראַרישע קרייזן.

זיין ווידערשטאַנד צום פּאָליטישן ציוניזם און צו דר׳ הערצעלס דיפּ־לאָמאַטישער טעטיקייט, איז דאָך אַלעמען גוט באַוואוסט פון דעם וואָס מיר האָבן פריער דערמאָנט. דערצו נאָך האָט ער אין פארלויף פון פיל יאָרן געוויזן אַ שטאַרקן ווידערשטאַנד אויך אין די רייען פון דער „חובבי־ציון" באַוועגונג. דערהויפּט איז ער געקומען אין אָפטע צוזאמענשטויסן מיט דעם באַוואוסטן כלל־טוער און שריפטשטעלער משה לייב ליליענבלום. דער לעצטער איז געווען איינער פון די גרינדער פון דער חובבי־ציון געזעל־שאַפט אין רוסלאַנד מיט דעם הויפּט־קאָמיטעט אין אָדעס. ליליענבלום איז געווען דער סעקרעטאר פון דער חברה, אָדער בעסער געזאָגט, די נשמה פון איר טעטיקייט, ביז דער לעצטער מינוט פון זיין לעבן. אחד־העם האָט געארבעט מיט אים אין דעמזעלבן קאָמיטעט, אָבער זיי האָבן קיינמאָל נישט געקענט שטימען צוזאמען סיי אין דער אינערלעכער הנהגה פון דער באַווע־גונג און אויך בנוגע דער אַרבעט אין ארץ ישראל. אחד העם פלעגט אים זייער שארף קריטיקירן אויף אַלע זיצונגען און אָפטמאָל אויך אין דער פּרעסע, אָבער מען מוז צוגעבן, אַז ער האָט עס געטאָן מיט גרויס רעספּעקט און כבוד צו ליליענבלומען. זייטיקע מענטשן פלעגן זיי אָפט באַטראַכטן אַלס שונאים וועלכע האָבן זיך פיינט, אָבער דאָס איז געווען אַ טעות.

זייער קאמף צווישן זיך איז געווען, ווי מען קאָן זאָגן, אַלץ לשמה און אויף קיין פאַל פערזענלעך.

אין אָנהויב פון 1910 איז משה לייב ליליענבלום געשטאָרבן. זיין טויט האָט געהאַט אַ שרעקלעכע ווירקונג אויף אחד העם'ן. ער האָט דעמאָלט באַוויזן ווי ערלעך און איבערגעגעבן ער איז געווען צו זיינע שרייבער־חברים אפילו צו זיינע פאַרביטערטסטע קעגנער. ער האָט זיך פשוט געפילט קראַנק און פאַר פיל וואָכן איז ער נישט געווען אימשטאנד צו נעמען אַ פען אין האַנט, עפּעס צו שרייבן. זיין גרויסן טרויער האָט ער געקענט אויס־דריקן נאָר אין בריוו צו די איבעריקע חברים און גוטע באַקאַנטע. ער זאָגט, אַז ליליענבלום איז געווען אַ טייל פון זיין גייסט, מיט וועלכן זיין כלל־ארבעט און די ליטעראַרישע שאַפונגען זענען שטענדיק געווען פאַר־בונדן. פסיכאָלאָגיש, זאָגט ער, קענען מענטשן זיין צוגעבונדן איינער צום אַנדערן נישט דוקא דורך דיזעלבע מיינונגען, נאָר אפילו ווען זיי זענען שטאַרקע קעגנער און זייערע שטאַנדפּונקטן צעגייען זיך. ער קען זיך גאָר נישט פאָרשטעלן, ווי ער וואָלט געקענט אַרבעטן געזעלשאַפטלעך און שאַפן ליטעראריש, ווען ער וואָלט נישט געהאַט אַרום זיך אַזעלכע מענטשן ווי ליליענבלום, מיט וועמענס טויט, ער פילט, האָט זיך געענדיקט אַ גאַנץ קאַפּיטל אין דער יידישער געשיכטע. מעגלעך, אַז אין אונדזער נאַציאָ־נאַלער אַרבעט, וועט די צוקונפט ברענגען נאָך אינטערעסאַנטע פּעריאָדן פאַר אונדז, אָבער דער ליליענבלום־פּעריאָד איז געווען דער בעסטער אין זיין אַרבעט. זיין אָפּוועזנהייט, פילט ער, האָט צעריסן זיין נשמה לויט דעם מאמר: „חבר שמת תדאג כל החבורה ומי יקח את מקומו? זיין טויט נעמט אַרום אין טרויער די גאַנצע גרופּע אונדזערע". *) (82)

*) אויך האָט ער געשריבן א הספד „האחרון" אויף מל"לס טויט אין על פרשת דרכים ד׳.

# קעגן אַ וויסנשאַפטלעכן אַנשטאַלט אין ארץ ישראל

אין יענער צייט איז אָנגעגאַנגען אַ באַוועגונג צווישן די גרויסע יידישע געלערנטע און נאַציאָנאַלע פאָרשטייער, וועגן דער גרינדונג פון אַ הויכן בילדונגס אנשטאלט פאר יידישער וויסנשאפט אין ארץ ישראל. דר׳ חיים טשערנאָוויץ און דר׳ קלויזנער זענען געווען די אָנפירער, און עס איז געפירט געוואָרן אַ פראפאגאנדע אין דער פרעסע וועגן דעם פּראָיעקט. אחד העם איז געווען כמעט דער איינציקער, וועלכער איז אַרויסגעטראָטן קעגן דעם, צוליב זיינע פעסימיסטישע אנשויאונגען אויף געזעלשאפטלעכער טעטיקייט. פון דער נאטור איז ער געווען אַן עקשן, האָט פיינט געהאַט אילוזיעס אָדער פאַנטאַזיעס ביים מאכן פּלענער, סיידן ער איז געווען זיכער, אַז מען קען זיי פאַרווירקלעכן אין לעבן. ביי יעדער נייער אונטערנעמונג פון אַן אינסטיטוציע אין ארץ ישראל, פלעגט ער שטענדיק אַרויסזאָגן זיין פעסימיסטישע מיינונג און פירן וכוחים מיט זיינע פריינד און חברים אין פאַרטיידיקונג פון זיינע פרינציפּן. שטענדיק פעסט אין זיין גלויבן, אַז די ערשטע ארבעט אינעם אויפלעבן דאָס פאָלק אין זיין לאַנד, איז די אַנטוויקלונג פון דעם נאַציאָנאַלן גייסט ביי די מאַסן. און פון דעם שטאַנדפּונקט איז ער געווען קעגן דעם פּראָיעקט, ווייל דער היינטיקער דור, זאָגט ער, איז נאָך נישט צוגעגרייט און מסוגל צו פאַרשטיין די נויטווענדיקייט פון גרויסע יידישע גייסטיקע פירער, אָדער געלערנטע רבנים. און נאָר פאר דעם איינציקן צוועק פון הויכער וויסנשאַפט, זענען אונדזערע מיטלען זייער קליין צו אונטערשטיצן אַזאַ אינסטיטוציע, וועלכע פאָדערט מיליאָנען.

צו די טענות פון אייניקע, אַז אַקטיווע און ענערגישע מענטשן קענען שאפן די מעגלעכקייט, אַז אַ פּראָיעקט זאָל מיט כח פאַרווירקלעכט ווערן, האָט ער געגעבן אַן אינטערעסאַנטן ענטפער: „אויב איינער וויל מיט געוואַלט אַריינטרעטן אין אַ פאַרמאַכט הויז, זוכט ער פריער די טיר דורך וועלכער ער וועט מיט קראַפט זיך קענען אַריינשטופּן אינעווייניק, אָבער ער וועט קיינמאָל נישט דערגרייכן זיין ציל, אויב ער וועט פריער שטופּן

די וואַנט. ער מוז פריער געפינען די טיר צו דעם. אַזוי איז אונדזער לאַגע. אַ וואַנט פון אומוויסנהייט רינגלט אונדז ארום און די טיר דערצו איז נאָך נישט געמאַכט געוואָרן. אונדזער אויפגאַבע איז איצט אויפקלערונג, דער־ציאונג און אַנטוויקלונג פון די מוחות און הערצער פון די יידן, כדי זיי זאָלן זיין פעיק און צוגעגרייט פאר אַזאַ גרויסער אונטערנעמונג, וואָס זאָל קענען געבויט ווערן אויף געזונטע און שטאַרקע יסודות״.(83)

## די נייע רעפארם־באַוועגונג אין ענגלאנד („על שתי הסעיפים״)

אין יענער צייט האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע באַוועגונג פון רעפאָרם־יידנטום צווישן די ענגלישע יידן. די באַוועגונג איז אַוועק פיל ווייטער ווי די רעפאָרם אין דייטשלאנד און האָט געפרעדיקט, אַז דער יידישער גלויבן זאָל זיך פולקאָם פאראייניקן מיטן קריסטנטום. דער פירער פון יענער באַוועגונג איז געווען מר. קלאָוד מונטיפיורי, וועלכער האָט אַרויס־געגעבן אַ בוך אַלס פירוש אויף די עוואַנגעלישע ספרים, וועלנדיק איבער־צייגן, אַז דער „ברית החדשה״ דאַרף ווערן אַ טייל פון יהדות און אַזוי ווייטער.

די יידישע וועלט האָט זיך דערפון אַ טרייסל געטאָן. מען איז אַרויס־געקומען מיט דער שאַרפסטער קריטיק קעגן דעם בוך. אחד העם איז אויך ארויס מיט זיין באַוואוסטן מאמר „על שתי הסעיפים״, וועלכער האָט געמאַכט אַ שטאַרקן רושם אין דער ליטעראַרישער וועלט. ווי געוויינלעך, איז זיין טאָן פון שרייבן געווען ווייך אָבער שארפזיניק, אָן באַליידיקונגען. (דאָך איז דאָס נישט אַלעמען געפעלן און זיי האָבן אים קריטיקירט דערפאַר). עס איז כדאי איבערצוגעבן דאָ אייניקע אינטערעסאַנטע פונקטן פון זיין ארטיקל.

ער זאָגט זיי, אַז די יידן וועלכע זוכן צו מאכן אַ פשרה צווישן דעם יהדות און קריסטנטום, זענען נאָר די „נייע יידן״, צו וועלכע די לאַנגע יידישע געשיכטע איז פרעמד. דאָס אָפטיילן פון דעם יידישן פאָלק פון אַלע אנדערע, באַטראַכטן זיי אלס אַ צופאַל און מעכאַניש, וואָס מוז געענ־

דערט ווערן. זיי פעלט די גרויסע היסטאָרישע אַנטוויקלונג פון אידעאַלן מיט גאַנץ באַזונדערע בליקן אויפן לעבן, מיט וועלכע די יידן האָבן זיך שטענדיק אויסגעצייכנט אנדערש ווי אַלע אַרום זיי. דער ייד איז פון נאָך גאָר די אַלטע צייטן געשטאַנען אין אַ באַזונדער ווינקל וואו ער האָט געשאַפן זיינע אידעאַלן. אין אַזאַ צושטאַנד האָט ער זיך געפונען איידער דער נוצרי איז געבוירן געוואָרן און פון דעמאָלט אָן פאַרלירט ער זיך נישט אונטער דער וועלטס ווירקונג, די וועלט קען אים נישט באַצווינגען צו ווערן אַנדערש און ער עקזיסטירט ביז היינט אלס אַזעלכער. דערפאַר איז נישט נויטיק קיין פשרות פאַר די יידן, וועלכע פילן דאָס טיף אין זייער האַרצן און די גאַנצע היסטאָרישע דערשיינונג איז שטאַרק איינגעוואָרצלט ביי זיי. און אַנדערש קען דאָס נישט זיין.

די יידישע תורה איז טאַקע גרינטלעך אָפּגעזונדערט פון אַלע אַנדערע. און ער זאָגט: „ווען אַ גוי וואָלט געקומען מיך בעטן, איך זאָל אים אויס־לערנען די גאַנצע תורה אונדזערע שטייענדיק אויף איין פוס, וואָלט איך אים געזאָגט: די גאַנצע תורה באַשטייט אויף דעם געבאָט „לא תעשה לך פסל וכל תמונה“. די לערע פון דער יידישער רעליגיע און אידעאַל האָט נישט קיין פאַרבינדונג מיט אַ געשטאַלט אָדער אַ צורה, זי איז אַן אַבסטראַקציע און ציט איר גאַנצקייט פון גאָט אַליין. פאַרקערט אָבער, קען דען קריסטנטום פאָרגעשטעלט ווערן אָן יעזוסן אָדער מאַכמעדאַניזם אָן מחמדן? דאָס גלויבן אַליין אין אַ מענטשלעכער געשטאַלט איז אַ טייל און אפשר אַן עיקר פון זייערע אמונות. נאָר דער יהדות איז נישט פאַרבונדן מיט קיין תמונת אדם. דער אידעאַל פון פולקאָמענהייט איז גאָט אַליין און מיט אים דאַרף דאָס אינערלעכע געפיל פון מענטשן זיין געבונדן כדי „להדבק במדותיו“. דער מענטש, מעג ער זיין דער אמתער צדיק, פולקאָם און גאַנץ, קען ער נאָך אַלץ נישט זיין ריין פון אַ פעלער אָדער פון זינד. און ווי מיר געפינען אין תלמוד, איז משה אויך געשטאָרבן פאַר זיינע זינד. ער איז נאָר געווען דער שליח פון גאָט אין איבערגעבן די תורה, אָבער זיין פערזענלעכע געשטאַלט איז מיט דעם גאָר נישט פאַרבונדן. דער תלמוד זאָגט אויך, אַז עזרא הסופר וואָלט אויך געווען ראוי, אַז די תורה זאָל געגעבן ווערן דורך אים, אויב משה וואָלט זיך נישט מקדים געווען. אָבער קען גאָר אַ קריסט דענקען, אַז „פּאול“ וואָלט אויך געקענט ברענגען זייער תורה, אויב יעזוס וואָלט נישט געבוירן געוואָרן פריער?“

אַט די אייגנשאַפט פון דעם יהדות אַלס אַן אַבסטראַקט־אידעאַל איז די הויפּט־אורזאַך וואָס דער יהדות האָט זיך נישט געקענט פאַרשפּרייטן אין דער גאַנצער וועלט. ווייל דעם מענטשן, פון דער נאַטור, איז שווער צו באַגרייפן אַבסטראַקטע אידעאַלן און זיינע געפילן ווערן מער באַגייס־טערט, ווען ער קען זיך פאַרשטעלן אַ מענטשלעכע געשטאַלט. און נאָך פאַר דעם נוצרי האָבן די גריכן און די רוימער באַשולדיקט די יידן, אַז זיי האָבן נישט קיין גאָט, ווייל אין געטלעכקייט אָן אַ געשטאַלט קען נישט זיין קיין אמונה, און דעריבער האָבן זיי זיך בעסער צוגעפּאסט צום קריסטנ־טום. דאָס זענען די סיבות, וואָס דאָס יידישע פאָלק שטייט נאָך עד היום אָפּגעזונדערט פון אַלע פעלקער. ער ציט זיין גלויבן פון „כה אמר ה׳״ און נישט ווי די תורת הנוצרי: „אני אומר לכם״. דאָס וואָרט „אני״ אַליין איז געגנוג אָפּצוטיילן דעם יהדות פון נצרות און דערפאַר איז נישטאָ קיין פּלאַץ פאַר פשרות אָדער שותפות צווישן זיי ביידן, ווי די נייע רעפאָרמער ווילן.

אחד העם דערקלערט ווייטער, אַז די פּרינציפּיעלע נייגונג פון דעם יידישן פאָלק פון נישט אָנערקענען קיין תמונה אין מענטשלעכער געשטאַלט, האָט אים געבראַכט צו דעם גלויבן, אַז דער ציל פון זיין תורה איז נישט די „דערלייזונג פון דער איינצלנער פּערזאָן״, נאָר דאָס גליק און גאַנצקייט פון דער גאַנצער מענטשהייט. דער „באחרית הימים״ פון דעם מין האנושי שטעלט מיט זיך נישט פאָר קיין באַשטימטע געשטאַלט. דער איינצלנער מענטש וועט האָבן זיין גליק נאָר דורך דער פולקאָמער אַנטוויקלונג פון דעם „קבוץ״. און אַזוי געפינען מיר נישט אין דער גאַנצער תקופה פון די נביאים, אַז „השארת הנפש״ און „שכר ועונש״ זאָלן דערמאָנט ווערן ביז נאָך גלות בבל. און אפילו דעמאָלט ווען מען האָט זיך שוין אָנגעהויבן זאָרגן וועגן דעם „יחיד״, איז דאָס נאָך אַלץ געווען אין זייער אַ קליינער מאָס. מען דאַרף נאָר דורכבלעטערן די אַלע תפלות אין סדור און מחזור, צוםביישפּיל, קען מען לייכט באַמערקן, אַז דער „יחיד״ שפּילט נישט קיין ראָלע. דער עיקר זאָרג זענען די אינטערעסן פון דעם גאַנצן פאָלק און דער מענטשהייט אין אַלגעמיין. דאָס איז נאָך אַן אונטערשיד צווישן יהדות און אַנדערע אמונות, וואָס שטאַמט פון איין מקור און איין אורזאַך.

דאָס זענען נאָר אייניקע שטריכן פון די פיל פּונקטן, וואָס אחד העם האָט באַהאַנדלט וועגן דעם גרויסן אונטערשיד און אויף ווי ווייט דער

יהדות איז אָפּגעטיילט אין זײַנע יסודות און עיקרים פון אַנדערע דתות. די אַלע באַמיאונגען פון די „נייע יידן" וועלן קיינמאָל נישט ברענגען צו אַן אויסגלייך. די גאַנצע פראַגע האָט ער אַנאַליזירט זייער קאַלטבלוטיק, מעסיק און אָן רגזה, און דערפאר איז ער געלויבט געוואָרן פון דער פרעסע איבעראַל, און די ווירקונג וואָס דאָס האָט געהאַט אויף דער רעפאָרם־באַוועגונג, איז געווען גרויס. (84)

1911

# נייע צוזאמענשטויסן

א. „הפועל הצעיר" (תורה מציון")

ב. די אראבער פראגע און ספעקולאציע

ג. גראף טאָלסטאָי

ד. „סך הכל" (דער באוואוסטער מאמר)

## „הפועל הצעיר" („תורה מציון")

זיינע באַציאונגען מיט דעם „הפועל הצעיר", דער העברעישער זשור־נאַל אין ארץ ישראל און זיין אָרגאַניזאַציע, זענען די ערשטע יאָרן געווען נישט אַמבעסטן. ער האָט נישט געקענט פאַרטראָגן זייערע עקסטרעמע ראַדי־קאַלע מיינונגען, וואָס אָנבאַלאַנגט רעליגיע און טראַדיציעס. ער, גראָד, זייענדיק אויך ראַדיקאַל אין דעם געדאַנק פון היהדות הלאומית, האָט אָבער פאַרמאָגט אַן אומבאַגרענעצט טיף רעליגיעז געפיל, באַזירט אויף דעם רוח הלאומי. נישט קוקנדיק ווי ס'זענען געווען זיינע איבערצייגונגען און מיינונגען וועגן די מצוות המעשיות לויט דעם שולחן ערך, אָבער די היסטאָרישע מנהגים און טראַדיציעס האָט ער שטענדיק פאַרטיידיקט און געאַכט פון דעם נאַציאָנאַלן שטאַנדפונקט. דער זשורנאַל „הפועל הצעיר", געגרינדעט פון אַ גרופּע יונגע, אינטעליגענטע, איבערגעבענע נאַציאָנאַלע אידעאַליסטן און די ערשטע, קען מען זאָגן, חלוצים אין לאַנד, איז אַוועק צו עקסטרעם אין זיין קעגנערשאַפט צו רעליגיעזע מנהגים און דינים. סאָציאַליסטיש געשטימט, איז „הפועל הצעיר" געווען דער רעוואָלוציאָנערער פליגל אין דער ציוניסטישער באַוועגונג. און מיט זיי איז אחד העם ווייט זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען, טראָץ דעם, וואָס זיי זענען געווען פולשטענדיק איינ־שטימיק אין די פּרינציפּן פון דער נאַציאָנאַלער אויפלעבונג פון דעם יידישן פאָלק און זיין אייגן לאַנד.

דעמאָלט איז דערשינען אין „הפועל הצעיר" אַ מאמר פון י. ח. ברנר אין וועלכן ער האָט זיך אויסגעדריקט, אַז כדי צו דערגרייכן אַ בעסערן „עתיד" מוז דער ייד זיך אינגאַנצן אָפּזאָגן פון דעם גרויסן „עבר". עס האָבן זיך דאָרטן געפונען איניקע שאַרפע אויסדרוקן קעגן דת ומנהגים, ווי צום ביישפּיל: „אין להם וליהדות כלום", „אינם מתפרסים לפני איזה אב שבשמים" און זיי האָבן זיך שוין באַפרייט פון דעם „היפנוז של כתבי הקודש" און נאָך ענלעכע שאַרפע דבורים. מעגלעך, אַז דאָס זענען גע־ווען נאָר ליטעראַרישע אויסדרוקן, אָדער אַ מיינונג פון איינעם אָדער עט־לעכע, אָבער אחד העם האָט דערביי פאַרלוירן זיין געדולד און איז אַרויס

שאַרף אין דעם מאמר „תורה מציון“ קעגן דעם „הפועל הצעיר“ אין אַלגעמיין. דער זשורנאַל פלעגט קריגן געלט־שטיצע פון אַדעסער קאָמיטעט (חו״צ) און אחד העם האָט, אין זיין גרויסער אויפרעגונג, געפּועלט ביי דעם קאָמיטעט, אַז מען זאָל פון זיי אַוועקנעמען די שטיצע. עס איז אינטערעסאַנט, דאָס משה סמיליאנסקי, דער פאַרביסענער קעגנער פון דער „הסתדרות“, האָט שטאַרק געקעמפט קעגן אַוועקנעמען פון זיי די שטיצע. אָבער אחד העם האָט זיך געהאַלטן ביי זיינס, אַז אַזאַ דערקלערונג פון „הפועל הצעיר“ איז די גרעסטע באַליידיקונג קעגן דעם גרויסן יידישן נאַציאָנאַל־היסטאָרישן גלויבן פון פאָלק. געלט וואָס מען קלייבט פון כלל ישראל און אַ גרויסער טייל פון דעם אויך פון פרומע יידן, טאָר נישט באַנוצט ווערן צו באַקעמפן עניני הדת והמצוות. ער פאַרגלייכט דאָס צו דעם „יושר“ פון קיעווער גובערנאַטאָר, וואָס האָט געפאָדערט, אַז „קאָראָבקע“ געלט זאָל באַנוצט ווערן אויפצוהאַלטן די פּאָליציי, כדי זיי זאָלן קענען פאַרשטאַרקן די אָנפאַלן אויף יידן דאָרטן.

מיט דער צייט איז דער גאַנצער סכסוך אויסגעגליכן געוואָרן. באַזעצנדיק זיך אין ארץ ישראל און קומענדיק אין נאָענטער באַרירונג מיט דער גרופּע, זענען די באַציאונגען געוואָרן פיל בעסער און צום סוף גאָר פריינדלעך. (85)

## די אראבער פראגע און ספעקולאציע *)

היינט צו טאָג, ווען די אַראַבער פראַגע אין דער יידישער ארץ ישראל, און אויך דאָס פּראָבלעם פון לאַנד־ספּעקולאַציע, וואָס עס עקזיסטירט דאָרטן, באַאומרויקן זייער פיל אַלע רעכטדענקענדע ציוניסטן, איז אינטערעסאַנט צו זען, ווי אחד העם האָט אויף דעם נאָך מיט יאָרן צוריק רעאַגירט. איצט גיבן אַלע צו, אַז די לאַגע האָט אָנגענומען אַ שאַרפן כאַראַקטער און אַז די סכנה איז גרויס, אויב מען זאָל נישט אָננעמען קיין מיטלען דערצו. אָבער נאָך אין די נײַנציקער יאָרן, קומענדיק צוריק

*) דער דאָזיקער קאַפּיטל איז זעלבסטפאַרשטענדלעך נאָר אַ היסטאָרישע פאַרצייכנונג בנוגע אחד העמס טעטיקייט אַמאָל.

פון זיין ערשטער ארץ ישראל רייזע, האָט אחד העם אויפגעהויבן די צוויי פראַגן אין דער עפנטלעכקייט.

מיט פיל יאָרן שפּעטער, אין 1911, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן אַן עפנטלעכע באַוועגונג אין דיפּלאָמאַטישע קרייזן קעגן ציוניזם אין טער־קיי און אויך אין ענגלאַנד, האָט ער ווידער געלאָזט הערן זיין שטימע וועגן דער פאַלשער דיפּלאָמאַטישער ארבעט אין ציוניזם. נאָכאמאָל באַ־מערקט ער, ווי עס איז וויכטיק פאַר אונדז זיך צו באַקענען מיט דער אַראַ־בישער שפּראַך, כדי צו פירן אַ שטאַרקע אַגיטאַציע מיט געניויע דער־קלערונגען צווישן דעם אַראַבער־פאָלק און מאַכן קלאָר אונדזערע שטרע־בונגען. פון אָנהויב איז ער דורכאויס באַשטאַנען, אַז אַן אַראַבישע צייטונג זאָל עטאַבלירט ווערן פאַר דעם צוועק, און ווען דאָס איז נישט געווען דורכ־פירבאר, האָט ער געפאָדערט, אַז מען זאָל זיך באַטייליקן אמווייניקסטנס מיט באַלערנדע ארטיקלען אין די אראבישע צייטונגען, וועלכע עקזיסטירן שוין אין לאנד.

ליידער האָבן דעמאָלט די חובבי־ציון און דערנאָך די ציוניסטן נישט געשאָנקען קיין אויפמערקזאמקייט צו זיין התראה. איצט איז די חרטה פון אונדזערע גדולים גרויס אויף דעם טעות, וואָס זיי האָבן געמאכט מיט צענד־ליקער יאָרן צוריק און אַן אַראַבישע צייטונג איז לעצטנס טאַקע געגרינדעט געוואָרן פון דער „הסתדרות". די צייטונג, לויט ווי עס איז באַוואוסט, טוט נוצלעכע אַרבעט און אַ נייע גינסטיקע שטימע הערט זיך איצט צווישן אַ טייל אַראַבער. (86)

## גראַף טאָלסטאָי

די יידישע אינטעליגענץ אין יענער צייט האָט זיך אָנגעהויבן פיל שטאַר־קער ווי פריער, פאַראינטערעסירן מיט טאָלסטאָיס ווערק און זיינע שאַפונגען. אומעטום האָט מען געלייענט זיינע ביכער און געפירט דיסקוסיעס וועגן זיינע אידעען און פילאָזאָפיע, וואָס האָבן אויסגעדריקט אַ נייעם רעוואָלוציאָנערן גייס. אייניקע העברעישע שרייבער האָבן אָנגעהויבן איבערזעצן זיינע ווערק

אויף העברעיש און זיך געווענדט צו אחד העמן ער זאָל שרייבן אַ מאמר וועגן די באַציאונגען פון טאָלסטאָי צום יהדות, אַלס ביילאַגע צו די איבערגעזעצטע ביכער.

אָבער ער האָט זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט פון דעם כבוד. ער זאָגט, אַז ער איז נישט קיין טאָלסטאָי־חסיד און איז זייער ווייט פון צו זיין אַ פאַר־ערער זיינער. אים אינטערעסירט נאָר טאָלסטאָי דער קינסטלער, דער גרויסער שריפטשטעלער, אַ זאַך וואָס קיינער קען אים נישט פארלייקענען. אָבער טאָלסטאָי אַלס פילאָזאָף אדער רעפארמאַטאר, איז דער ערגסטער שונא פון יהדות און אויב ער וואָלט געשריבן וועגן דעם, וואָלט זיין אַר־טיקל געטראָגן אַ כאַראַקטער פון אַ שטאַרקער אָפּאָזיציע צו זיינע אידעען, מיט די שארפסטע אויסדרוקן קעגן אים. דערפאַר וואָלט אַזאַ מאמר זיך גאָר נישט געפּאסט צו דער ארויסגעבונג פון טאָלסטאָיס ביכער.

נאָך זיין מיינונג האָט טאָלסטאָי אַרויסגעוויזן אַ גרויסע „עם־הארצות", ווען עס קומט צו רעליגיעזע ענינים. ער האָט נישט פאַרשטאַנען דעם יהדות און נישט דעם עוואנגעליום, און פאר אזא גרויסן שרייבער האָט זיך גאָר נישט געפּאסט אַרויסצוזאָגן מיינונגען, וואָס זענען היסטאָריש פאַלש. ביי אים איז דער יהדות געבויט אויף אכזרישע יסודות און אַ נידעריקער מאָראל, דאַקעגן אָבער איז דער עוואנגעליום די ריינע מאָ־ראַלישע לערע. און נישט נאָר אַ שונא היהדות איז ער געווען, נאָר אפילו זייער ווייט פון אַ „אוהב ישראל". דאָס קען זען דער, וועך עס לייענט מיט אָפענע אויגן זיינע ווערק, ווען ער באַרירט די יידישע פראגע. אפשר קען מען אים גאָר קיין סך נישט באַשולדיקן, ווען מען באַטראַכט אין וועלכער סביבה ער האָט געלעבט און זיך אנטוויקלט. ער איז נישט געווען בעסער און נישט ערגער ווי אַלע אַנדערע מיטגלידער פון זיין געזעלשאפט. און נאָך מער, זאָגט אחד העם: ווען טאָלסטאָי באהאנדלט דעם יהדות, באַנוצט ער פאלשע היסטאָרישע באַגרינדונגען און צעדרייט ציפערן, וואָס זענען אַבסאָלוט קעגן דעם אמת. אין פיל פון זיינע פריוואטע בריוו, וועלכע זענען דערנאָך איבערגעדרוקט געוואָרן אין די רוסישע צייטונגען, ווערט די באציאונג פון טאָלסטאָי צום יידישן פאָלק און זיין תורה קלאָר באַשטע־טיקט... דערפאר וויל ער נישט האָבן קיין שייכות מיט אַן אויסגעשפּראָ־כענעם „שונא ישראל והיהדות" און דאָס איז געווען זיין פעסטע איבערצייגונג. (87)

# „סך הכל“ (דער באוואוסטער מאמר)

סוף זומער 1911 איז פֿאָרגעקומען דער צענטער ציוניסטישער קאָנ־גרעס אין באזעל. פֿאַר די גאַנצע פֿערצן יאָר זינט דעם ערשטן קאָנגרעס איז אחד העם צום צווייטן מאָל געקומען קיין באזעל און פֿאַרבראַכט דאָרטן אַלע צען טעג, וואָס דער קאָנגרעס האָט געדויערט. דערנאָך איז ער גע־פֿאָרן קיין ארץ ישראל וואו ער האָט פֿאַרבראַכט פֿופֿציק טעג. קומענדיק צוריק קיין לאָנדאָן האָט ער פֿאַרעפֿנטלעכט אַ פֿולן באַריכט אונטערן נאָ־מען „סך הכל“, אין וועלכן ער האָט איבערגעגעבן זיינע איינדרוקן וואָס ער האָט באַקומען אין ביידע פּלעצער. דער דאָזיקער מאמר האָט אויפֿגע־הויבן אַ שטורעם אין דער יידישער וועלט. ער איז איבערגעזעצט געוואָרן אויף אייניקע אייראָפּעישע שפּראַכן און פֿון אַלע זייטן האָבן זיך געהערט פּראָטעסטן קעגן אים אין דער פּרעסע און אויך אין פֿיל פּריוואַטע בריוו. דער מאמר האָט נישט צופֿרידנגעשטעלט ביידע לאַגערן אין ציוניזם פֿון יענער צייט — נישט די „פּראַקטישע“ און נישט די „דיפּלאָמאַטישע“, ווי ער פֿלעגט זיי רופֿן. ביידע האָבן געהאַט טענות צו אים און דערהויפּט האָט אים זייער שאַרף קריטיקירט און כמעט מבטל געמאַכט די אָפֿיציעלע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע דורך „די וועלט“, דער וועכנטלעכער אָרגאַן אירער.

אַלס ענטפֿער צו זיינע קריטיקער האָט ער אָנגעשריבן אַ צווייטן קליי־נעם מאמר אין „הצפירה“, מיט אַ דערקלערונג אַז מען האָט אים נישט ריכטיק פֿאַרשטאַנען. יעדער צד, זאָגט ער, האָט געלייענט נאָר די שורות, וועלכע זאָגן ארויס קריטיק, וואָס האָט אַרויסגערופֿן פֿאַרדרוס. און אַז מען ווערט אין כעס, קומט מען שוין צו שלעכטע טעותן, וואָס ברענגען נישט־ריכטיקע אָדער פֿאַלשע מיינונגען קעגן דעם קריטיקער. וואָלטן זיי זיך טיפֿער פֿאַרטראַכט אין זיין געדאַנק, וואָלטן זיי געקומען צו גאָר אַנדערע שלוסן.

עס איז כדאי איבערצוגעבן דאָ אין קורצן דעם תוכן פֿון זיין מאמר „סך הכל“.

ער זאָגט: „זייענדיק אָפּוועזנד אַזוי פֿיל יאָרן פֿון קאָנגרעס און פֿון

ארץ ישראל, און שטייענדיק אויפן שוועל פון „זקנה", האָט זיך געוואָלט אַ קוק טאָן און זען דעם סך הכל פון אונדזער גרויסער פאַרגאַנגענער שווע־רער אַרבעט און קאַמפן פאַר אונדזער אידעאַל. אַן אינערלעכע נויטווענ־דיקייט האָט מיך געצויגן קיין באַזעל און ארץ ישראל, און מיט פרייד קען איך פאַרצייכענען, אַז דאָס זענען געווען די בעסטע טעג אין מיין לעבן, וואָס איך האָב פאַרבראַכט דאָרטן. אין באזעל, אין די צען קאָנגרעס־טעג צוקוקנדיק זיך צו די גרויסע געדאַנקען־ענדערונגען וואָס זענען פאָרגעקומען אין דעם ציוניסטישן לאַגער, קען מען קומען צום באַשלוס און זאָגן מיט זיכערקייט, אַז דער געדאַנק פון אַ „נאַציאָנאַלן קיום" איז שוין ביי אונדז אַ דבר של קיומא, נישט קוקנדיק אויף די אַלע טעותן וואָס מיר האָבן געמאַכט, און אַז דער געדאַנק פאָדערט מער ווי שטענדיק די שאַפונג פון אַ „מרכז רוחני", וועלכער זאָל קענען פאַרבינדן אַלע פאַרשפּרייטע טיילן פון פאָלק אין גלות און זיי דערוועקן צו אַ „נייעם נאַציאָנאַלן לעבן". אין באַזעל האָבן מיר באַמערקט צוויי לאַגערן — דער „פּראַקטישער" און „פּאָליטישער". יעדער האָט געוואָלט איבערצייגן דעם צווייטן צד, אַז ער איז אויך איינשטימיק מיט זיינע אידעען. און ווען מען קוקט זיך צו מיט אָפענע אויגן, האָט מען גלייך געקאָנט זען, אַז דער „פּאָליטישער ציוניזם" האָט נאָכגעגעבן זייער פיל און איז געוואָרן מער גענויגט צו טאָן פּראַקטישע אַרבעט אין ארץ ישראל, וואָס מער און שנעלער איינקויפן ערד, ביז דער גרינדונג פון בתי־ספר. דעם געדאַנק פון „טשאַרטער" פאַר אַ „מקלט בטוח" האָט מען אָפּגעלאָזן פאַר דעם עתיד און מער ווי אַלץ האָט מען זיך באַשעפטיקט מיט דער אַנטוויקלונג פון דער אַרבעט, וואָס האָט מער מעגלעכקייטן און וועלכע פירט צו דער בויאונג פון אַ „מרכז קבוע לרוח ישראל" אין אונדזערע צייטן.

אַזוי האָט אחד העם פאַרשטאַנען דעם צענטן קאָנגרעס און ער איז געווען גליקלעך מיט זיין נצחון. נאָך מער, זאָגט ער, האָט ער געזען דעם זיג פון פּראַקטישער אַרבעט אין ארץ ישראל גופא. די אַלע פינאַנציעלע אינסטיטוציעס, ווי די קאָלאָניאַל־באַנק און אַנדערע, וואָס זענען געשאַפן געוואָרן לכתחילה פאַר פּאָליטישע צוועקן פון „מדינת־היהודים", טוען גאָר פּראַקטישע אַרבעט און העלפן לאַנד־קויפערס און אינדוסטריעלע אונטער־נעמונגען. אפילו דער נאַציאָנאַל־פאָנד, וואָס איז לכתחילה געגרינדעט גע־וואָרן מיט דעם געדאַנק פון „גאולת הארץ", איז געוואָרן מער פּראַקטיש,

נישט איינקויפנדיק גרויסע שטרעקעס לאנד וואָס עס איז אוממעגלעך ביי דער איצטיקער צייט, נאָר עס ווערן געקויפט קליינע פונקטן פאַר קליינע ישובים ווי און וואו עס איז נאָר מעגלעך. דאָס באַווייזט, אַז דאָס וואָרט „גאולה" לעתיד לבוא איז פאַרביטן געוואָרן אויף איינגעמען קליינע מקומות, וועלכע וועלן מיט דער צייט פארשטאַרקן דעם „מרכז", און דעם „כבוש הארץ" לאָזט מען אויף ווייטער.

רעדנדיק פון דער אַקטיוויטעט, וואָס גייט אָן אין ארץ ישראל, האָט ער, ווי זיין שטייגער, געהאַט אויסצוזעצן קעגן פאַרשידענע אונטערנע־מונגען, וועלכע האָבן נישט געשטימט מיט זיין געדאַנק. עס איז אינטערע־סאַנט צו באַמערקן זיין אומצופרידנהייט מיט דעם, וואָס עס פאַרשפרייטן זיך וואָס מער קאָלאָניעס פון דעם טיפ פון רייכע פאַרמערס, אַ מין „בועז בשעתו" און נישט דער קלאַס פשוטע ערד־אַרבעטער. אפשר, זאָגט ער, זענען מיר נאָך נישט מסוגל צו שאַפן אַזאַ קלאַס, אָבער כדי צו האָבן אַ „מדינה יהודית" מוז דורכאויס געבוירן ווערן אַ „דאָרפישער המון", וועל־כער זאָל זיין צוגעבונדן צו דער ערד, באַאַרבעט מיט אייגענע הענט און שוויס. ערד און עבודה מוז זיין דער הויפט־געדאנק אין אַ „מקלט בטוח" און נישט דער געדאַנק וועגן עשירות. און דעריבער האָט ער אויסגעדריקט פיל פרייד, ווען ער דערמאָנט די נייע „הפועלים הצעירים", וואָס האָבן אָנגעהויבן קומען פון חוץ לארץ מיט דעם איינציקן געדאנק פון „כבוש העבודה".

דאָס קערנדל פון דער עליה, ווי מיר אַלע ווייסן, איז געווען די התחלה פון די נייע „חלוצים" און אחד העם האָט שוין אָנגעהויבן לייגן גרויסע האָפענונגען אויף זיי פאר דעם צוקונפטיקן „המקלט הבטוח". דעמאָלט איז דאָס געווען באַוואוסט מיט דעם נאָמען פון „שאלת הפועלים" און ער האָט קריטיקירט די פירער פאַר דער פאַרנאַכלעסיקונג פון די נייע עולים. אין זיין מאמר האָט ער זייער פיל גערעדט וועגן דעם און טייל מאָל מיט שאַרפע דבורים, אָבער בכלל איז ער געווען זייער צופרידן מיט דעם, וואָס ער האָט געפונען אין לאַנד און דער טאָן פון זיינע ווערטער איז געווען פיל אַנדערש און מער אָפּטימיסטיש ווי פון די אייניקע מאמרים „אמת מארץ ישראל" מיט יאָרן צוריק. און פונדעסטוועגן איז אים געווען שווער צופרידנצושטעלן אַלעמען. (88)

1912—1913

# פערזענלעכע און געזעלשאַפטלעכע פּאַסירונגען

א. בן־עמים יובל

ב. שאול טשערניכאָווסקי

ג. זיין טאָכטער

ד. די אנטוישטע שטימונג

ה. די ווייטערדיקע טעטיקייט

ו. רעפאָרם־יידנטום

ז. דער באַנייטער קאַמף אַרום פּאָליטעכניקום

ח. ער דערנענטערט זיך צום פּאָליטישן ציוניזם

ט. ביילים־פּראָצעס

# בן־עמיס יובל

אין יאַנואַר 1912 האָט זיך געגרינדעט אַ קאָמיטעט פון ליבהאָבער פון דער העברעישער ליטעראַטור צו פייערן דעם דרייסיק־יאָריקן יובילײ פון דעם גרויסן שרייבער בן עמי (מ. ראַבינאָוויטש). בן עמי איז געווען איינער פון די נאָענטסטע און בעסטע חברים פון אחד העם. ער האָט אים זייער געשעצט פּערזענלעך און נאָך מער זיינע ליטעראַרישע שאַפונגען. שיקנדיק זיין ברכה צו אים, האָט ער זיך אויסגעדריקט איראָניש און מיט אַ פאַרביטערטע הארץ וועגן דעם אַלגעמיינעם צושטאַנד און די באַציאונגען פון דעם לייענער צו די שרייבער: אַ מאַן ווי בן עמי, וועלכער האָט אַוועק־געגעבן דרייסיק בעסטע יאָרן פון זיין לעבן צו דער ליטעראַטור, און דאָס יידישע קהל האָט זיך ווינציק געקימערט וועגן זיין מאַטעריעלן צושטאַנד, קיינמאָל נישט געזאָרגט אָדער געטראַכט ווי אים צו פאַרלייכטערן, כדי ער זאָל קענען אַרבעטן אַביסל באַקוועמער. בן עמי האָט אוועקגעגעבן זיין בלוט און קרעפטן פאַר דעם גייסט פון פאָלק און זיין שרייבן האָט שטענדיק אויס־געדריקט ליבשאַפט צום פאָלק, וואָס האָט די גאַנצע צייט כמעט נישט געדענקט וועגן אים. איצט אָבער קומט דער עולם, לייגנדיק די בושה אין אַ זייט, מאַכן אַ יום טוב פאַר זיך.

אחד העם זעט אין דעם פאַל, וואָס האָט אים אַזוי אויפגערעגט, ווי נידעריק עס שטייט נאָך דער גייסט פון דעם יידישן עולם. ער דריקט זיך אויס מיט די ווערטער פון דעם נביא: „גם בוש לא יבושו והכלם לא ידעו". ער שטעלט זיך פאָר, אפשר וועט קומען אַמאָל אַ צייט, ווען דער עולם וועט וועלן מאַכן פאַר אים אויך אַזאַ מין „יום טוב", וועט ער זיי אַריינרופן צו זיך אין צימער פון וויסאָצקיס טיי געשעפט און זיי אָנווייזן אויף די גרויסע פנקסים און חשבונות, ביכער און פאַפּירן און אויסרופן: „קוקט זיך איין אין דער „ליטעראַטור" צו וועלכער איך אָפּפער מיין לעבן, איר בין איך דאַנקבאַר, וואָס זי האָט מיר געגעבן די מעגלעכקייט, אַז אין דער פרייער צייט זאָל איך זיין אימשטאַנד צו שאַפן עפּעס פאַר דער ליטעראַטור אָן דאגות־פרנסה, און מיט אַ קלאָרן קאָפּ. און אויב מיין

עקזיסטענץ וואָלט געווען אָפּהענגיק פון דיר, קהל נכבד, ווער ווייסט צי איך וואָלט נישט געווען ביים היינטיקן טאָג אַן „אָפּגעשלאָגענע הושענה". ניין, מיינע טייערע, די גוטע „יום טוב"־טעג זענען נאָך נישט געקומען פאַר יידישע שרייבער און אויב איר האָט נישט גענומען קיין אָנטייל אין זייערע זאָרגן, האָט איר קיין חלק נישט אין זייערע שמחות".

אַזוי איז געווען זיין מוט, ווען עס איז געקומען צו באַשיצן דעם כבוד פון סופרי־ישראל. (89)

# שאול טשערניכאָווסקי

זייענדיק אויסערגעוויינלעך איבערגעגעבן צו דער „ספרות העברית" און שטענדיק באַזאָרגט וועגן איר גורל און די שרייבער, ווי עס איז לייכט צו באַמערקן פון זיינע ווערטער וועגן דעם „חג היובל" פון בן עמי, פונ־דעסטוועגן ווען עס איז געקומען צו אַ ווידערשפּרוך פון זיינע פּרינציפּן, דעמאָלט האָט ער שוין קיינעם נישט משא פנים געווען.

דער משורר שאול טשערניכאָווסקי האָט אָנגעהויבן אין יענער צייט ווערן פּאָפּולער. עס איז ארויס פון דרוק זאַמלונגען פון זיינע שירים און איבעראַל איז ער געווען אויפן טאָג־אָרדענונג. מען האָט געלויבט שטאַרק זיינע פּאָעטישע שאַפונגען און אים פאַרגליכן כמעט מיט ח. נ. ביאַליקן. אחד העם האָט געהאַט גאָר אַן אנדערע מיינונג וועגן טשערניכאָווסקי און זיינע ווערק. אמת, זאָגט ער, אַז טשערניכאָווסקי האָט אַ גרויסן נאָמען אַלס „משורר לאומי־עברי", אָבער דער גרעסטער טייל פון זיינע שירים זענען נישט נאַטירלעך און נישט אין יידישן גייסט, זיי קומען נישט פון דעם אינערלעכן נאַציאָנאַלן געפיל. זיי טראָגן אַ כאַראַקטער פון נאָכמאַכונג און פרעמדקייט. ער שטייט אונטער אַ פרעמדער השפעה און קען זיך נאָך נישט באַפרייען פון דעם, אַז מ׳זאָל אים רופן „משורר־עברי". עס קען זיין, אַז דער סטיל זיינער איז אַ מאָדערנער, ניי, אָבער ווייט פון דעם רוח העברי, פיל נענטער צו זיין וואולגאַר. ער זוכט צו האָבן טענות צו גאָט אין איינעם

פון זיינע שירים, אָבער דער אינהאלט דאָרטן אנטהאַלט נישט אין זיך קיין „כשרון", נאָר עזות, איז שרייענדיק און דער רעזולטאט איז, אַז די שירים אַנטהאַלטן נישט קיין פּאָעזיע, נאָר גראַמען. דעם היינטיקן יונגוואַרג איז דאָס געפעלן און דערפאַר ווערט מען אזוי מפורסם. אָבער, זאָגט ער, איך דענק נישט, אַז איך האָב שוין פאַרלוירן דעם געשמאַק פאַר פּאָעזיע צוליב אַלטקייט און איך זאָל דאַרפן נאָכגיין דעם טעם פון די „יונגע". עס איז געווען צייטן, ווען מיר האָבן גלייך אנטדעקט דעם טאַלאַנט פון אַ משורר, ווען ער האָט געהאט טענות און גערעדט נישט צו „גאָט אין הימל", נאָר „אל הצפור", אפשר האָבן זיך די צייטן געביטן, אָבער נישט איך מיט זיי. ער האָט שארף קריטירט זיינע נאָענטע חברים, וואָס האָבן באַקומען אַזויפיל התפעלות פון טשערניכאָווסקיס שירה. אפילו צו אים אַליין פערזענלעך האָט ער אויסגעדריקט זיין קריטישע מיינונג. ער האָט אים געבעטן זיך באַפרייען פון דעם פרעמדן גייסט און ווערן זעלבסטשטענדיק אין זיין שאַפונג ווי עס פּאַסט זיך פאַר אַ „משורר לאומי". (90)

## זיין טאכטער

עס איז מערקווירדיק ווען מען באטראכט די שרעקלעכע לאַגע אין וועלכער אחד העם האָט זיך געפונען אין באַצוג צו זיינע קינדער, אין די לעצטע יאָרן. דער מאַן וואָס האָט געאָפּפערט זיינע בעסטע כוחות און זיין גאנצע ענערגיע פאר דער אַנטוויקלונג פון דעם יידישן נאַציאָנאַלן גייסט צווישן די מאַסן און אויך פאַר דער אויפלעבונג פון אַ ריינער העברעיש-נאַציאָנאַלער דערציאונג פאר דער יוגנט, האָט זיך נישט געקענט פאַרזיכערן מיט זיינע אייגענע קינדער.

לויט ווי ער דערציילט, האָט ער זיי געגעבן די העכסטע אַלגעמיינע און העברעישע בילדונג, באַגרינדעט אויף דעם נאַציאָנאלן געדאנק, און צום סוף האָט ער זיך זייער אַנטוישט. די יידישע דערציאונג וואָס ער האָט זיי געגעבן איז געווען אַ פרייע, מיטן געדאנק זיי צו מאַכן פאר

„עברים״ דורך זייער אייגענעם ווילן און איבערגעבנהייט צו דעם רוח היהדות, ווי ער האָט זיי אָנגעוויזן פון זייער קינדהייט אָן. און סוף כל סוף האָט ער זיין ציל נישט דערגרייכט.

זיין זון, אַן אויסגעצייכנטער העברעיש־קענער, האָט זיך מיט אים קאָרעספּאָנדירט נאָר אין רוסיש און מיט דער צייט פאַרנאַכלעסיקט די העברעישע שפּראַך. אָבער קומענדיק נאָך ישראל האָט ער געביטן זיין פּירונג און איז איצט פון גאָר הויכע באַאַמטע אין אוניווערזיטעט. דאָס ערגסטע האָט אים געטראָפן מיט זיין טאָכטער. זייער געבילדעט אין דער העברעישער ליטעראַטור און מיט אַ גוטער נאַציאָנאַלער דערציאונג, האָט זי גאָר חתונה געהאַט מיט אַ באַוואוסטן רוסישן ליטעראַט און ליבעראַל. *) דער לעצטער פאַקט האָט אים אינגאַנצן צעטומלט און ממש צעבראָכן אויף אַ לאַנגער צייט. ער איז געווען ווי אין אַ „מרה שחורה״ און האָט זיך נישט געקענט נעמען צו קיין אַרבעט. ער פרעגט זיך אַליין, אפשר איז זיין שיטה אין דערציאונג נישט געווען קיין ריכטיקע? אָבער גלייך טרייסט ער זיך, אַז ער צווייפלט אויב אַן אַנדער סיסטעם וואָלט געפירט צו בעסערע רעזול־טאַטן. ער קומט צום שלוס, אַז דאָס איז נאָר די איראָניע פון אונדזער גלות, וואָס מאכט פון אונדז חוזק און וויל זיך אין אונדז נוקם זיין. דעריבער דאַרף מען זיך מער שטאַרקן און מיט אלע כוחות אָנגיין מיט דער גרויסער אַרבעט פון זעלבסט־באפרייאונג ביז וואַנען מיר וועלן זיגן אַלס אַ זעלבסט־שטענדיקע אומה און וואָס שנעלער אַרויסקריכן פון גלות.

ער באַשליסט צו באזעצן זיך וואָס גיכער אין ארץ ישראל און פאַר־געסן דעם שלעכטן עבר. ער האָט אָנגעהויבן מאַכן אַלע הכנות פאר זיין צוקונפטיקער היים דאָרטן און פאַרהאנדלט מיט זיינע בעלי־בתים פון דער טיי פירמע, אַז זיי זאָלן אים געבן די מעגלעכקייט דורכצופירן זיין פּלאַן. דערווייל האָט ער זיך צו אַלעמענס וואונדער גענומען ווייטער מיט מער חשק אַרבעטן פאר זיינע אידעאלן און ליטעראטור. (91)

*) זי האָט זיך מיט אים געגט, געקומען קיין ארץ ישראל, שטודירט יורי און געוואָרן אן אויסגעצייכנטער אדוואָקאט. זי איז געשטאָרבן אין מאנאט אפּריל, 1957.

# די אנטוישטע שטימונג

ער באַשליסט אויפצוגעבן זיין פובליציסטישע אַרבעט נאָך דעם ווי ער וועט פאַרענדיקן דאָס רעדאַקטירן פון „על פרשת דרכים“, חלק ד׳. מיט דעם, זאָגט ער, גיט ער אַ „גט“ צום שרייבן מאמרים אַלס פובליציסט און וועט זיך בעסער אָפּגעבן מיט מער וויכטיקע, טיפע גייסטיקע ענינים אויף דעם פעלד פון ליטעראַטור. פיר און צוואַנציק יאָר פון קאַמפּס-מיינונ־גען איז גענוג פאַר אים. אויב ביז איצטער איז אים נישט געלונגען אריינ־צודרינגען אין אַלע הערצער, אַז זיי זאָלן באַגרייפן ריכטיק די נאַציאָנאַלע אידעע, וועט ער באַשטימט מער נישט קענען אויפטאָן. זאָלן די איינצלנע, וועלכע זענען איינשטימיק מיט אים, פאַרענדיקן זיין אַרבעט, און דעמאָלט וועט ער זיין גליקלעך „מחוץ למחנה“ ווי אַ „קורא פשוט“ און זיך צוקוקן ווי די „מלחמת-סופרים“ גייט אָן אויף דעם געביט פון זיינע אידעען און גע־דאַנקען, פאַר וועלכע ער האָט זיין לעבן מקריב געווען.

בכלל האָט אים פאַרשאַפט פיל קרענקונג, וואָס איניקע שרייבער האָבן בכוונה, אָדער נישט וויסנדיק, פאַרטייטשט אַנדערש זיינע געדאַנקען און ער פלעגט דארפן איבער דאָס ניי ענטפערן און געבן זיי צו פאַרשטיין דיזעלבע זאַך נאָכאמאָל אָן אַ שעור. נאָך צוויי און צוואַנציק יאָר, זינט ער האט געשריבן זיין מאמר „עבדות בתוך חירות“, קומען אנדערע שרייבער און לערנען אַריין פאַלשע פשטים אין זיינע מיינונגען און שאַפן מיט דעם אַ נייע פאָלעמיק. און אַזוי איז ער געצוואונגען צו איבערצייגן זיי, אַז ער האָט קיינמאָל נישט געזאָגט ווי זיי דריקן זיך איצט אויס, אָדער זיי גיבן אַן אַנדערע צורה צו זיינע געדאַנקען.

אים דאַכט זיך, אַז ער איז פון שטענדיק אָן געווען זייער פאָרזיכ־טיק און געשריבן קלאָרע דבורים, וועגן זיין „מיינונג“, און לסוף וויל מען נישט אָדער מען פאַרשטייט נישט, וואָס ער האָט געשריבן. עס קומט טאַקע אויס, זאָגט ער, ווי איינער פון זיינע ידידים האָט זיך אויסגעדריקט אין אַ לצנות: מען דאַרף „לחלוב את אחד העם“. בקצור, אַזאַ צושטאַנד קען ער שוין מער נישט פאַרטראָגן, דאָס וואָס ער האָט געקענט אויסשטיין אין זיינע יונגע יאָרן, איז ער שוין איצט, נאָענט צו זעכציק יאָר, מער נישט פעיק

צו פאַרנעמען. אפשר וועט דער „דור הבא" אים בעסער פאַרשטיין. און איצט טראַכט ער זיך פאַרנעמען מיט זיין אַלטן חלום: לערנען און מער שטודירן, ואם לא עכשו, אימתי? (92)

## די ווייטערדיקע טעטיקייט

אָפּזאָגנדיק זיך פון זיין פובליציסטישער אַרבעט, איז ער נאָך אַלץ אָנגעגאַנגען מיט זיין טעטיקייט אין ציוניזם און אַנדערע יידישע כלל־ענינים. ער האָט זיך פיל דורכגעשריבן מיט זיינע חברים און כלל־טוער און שטענדיק אויסגעדריקט אָן שום משא פנים געדאַנקען און מיינונגען אין אַלע וויכטיקע געשעענישן, וואָס זענען דעמאָלט פאָרגעקומען אין יידישן לעבן.

צו יענער צייט, סוף 1912, האָט זיך ווידער אָנגעהויבן טומלען אין די ציוניסטישע קרייזן וועגן אָפּקויפן זייער גרויסע שטחים לאַנד אין ארץ־ישראל. די צייטונגען האָבן צעפויקט פאַרשידענע גוזמאות ובשורות, אַז אין גיכן וועט פאָרקומען אַ גרויסע ענדערונג אין דער טערקישער פּאָליטיק בנוגע דעם ישוב הארץ. דער חכם באשי פון טערקיי האָט גענומען אַ גרויסן אָנטייל און ער האָט זיך משתדל געווען ביי זיין רעגירונג, אַז מען זאָל מבטל זיין די אלטע גזרה פון נישט פאַרקויפן ערד צו יידן אין ארץ ישראל. אַ טייל ציוניסטישע פירער האָבן געזען אין דעם אַ גרויסע ישועה, אָבער אחד העם מיט זיין שטענדיקער קאַלטער לאָגיק האָט גאָר קיין התפעלות נישט באַקומען און זיך געהאַלטן זייער סקעפּטיש צו דער גאַנצער שמחה.

ער האָט ווידער אויסגעדריקט זיין געוויינלעכע טענה, אַז דער ציוניזם איז נאָך דערווייל קיין אמתע פאָלקס־באַוועגונג. דעם יידישן עולם פעלט נאָך אַלץ דאָס געפיל פון נאַציאָנאַלן באַוואוסטזיין, כדי צו זיין אימשטאַנד אויסצונוצן געוויסע גינסטיקע מאָמענטן, בעת זיי קומען פאָר. דער גאַנצער רעש, וואָס הערט זיך איצט, איז נאָר באַשאַפן געוואָרן אין די גע־

דאַנקען פון אַ קליינער גרופּע איבערגעבענע ציוניסטן און דער קהל שטייט פונדערווייטן. פּאַרלופּיק האָבן מיר גאָר נישט די מיטלען צו קויפן פיל לאַנד, זאָגט ער, און אפילו אויב דער נאַציאָנאַל-פאָנד זאָל שוין באַזיצן קאַפּיטאַל צו קענען אָפּקויפן אַ סך לאַנד, דעמאָלט שטעלט זיך די פראַגע, פון וואַנען וועלן מיר נעמען אַזויפיל יידן, אַז זיי זאָלן גרייט זיין צו באַזעצן זיך און ווערן ערד־אַרבעטער, ווען מען זעט נישט קיין פאָלקס־באַוועגונג און קיין באַגייסטערונג פאַר דער גאולת־הארץ. דאָס פאָלק איז ממש קאַלט און רופט זיך גאָר נישט אָפּ אויף אונדזערע נאַציאָנאַלע אידעען. זיין אצה, דיזעלבע ווי אַלעמאָל: לאַגזאַם, לאַגזאַם, אָן רעש און אָן גוזמא, און אויב מיר דערגרייכן שוין עפּעס אין אַ פּאָליטישן נצחון, זאָל דאָס געטאָן ווערן רויק און געלאַסן. פריער גיין צום פאָלק, עס דערציען, אויפקלערן און אַנטוויקלען אויף דער באַזיס פון נאַציאָנאַלן זעלבסטבאַוואוסטזיין. אַ לאַנד אָן אַ פאָלק וועט נאָר זיין אַ פּוסטער חלום. (93)

מעגלעך, אַז דאָס מאָל איז ער געוויס נישט געווען גערעכט מיט זיין מיינונג. וויפיל בעסער וואָלט איצט געווען, ווען מיר האָבן מער לאַנד.

## רעפאָרם-יידנטום

עס איז אינטערעסאַנט צו באַמערקן, זיין שטעלונג צום רעפאָרם־יידנטום. זיין מיינונג איז געווען אַז די רעפאָרם־באַוועגונג, נישט געקוקט וואָס זי האָט פאַרבויגן פיל פון די אַלטע טראַדיציאָנעלע מנהגים, אויב זי גייט ברוח היהדות, האָט זי אויך איר פּלאַץ צווישן דעם יידישן פאָלק. פאַר דעם גאָט אין הימל איז אורתדוכסיא און רעפאָרם דאָסזעלבע.

אָבער, האָט ער צוגעגעבן: עס ווערט באַמערקט אַז די רעפאָרם־געמיינדעס דערווייטערן זיך פון יהדות, ספּעציעל אין אַמעריקע. דאָס, זאָגט ער, איז נישט שולדיק די רעפאָרם און אירע פּרינציפּן, נאָר די רבנים וועלכע שטייען אין דער שפּיץ. די רבנים מיט זייערע דרשות און דער אינהאַלט פון „טעמעס", וואָס זיי פּרעדיקן אויף די בימות, דערווייטערן דעם קהל פון רוח היהדות. אַמאָל באַשפּרעכן זיי אַן ענין, וואָס קען בשום אופן נישט דערוועקן ליבשאַפט צום יידנטום. ער ווייזט אָן, למשל, וועגן

אַ טעמע וועגן דער גרויסקייט פון גראַף טאָלסטאָי. דער לעצטער איז דאָך לכל הדעות נישט קיין אוהב־ישראל און נאָך מער האָט ער פיינט געהאַט דעם יהדות בתכלית השנאה. און ווען אַ ראַביי רעדט וועגן טאָלסטאָיס אידעען, ווי אַזוי קענען דערנאָך די צוהערער פילן אַ ליבע און כבוד צום יהדות? וואָלטן די רבנים געהאַלטן דרשות אין דעם גייסט פון דעם ריינעם יהדות און אויך פון דעם נאַציאָנאַלן שטאַנדפונקט, וואָלטן זיי פיל אויפגעטאָן פאַר דעם נייעם רעפאָרם־יהדות. *) (94)

## דער באַנייטער קאמף ארום פאַליטעכניקום

די בויאונג פון דעם פאָליטעכניקום אין חיפה האָט זיך געהאַלטן ביים פאַרענדיקן אין יאָר 1913 און דעמאָלט איז אַרויפגעשווימען די פראַגע צווישן די עסקנים: „עברית" אָדער „גרמנית". פאַר דער גאַנצער צייט וואָס דער טעכניקום האָט זיך געבויט, איז אחד העם געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט די דייטשע מיטגלידער אין קאָמיטעט, וועגן איינפירן דעם סדר הלמוד נאָר בעברית. זיי זענען דורכאויס געווען קעגן אַזאַ פלאַן. זייענדיק גרויסע דייטשע פאַטריאָטן, האָבן זיי געפאָדערט, אַז נאָר דייטש זאָל זיין די הויפט שפּראַך, אויף וועלכער אַלע למודים זאָלן געלערנט ווערן. און איצט ווען די צייט איז געקומען נעענטער פאַר אויסאַרבעטן דאָס פולע פּראָגראַם פון די אַלע למודים, האָט זיך דער סכסוך שטאַרק פאַרשאַרפט און איז אַרויס אין דער עפנטלעכקייט. די צייטונגען האָבן וועגן דעם געשריבן אַ סך און אחד העם איז פאַרפלייצט געוואָרן מיט בריוו פון

*) עס איז צו באמערקן אז אין די לעצטע פאָר דורות איז רעפאָרם־יידנטום (אחוץ דער קליינע גרופּע דזשודייאיסטן) געוואָרן זייער ציוניסטיש געשטימט. א טייל רבנים שטייען אין דער שפּיץ פון אלע ציוניסטישע טעטיקייטן ווי: יו. דזש. א., הסתדרות, נאציאָנאל פאָנד אד"גל. אין פיל טעמפּלען זענען דא טעגלעכע העברעישע קלאסן און די דרשות טראָגן א כאראקטער פון רוח היהדות.

אַלע זייטן, אַלע האָבן געקוקט אויף אים אַלס דעם „רעטער" און אַז נאָר ער קען ווירקן אויף „בערלין" קעגן דער אַסימילאַטאָרישער טענדענץ. אָבער דער גאַנצער סכסוך האָט אים פאַרשאַפט פיל ערגערניש און קרענקונג פון ביידע צדדים.

די ציוניסטישע כלל־טוער, די אָנהענגער פון דער העברעישער קול־טור, האָבן געפאָדערט אַ פולקאָמע העברעיזירונג פון דעם גאַנצן שול־סיסטעם. אַלע למודים: שפּראַכן, וויסנשאַפט, טעכניק און אַז. וו. אַלץ זאָל געלערנט ווערן דורכאויס אין העברעיש. די „בערלינער" יידן זענען באַשטאַ־נען דורכאויס, אַז אַלץ זאָל זיין נאָר אין דייטש, העברעיש זאָל געלערנט ווערן נאָר אַלס אַ שפּראַך פאַר זיך. אחד העם האָט געזוכט צו געפינען אַ מיטלוועג, אַזאַ מין פשרה, וואָס זאָל האָבן אַ פּראַקטישן ווערט. ער זאָגט, אַז מיר האָבן געדאַרפט לכתחילה פאַרשטיין, אַז דער „שדוך", וואָס איז געמאַכט געוואָרן דעמאָלט מיט „בערלין", וועט נישט זיין קיין געלונגענער (ער האָט דאָס גלייך פון אָנהויב באַמערקט), נאָר מען האָט דאָס געטאָן מיט דער איינציקער האָפענונג, אַז מיט דער צייט וועלן אַלע סכסוכים זיך אויס־גלייכן. איצט ווען עס האָט זיך אויסגעלאָזט אַנדערש, האָבן מיר קיין רעכט נישט צו פּראָטעסטירן און מאַכן אַ טומל. מען דאַרף נאָר געפינען דעם ריכטיקן און פּראַקטישן אויסוועג.

נאָך אַלעמען, האָט ער געזאָגט, פאָדערן מיר בכלל דאָס אוממעגלע־כע און זענען ווייט פון זיין פּראַקטיש אין אונדזערע וואונטשן. זיין מיינונג איז געווען, אַז אַזוי ווי דאָס טעכניקום האָט צוויי אָפּטיילונגען: די פאָר־באַרייטונג־קלאַסן און קלאַסן פון העכערע און טעכנישע לימודים, און אַזוי ווי די ערשטע האָבן געוויינלעך אַ רעאַל־שול פּראָגראַם, זענען מיר באַרעכ־טיקט, אַז די אַלע למודים אין דער אָפּטיילונג זאָלן געלערנט ווערן נאָר אין העברעיש. מיר קענען זיך באַציען אין דעם אויף דעם גרויסן דערפאָלג, וואָס מיר ווייזן אין דער העברעישער גימנאַזיע.

אָבער די למודים אין די העכערע קלאַסן און דער גאַנצער טעכנישער אונטעררריכט, זאָגט ער, צו וואָס זאָלן מיר זיך אַליין אָפּנאַרן, די למודים איז דאָך אוממעגלעך צו לערנען אין עברית, מיר האָבן נישט די טעכ־נישע לערן־ביכער און אויך נישט קיין פאַכלייט־לערער. אמת, אַז ס'איז אונדזער גרעסטער וואונטש, אַז מיר זאָלן שוין אַזעלכעס האָבן אָבער דער־ווייל איז דאָס נאָר אונדזער שיינער חלום פאַר דער צוקונפט, און מיט

פאַנטאַזיעס וועלן מיר נאָך אַלץ נישט באַקומען די נויטיקע ביכער און טעכניק־לערער אין העברעיש.

און נאָך אַלע באַמיאונגען זיינע אויףביידע זייטן, האָט ער דאָך נישט מצליח געווען מיט זיין פשרה. די „בערלינער" האָבן מנצח געווען אויף דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג און דער גאַנצער סדר־הלמוד אין ביידע אָפּטיילונגען איז אויסגעשטעלט געוואָרן אויף דער דייטשער שפּראַך. ער מיט נאָך אייניקע פון זיינע חברים האָבן אַרויסגעטראָטן פונעם קאָמיטעט און מיט דעם, ווי עס איז באַוואוסט, האָט זיך אָנגעהויבן אַ שטורעם אין דער יידישער וועלט. (95)

אַרויסגייענדיק פון קאָמיטעט (קוראַטאָריום) איז דער סכסוך געוואָרן נאָך שאַרפער צווישן ביידע צדדים, און אחד העם האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין דעם קאַמף מיט זיין גאַנצן לעבן און אָנגעפירט אַ קאָרעספּאָנדענץ מיט יידישע פאָרשטייער איבעראַל. די אַמעריקאַנער יידישע כלל־טוער, דערהויפּט די מיטגלידער פון טעכניקום־קאָמיטעט האָבן געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין דעם ענין. אחד העם האָט זיך דורכגעשריבן מיט זיי, אַממערסטן מיט יעקב שיף, דר' שעכטער און ער האָט געווירקט אויף אַזוי פיל, אַז זיי האָבן אויך באַשלאָסן אַרויסצוטרעטן פונעם קאָמיטעט, אויב די „בערלינער" וועלן זיך איינעקשנען אין זייער אָנגענומענעם באַשלוס.

אין דעם קאַמף האָט די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע זייער פיל מיט־געהאָלפן און אַלס אַ פּאָליטישע קערפּערשאַפט, האָט זי געוואָלט נעמען פיל קרעדיט אויף איר רעכנונג אין דער אַרבעט קעגן די יחידים אין בערלין. אחד העם אָבער, איז געווען דורכאויס קעגן, אַז מען זאָל מאַכן פון דעם גאַנצן ענין אַ פּאַרטיי־אַרבעט. ער האָט געטענהט, אַ דאָס איז אַ ריין יידישע פראגע און דאָס גאנצע פאָלק דאַרף זיך שטעלן „אַנטקעגן דעם וואונטש פון די „בערלינער" אַריינצוטראָגן דעם „רוח הגרמני" אין אַ יידישער אינסטיטוציע און נאָך אין ארץ ישראל".

דערווייל איז די וועלט־מלחמה אויסגעבראָכן און דער גאַנצער קאַמף וועגן טעכניקום האָט זיך אָפּגעשטעלט. (96)

(אין יאָר תרפ"ה,) סוף 1924 איז דער טעכניקום אריבער אין רשות פון די וואָס האָבן געקעמפט קעגן די „בערלינער" און איז געוואָרן אַ ריינע העברעישע אינסטיטוציע. די דערעפענונג איז פאָרגעקומען אין חודש שבט, תרפ"ה. אחד העם איז דעמאָלט שוין געווען אין ארץ־ישראל אָבער, צוליב

זיין שווערן געזונט־צושטאַנד האָט ער נישט געקענט בייוואוינען די „פתיחה" און די פייערונג פון דעם נצחון. פון תל אביב האָט ער צוגעשיקט זיין באַגריסונג פול מיט שמחה, געמישט מיט צער. (97)

## ער דערנענטערט זיך צום פאליטישן ציוניזם

מיט דער צייט, שריט ביי שריט, איז ער געוואָרן נענטער צו דער אָפיציעלער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און אַ שטאַרקע פאַרבינדונג איז פאָרגעקומען צווישן אים און דעם אַקציאָנס קאָמיטעט. ער האָט דאָס באַטראַכט אַלס נצחון פון זיינע אידעען, ווייל דער צענטער און עלפטער ציוניסטישע קאָנגרעסן האָבן זיך שוין מער באַשעפטיקט מיט קולטורעלע פּראָבלעמען און אַ גרויסע טעטיקייט האָט זיך אָנגעהויבן, אין פאַרשפּרייטן נאַציאָנאַלע קולטורעלע אַרבעט צווישן די ציוניסטישע און אַלגעמיינע מאַסן. עס איז אמת, אַז די פּאָליטישע פירער האָבן געביטן פיל פון זייערע מיינונגען, אָבער מען קען באַמערקן, אַז אויך ער האָט זיך געלאָזט בויגן אין נאָכגעבן פיל פּרינציפּן וועלכע ער פלעגט פריער עקשנותדיק פאַרטיידיקן. און אַזוי מיט דער צייט האָט ער זיך אַריינגעוואָרפן אין דער אָרגאַניזאַציע־אַרבעט און געשריבן עטלעכע מאמרים אין „העולם", דער אָפיציעלער ציוניסטישער אָרגאַן.

ער האָט נישט געוואָלט צוגעבן, אַז ער וועט איצט מער מקורב צו דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, ווייל מאָראַליש, זאָגט ער, איז ער שטענדיק געווען מיט איר פאַרבונדן, אָבער זיין אָנוועזנהייט אויף די לעצטע קאָנגרעסן, מיט דעם אָנטייל אין דער אַרבעט דאָרטן, ווייזט קלאָר, אַז אַ גרויסע ענדערונג איז פאָרגעקומען ביי אים. ער דריקט זיך אויס, אַז פיל אָנגענעמ־לעכקייט האָט אים פאַרשאַפט די צייט, ווען ער האָט פאַרבראַכט ביי די קאָנגרעס־זיצונגען. אפילו ווען אַ טייל „מנהיגים" האָבן געזוכט צו מאַכן אַן איינדרוק אויפן קאָנגרעס, אַז מען זאָל זיי ח"ו נישט חושד זיין אין אחד העמאיזם, פונדעסטוועגן טראָגט ער אויף זיי קיין פאַריבל נישט. זאָלן זיי מפלפל זיין, אַבי זיי גייען אויף דעם גלייכן נאַציאָנאַלן וועג. (98)

## בייליס-פראצעס

וועגן דעם באַוואוסטן „עלילת הדם" אין קיעוו און מענדל בייליס דעם באַשולדיקטן, וואָס האָט געמאַכט אַזאַ גרויסן רושם און טומל אין דער גאַנצער וועלט, וואו נאָר אַ יידישער ישוב האָט זיך געפונען, איז כדאי צו באַמערקן די האַלטונג פון אחד העם'ן צו דעם גאַנצן ענין. די צייטונגען זענען געווען פול מיט פייערדיקע אַרטיקלען. אַלע שרייבער זענען געווען פאַרנומען דיסקוטירנדיק און באַהאַנדלענדיק דעם „עלילת הדם" און עס איז געוואָרן כמעט אַ יידישע נאַציאָנאַלע פראגע. אחד העם האָט דעם גאַנצן ענין אויפגענומען זייער קאַלטבלוטיק. ער איז געשטאַנען פונדערווייטן און געווען פאַרביטערט קעגן די וועלכע האָבן אַוועקגעלייגט אין אַ זייט אַלע וויכטיקע יידישע ברענענדיקע ענינים און געמאַכט דעם „בייליס-פראָצעס" אַלס הויפט כלל-ישראל-פראַגע. אַזעלכע בלבולים, זאָגט ער, זענען שטענדיק געווען און וועלן ווייטער זיין, כל זמן דאָס יידישע פאָלק וועט לעבן אין גלות. קיין מאמרים, פאַרזאַמלונגען און פראָטעסטן וועלן נישט איבערצייגן די גויים, אַז זיי זאָלן דענקען אַנדערש. זיי אַליין ווייסן דעם אמת, אַז די בלבולים זענען פאַלש, נאָר כל זמן דער ייד עקזיסטירט ביי זיי, דאַרף מען האָבן „עלילת הדם". זיין האַרץ שמערצט זייער פאַר דעםליידן פון דעם קרבן הכלל, אָבער פון דער אַנדערער זייט, זאָגט ער, איז טרויעריק צו זען און אפשר גאָר עקלהאַפט, ווי דער יידישער עולם מיט זייערע מנהיגים זענען פאַרנומען מיט דעם פראָצעס, אַזוי ווי עס וואָלטן גאָר קיין אַנדערע וויכטיקע ענינים נישט געווען. דאָס ווייזט זיין שטאַרקן כאַראַקטער אין זיינע איבערצייגונגען, אַז די דערלייזונג פון יידישן פאָלק מוז קומען פון זייער אינערלעכן זעלבסט-באַפרייאונג-קאַמף און נישט פון די חסדים און איינשטימונג פון פרעמדע. (99)

1914—1917

# דער וועלט־מלחמה פעריאד

א. אינטערעסאנטע עפּיזאָדן

ב. די באלפור־דעקלאראציע

ג. זיין פארצווייפלונג

ד. „התרן" אין אמעריקע

ה. דער יידישער לעגיאָן

ו. די רעוואָלוציע אין רוסלאנד

# אינטערעסאנטע עפיזאדן

דער אָדעסער קאָמיטעט פון די חובבי־ציון האָט אים פאָרגעשלאָגן, ער זאָל איבערזעצן דר׳ פינסקערס „אויטאָעמאַנציפּאַציאָן״ אויף העברעיש. ער איז געווען צופרידן פון דעם פאָרשלאָג און זיי געדאַנקט פאַר דעם כבוד. אָבער דאָ קומט צום אויסדרוק אַן אינטערעסאנטער שטריך פון זיין כאראקטער. אין דעם ענטפער צום קאָמיטעט באַמערקט ער: אַזוי ווי ער האָט נאָך קיינמאָל אין זיין לעבן נישט געטאָן איבערזעצונגס־אַרבעט, פילט ער זיך נישט זיכער, צי ער וועט זיין אימשטאַנד צו טאָן דאָס ווי געהעריק. ער נעמט אויס מיט זיי אַ תנאי, אַז פריער וועט ער זיי שיקן עטלעכע איבערגעזעצטע זייטלעך און אויב אייניקע באַוואוסטע שרייבער וועלן געבן זייער הסכמה, וועט ער פאַרענדיקן דאָס בוך. אַזוי פּינקטלעך און שטרענג איז ער געווען אפילו צו זיך אַליין.

אין יאָר 1914 האָבן זיינע גוטע פריינד געוואָלט מאַכן אַ גרויסן יום טוב אין דער יידישער גאַס לכבוד זיין 25־יאָריקן יובילײ פון זיין ליטעראַרישער טעטיקייט. דערוויסנדיק זיך פון דעם פּלאַן, האָט ער שטאַרק פּראָטעסטירט צו זיי און האָט פּשוט געבעטן „רחמים״ מען זאָל דאָס בשום אופן נישט טאָן. ווייל פון דער נאַטור איז ער געווען אַ בורח מן הכבוד, ער האָט נישט ליב געהאַט דעם טומל און רעש בכלל, וואָס מען מאַכט אַרום אַ מענטשן און דאָסזעלבע וועגן אים אויך. אָבער נישט קוקנדיק אויף זיינע בקשות האָט מען אין אַ סך שטעט געמאַכט פאַרשידענע פאַרזאַמלונגען און געפייערט דעם חג־היובל. אים איז אָנגעקומען מאַסן טעגלעגראַמעס און ברכות. נאַטירלעך איז ער דאָך געווען געצוואונגען צו ענטפערן אויף זיי יעדן באַזונדער, אַ זאַך וואָס האָט אים פאַרשאַפט פיל אומאנגענעמלעכקייט. *) (101)

דאָסזעלבע איז פאָרגעקומען מיט אייניקע יאָר שפּעטער, ווען ער איז

*) א גרופּע שרייבער האָבן זיך אויך באַטייליקט אין א „חוברת־אחד העם״ אין „השלח״ 1914.

אַלט געוואָרן זעכציק יאָר, סוף זומער 1916. אַ גרופּע גוטע פריינד מיט נחום סאָקאָלאָוו אין דער שפּיץ, האָבן זיך צוגעגרייט צו פייערן זיין געבורטס־טאָג מיט גרויס פּאַראַד. בריוו זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן אין פאַרשידענע לענדער צו פאַרשידענע יידישע און נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס, אַז מען זאָל זען דורכפירן פייערלעך פאַרזאַמלונגען אין דעם טאָג.

ער האָט זיך גראָד דערוואוסט פון דעם פּלאַן, און אָנגעהויבן שטאַרק פּראָטעסטירן און געפאָדערט מען זאָל עס איינגאַנצן אויפגעבן. ער האָט זיי פאַרזיכערט, אַז ער וועט אָפּזאָגן יעדע איינלאַדונג און וועט זיך נישט ווייזן דעם טאָג אויף קיין שום אָרט. די צייט, זאָגט ער, איז נישט פאַר אַזעלכע בטלנישע זאַכן, מיר האָבן גענוג וועגן וואָס צו זאָרגן און טראַכטן. ער האָט נאָר איין וואונטש פאַר זיך, אַז זיין אַרבעט און שאַפונג זאָל האָבן די מעגלעכקייט פאָרגעזעצט צו ווערן דורך דעם יונגערן דור נאָך אים און דאָס וועט זיין די אמתע באַלוינונג פאַר אים.

באַגריסונגען וואָס זענען פאָרט אָנגעקומען דערנאָך צו אים, האָט ער זייער קאַלט אויפגענומען און זיינע ענטפערס זענען געווען אין דעמזעלביקן גייסט. (102)

## די באלפור-דעקלאראציע

אייניקע מאָנאַטן איידער די וועלט־מלחמה האָט אויסגעבראָכן און אין רעכטן טומל וועגן דעם סדר־הלמודים און שפּראַך מיט די „בערלינער" אין דער אויפשטעלונג פון טעכניקום אין חיפה, האָט זיך אַנטוויקלט דער גרויסער געדאַנק פון אַ העברעישער אוניווערזיטעט אין ירושלים. דר' חיים ווייצמאַן מיט נאָך אייניקע יידישע קולטור־טוער זענען געווען די איניציאַטאָרן פון דעם גראַנדיעזן פּראָיעקט. אָבער אחד העם איז געווען דער מיטלפּונקט פון אַלע פאַרהאַנדלונגען. דעם מינדסטן שריט האָט מען נישט געטאָן אָן זיין וויסן און נישט באַראַטנדיק זיך מיט אים פריער. ער האָט זיך אַריינגעוואָרפן מיט זיין גאַנצער ענערגיע אין דער אַרבעט. (103)

אָבער דאָ ברעכט אויס די מלחמה און אַלע פאַרהאַנדלונגען וועגן

די צוויי גרויסע אינסטיטוציעס זענען פאַרלויפיק אויפגעגעבן געוואָרן.

ווי באַוואוסט, האָט אין אָנהויב זיך קיינער גאָר נישט פאָרגעשטעלט, אַז די מלחמה וועט זיך ציִען אַזוי לאַנג. מען האָט געטראַכט, אַז אין קורצן וועט מען קומען צו אַ שלום. אָבער די שרעק פאַר דער צוקונפט פון ארץ ישראל איז געווען גרויס אין דעם ציוניסטישן לאַגער. די פי־רער און דערהויפט אחד העם זענען געווען שטאַרק באַזאָרגט וועגן דעם ווייטערדיקן גורל פון דער באַוועגונג. די הויפט צרה איז געווען, וואָס מען האָט זיך נישט געקענט צוזאַמענרעדן אָדער דורכשרייבן מיט די פירער פון פאַרשידענע לענדער. פאַנטאַזיעס און קלאַנגען האָבן געשוועבט אין דער לופטן מיט דעם איינציקן געדאַנק, אַז עפּעס קאָלאָסאַלעס דאַרף געטאָן ווערן אין דער ריכטונג פון אַ גרויסער טאַט. און ווייל טערקיי איז אויך אַריינגעשלעפּט געוואָרן אין דער מלחמה, דאַרף מען אויסנוצן די פּאָליטישע לאַגע פאַר דעם פּאָליטישן ציוניזם. און דאָ איז כדאי צו באַמערקן, אַז אחד העם, דער יעניקער וועלכער איז שטענדיק געווען דער גרעסטער קעגנער פון דער דיפּלאָמאַטיע און פּאָליטישע טאַטן אין ציוניזם, איז איצט נישט ווילנדיק אַריינגעטראָטן אין דער פּאָליטישער אַרבעט מיט די אַלע דיפּלאָמאַטישע מאַכינאַציעס, וועלכע האָבן דערנאָך אַרויסגעבראַכט די „באַלפור־דעקלאַראַציע“.

דעמאָלט האָבן די אַמעריקאַנער ציוניסטישע פירער אָנגעהויבן שפּילן אַ גרויסע ראָלע אין דער נייער ציוניסטישער פּאָליטישער באַוועגונג, ווייל אַמעריקע איז געווען דאָס איינציקע לאַנד מיט וועלכן מען האָט געהאַט די מעגלעכקייט זיך דורכצושרייבן. מען האָט געפירט פאַרהאַנדלונגען מיט זיי אויף דעם געביט און זיך גערעכנט מיט זייערע עצות און הבטחות. אַ גרויסער בריוו־אויסטויש איז אָנגעגאַנגען צווישן אים און דר׳ ווייצמאַנען אין מאַנטשעסטער, אין פאַרלויף פון די לעצטע מאָנאַטן פון יאָר 1914.

דר׳ ווייצמאַן איז דעמאָלט געווען אַ פּראָפעסאָר פון כעמיע אין מאַנ־טשעסטער אוניווערזיטעט און דערצו האָט ער געהאַט די אויפזיכט אויף כעמישע אָפּעראַציעס און שאַפונגען פאַר דער ענגלישער רעגירונג. דאָס האָט אים געגעבן די גרויסע מעגלעכקייט צו קומען אין באַרירונג מיט די העכסטע ענגלישע שטאַטסמענער ווי באַלפור, לאָיד דזשאָרדש און הערבערט סעמועל, און דעריבער האָט אחד העם געהאַט דעם גרעסטן צוטרוי צו זיין שכל הישר.

און וואָס ווייטער, איז טערקיי אַריינגעשלעפּט געוואָרן טיפער אין דער מלחמה און איר לאַגע האָט זיך פאַרערגערט פון טאָג צו טאָג. אין דער יידישער פּרעסע האָבן זיך אָנגעהויבן הערן פאַרשידענע קלאַנגען וועגן דער צוקונפט פון ארץ ישראל, נאָך דעם ווי טערקיי וועט פאַרטריבן ווערן פון אַזיע. דער ראַדיקאַלער פליגל אין דעם ציוניסטישן לאַגער האָט אָנגע־הויבן אַ באַוועגונג מיט פאָדערונגען, אַז מען זאָל באַלד אויפהויבן אַ מעכטיקע שטימע איבער דער גאַנצער וועלט פאַר אַ יידישער מדינה אין פאַלעסטינע. פון דער צווייטער זייט, האָט דער רייכער ייִדיש־אַריסטאָקראַטי־שער עלעמענט אין ענגלאַנד, מיט זייער אָרגאַן „דזשואיש קראָניקל" אין דער שפּיץ, געפאָדערט, אַז מען זאָל די גאַנצע אנגעלעגנהייט פון דער דאָזיקער באַוועגונג איבערגעבן אין די הענט פון אַן ענגן קאָמיטעט פון זייערע מענטשן און אַז נאָר זיי זאָלן פאַרטרעטן די יידישע פאָדערונגען.

אחד העם, אָבער מיט זיין געזונטן פאַרשטאַנד, האָט זיך באַלד גע־שטעלט קעגן די צוויי עקסטרעמע מיינונגען אָדער פאָדערונגען. ער איז אַרויסגעגאַנגען פון דעם שטאַנדפּונקט, אַז די אַלע גרויסע אילוזיעס און פאַנטאַזיעס פון איין צד און דער סאָרט שתדלנות פון אונדזערע אַריסטאָ־קראַטן, וועלן נישט ברענגען די גינסטיקע רעזולטאַטן פאַר דעם ציל פון דער גרויסע נאַציאָנאַלער באַוועגונג. דעריבער האָט ער מיט זיין גאַנצער ענערגיע און שכל, וואָס ער האָט באַזעסן, זיך אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט פון פּאָליטישן ציוניזם, וועלכן ער האָט אַמאָל אַזוי געטאַדלט און שטאַרק באַקעמפט אין די ערשטע הערצעל־יאָרן.

נאָך אין די ערשטע חדשים פון דער וועלט־מלחמה שרייבט ער צו דר' וויצמאַנען: „מיר מוזן באַשאַפן אַן „אילוזיע" פון אַרבעט, וואָס זאָל באַוועגן די רעדער פון אונדזער לעבן און עקזיסטענץ. מיר טאָרן נישט ווייזן קיין שוואַכקייט פון אונדזערע כחות. און פון דעם שטאַנדפּונקט און איבערצייגונג מוזן מיר אָנהויבן אַ שטילע, רויקע באַוועגונג צווישן דיפּלאָ־מאַטן און צוגרייטן דעם דעת־הקהל פון אייראָפּע, אָדער ווי דר' נאָרדוי האָט זיך אויסגעדריקט אויף דעם צענטן קאָנגרעס — „דאָס אייראָפּעישע געוויסן", און דאָס אַלץ מוזן מיר אַליין מאַכן".

ער האָט זיך באַלד געשטעלט אין נאָענטער פאַרבינדונג מיט ל. סיימאָן פון לאָנדאָן, דר. טשלענאָוו און נחום סאָקאָלאָוו, וועלכע זענען אנגעקומען אַהין אין דערזעלבער צייט. אַלע צוזאַמען האָבן צונויפגעשטעלט אַ מין

„דיפלאָמאַטישן קאָרפּוס" און די פּאָליטישע מאַשין האָט זיך אנגעהויבן באַוועגן. דר' ווייצמאַן האָט געמאַכט אַלע דירעקטע פאַרבינדונגען מיט די גרויסע ענגלישע דיפּלאָמאַטן. דער ענגער קאָמיטעט האָט אויסגעאַרבעט און צוגעגרייט אַלע נויטיקע מעמאָראַנדומס און ראַפּאָרטן פאַר די דיפּלאָ־מאַטן, וועלכע פלעגן דורכגיין פריער זיינע שאַרפזיניקע מיינונגען און דעמאָלט באַקומען זיין הסכמה. און אַזוי האָט אָנגעהויבן געבוירן־ווערן די באַוואוסטע „באַלפור דעקלאַראַציע". עס האָט גענומען אייניקע יאָר ביז וואַנען די „דעקלאַראַציע" איז אַרויסגעגעבן געוואָרן פאַר דער אָפיציעלער וועלט — דעם 2־טן נאָוועמבער, 1917. אחד העם מיט זיין קאָמיטעט האָבן די גאַנצע צייט שווער געאַרבעט. איבערהויפּט די לעצטע מאָנאַטן, ווען זיי האָבן זיך גע־נומען רעדאַקטירן דעם אָפיציעלן דאָקומענט, אונטער וועלכן באַלפור האָט זיך אונטערגעשריבן. ער האָט נישט דורכגעלאָזט קיין אות אָדער אַ וואָרט, וועלכעס ער זאָל נישט קאָרעגירן, כדי דער געדאַנק פון דער דעקלאַראַציע זאָלן ארויסקומען פאַרשטענדלעך און קלאָר אַלס אַ היסטאָרישער דאָקומענט. ער האָט דעמאלט שוין פאַרמאָגט אַ גרויסע קענטשאַפט אין דער ענגלישער שפּראַך און דער גאנצער קאָמיטעט האָט זיך גערעכנט מיט זיין הסכמה. נאָך אייניקע גרויסע פּערזענלעכקייטן, ווי לאָרד ראָטשילד, דר' יאַקאָבסאָן און באַריס גאָלדבערג האָבן מיטגעהאָלפן. אָבער ער איז אַלץ געבליבן די צענטראַלע פיגור אין דעם ענין און אַלץ איז דורכגעגאַנגען זיין פאַרמיטלונג. דערצו נאָך האָט ער שטרענג אָפּגעהיט, אַז אַלע פאַרהאַנדלונגען זאָלן גע־פירט ווערן בסוד. פיל מאָל פלעגט ער דערמאָנען זיינע מענטשן מיט פאַר־שטעלטע נעמען אָדער סימנים. ער האָט זיך אויסגעדריקט, אַז מען דאַרף זיין אָפּגעהיטן פון די היציקע קעפּ (ווי זשאַבאָטינסקי), זיי זאָלן נישט אַמאָל נאָך פאַרדאַרבן און אומברענגען די דיפּלאָמאַטישע פאַרהאַנדלונגען מיט דער ענגלישער רעגירונג. (104)

# זיין פאַרצווייפלונג

די רדיפות אויף יידן אין רוסלאַנד אין דער מלחמה־צייט האָבן גאָר רוינירט זיין געזונט־צושטאַנד און אים אויך גייסטיק דערשלאָגן. ער האָט זיך קיין פלאַץ נישט געקענט געפינען. פאַר זיינע חברים און באַקאַנטע פלעגט ער זיך נאָר באַקלאָגן, אַז מאָראַליש איז ער צעשמעטערט. ער דריקט זיך אויס פאַר זיי, אַז אין אַזאַ צייט וואָלט ער גערן זיין אָפּגעזונדערט פון מענטשן מיט זייער ציוויליזאַציע און זיך באַזעצן ערגעץ אין אַ רויקן ווינקל, ווייט פון אַלעמען און אַלץ, און מיט דעם פאַרגעסן אינגאַנצן, אַז עס עקזיסטירט אַ מין „ציוויליזירטע מענטשהייט". אָבער, פרעגט ער, וואוהין גייט מען ווען איבעראַל הערט זיך דער אומאַנגענעמער ריח פון דער „מענטשהייט"? פון פאַרברענגען דעם גאַנצן טאָג מיט לייענען די צייטונגען און זייערע גרויסע „קעפּ" פול מיט „בייעס־ליגנס" קען דער גוף מיט דער נשמה אויסגיין.

פון דער אַנדערער זייט באַקלאָגט ער זיך אויף זיין שיקזאַל, וואָס האָט אים פאַרטריבן אין אַ פרעמדער מדינה. אין אַזאַ צייט וואָלט ער בעסער געוואָלט זיין אין רוסלאַנד צווישן זיינע אייגענע ברידער־יידן. ליידן מיט זיי צוזאַמען, איבערלעבן אויפן אָרט גלייך מיט זיי די שרעקלעכע לאַגע און אפשר אויך זיין אימשטאַנד צו זאָגן אַ גוט וואָרט אָדער העלפן מיט עפּעס ממשותדיקס, כדי מיט דעם לייכטער מאַכן זייער מצב. אָבער לעבן מאַטעריעל רויק אין לאָנדאָן און זיך צוהערן פון דער ווייטן, וואָס דאָרטן קומט פאָר, איז אַזאַ צושטאַנד נאָך ערגער ווי שבעה מדורי גהינום.

די שלעכטע לאַגע, וואָס די מלחמה האָט אַרויסגערופן, האָט געווירקט אויף אחד העם טרויעריק, נישט נאָר אַלס ייד, נאָר אויך אַלס מענטש. וואוינענדיק אין ענגלאַנד, זאָגט ער, און צוהערנדיק זיך צו די שטימען פון דער פרעסע און דער באַפעלקערונג, איז גענוג צו ברעכן יעדן דענקענדן מענטש. דאָס לאַנד פון „מיל און ספּענסער", וואָס האָט זיך אַמאָל גערעכנט אַלס די שטאַרקסטע פעסטונג פון פרייהייט און גערעכטיקייט, איז איצט געוואָרן דער הויפּט־פּונקט וואו מען פּרעדיקט שנאה און העצעס פון

אין פאָלק קעגן דעם צווייטן. אַזאַ צושטאַנד מוז פירן צום סקעפּטיציזם און כפירה אין דעם גאַנצן מאָראַלישן געוויסן פון דער מענטשהייט. אים קוקט אויס, אַז דאָס גאַנצע וועלט־באַשעפעניש איז פשוט משוגע געוואָרן און אָנגענומען אַ צורה פון אַ פאַרזעעניש, וואָס קלערט נאָך פונדעסטוועגן צו האָבן דאָס רעכט זיך רופן „מענטש". שטענדיק, זאָגט ער, איז ער געווען פאַרטיפט אין פראַגן פון מאָראַל און געזעלשאַפט. איצט אָבער, זעענדיק דעם „עולם התוהו" און די איבערקערעניש פון דער וועלט־מאָראַל, געזונקען אין „מ"ט שערי טומאה", ווערט ער אויפגעציטערט נאָר פון דעם געדאַנק אַליין, אַז ער האָט פאַרבראַכט זיין גאַנץ לעבן מיט פוסטע אידעען און זיין שרייבן באַשטייט איצט פון נוצלאָזע פראַזן. דעריבער איז ער אַנטשלאָסן מער נישט צו שרייבן, אפילו נישט צו טראַכטן מער. ער וואָלט גערן בעסער איצט וואוינען צווישן ווילדע מענטשן אין אַ ווילד לאַנד, איידער צווישן אייראָפּעער מיט זייער ציוויליזאַציע, וועלכע האָט זיך געענדיקט מיט בושה און חרפה.

אין אַזאַ שרעקלעכן יאוש האָט ער זיך געפונען אין די טומעלדיקע טעג פון די מלחמה־יאָרן. דעם „השלח" האָט די רוסישע רעגירונג פאַר־באָטן אַרויסצוגעבן, אַזוי ווי אַנדערע צייטונגען און ביכער אין העברעיש אָדער יידיש. זיינע גוטע פריינד האָבן געטענהט צו אים, פאַרוואָס ער שווייגט, זאָל ער לאָזן הערן זיין שטימע אין אַנדערע שפּראַכן, אָבער ער איז געווען אין דער מיינונג, אַז אויב מען קען נישט אַרויסזאָגן וואָס מען וויל און וואָס מען דענקט, איז פיל גלייכער, אַז די גאַנצע יידישע פּרעסע זאָל זיך אָפּשטעלן און דעמאָלט וועט אפשר דאָס „שווייגן מער זאָגן ווי ווערטער" לויט דעם „קול דממה דקה" פון אליהו הנביא, ווען ער האָט אויף דעם אופן געפילט די געטלעכקייט.

אין פאַרלויף פון אייניקע יאָרן האָט ער טאַקע אויפגעהערט שרייבן, אַחוץ דער גרויסער קאָרעספּאָנדענץ, וואָס ער האָט געפירט מיט זיינע חברים און יידישע כלל־טוער. (105)

## „התרן“ אין אמעריקע

אין דערזועלבער צייט ווען דאָס העברעישע וואָרט איז געווען אונ־טערדריקט אין די מלחמה לענדער, האָט גראָד אין אַמעריקע העברעיש אָנגעהויבן ווערן אַביסל אויפגעלעבט דורך אַ גרופּע חובבי־עברית און איבערגעבענע ציונים. אחד־העם פלעגט זיך אָפט דורכשרייבן מיט זיי וועגן ליטעראַרישע ענינים. זיי האָבן דעמאָלט אַרויסגעגעבן דעם וועכנטלעכן זשורנאַל „התרן“, נאָר די רעדאַקציע איז נישט געווען קיין געלונגענע און די פירונג אויך נישט לויט זייער וואונטש. האָבן זיי געמאַכט אַ פאָרשלאָג צו אחד העם, אַז ער זאָל קומען קיין אַמעריקע און איבערנעמען די גאַנצע הנהגה און רעדאקציע פון „התרן“ און מאַכן דעם זשורנאַל אַלס אָרגאַן פון זיינע אידעען און גייסט.

ער האָט זיך אָבער אַנטזאגט פון דעם, צוליב די אויבנדערמאָנטע טעמים, אַז מלחמה־צייט איז דער „פּעריאָד פון שוויגן“. מען קען דאָך סיי ווי סיי נישט שרייבן וואָס מען וויל, אָדער וואָס מען דענקט, און אַ שריי־בער איז דאָך נישט קיין שרייב־מאַשין, וואָס מיט אַ דריק אָדער אַ באַפעל פון אַ צווייטן זאָל זיך אים שרייבן. אַן אמתער שרייבער און דענקער טאָר נישט זיין קיין עבד צו דער צייטונג און אירע אַרויסגעבער. בכל־אופן איז ער זייער ווייט פון אַזאַ סאָרט ליטעראַרישער ארבעט. און מיט דעם האָט זיך דער ענין געענדיקט. (106)

## דער יידישער לעגיאָן

אין די טעג פון דער רוסישער רעוואָלוציע 1905 ווען די פּאָגראָמען אויף יידן האָבן זיך פאַרשפּרייט מיט דער גרעסטער אכזריות איבערן לאַנד, איז אחד העם, ווי מיר האָבן שוין פריער דערמאָנט, געווען איינער פון די ערשטע צו פּראָפּאַגאַנדירן, אַז מען זאָל אָרגאַניזירן איבעראַל זעלבסט־שוץ־אגודות. ער האָט פיל געהאָלפן אין דעם מיט עצות און טאַט.

אָבער אין דער וועלט־מלחמה צייט, ווען דער געדאַנק פון אויפשטעלן אַ יידישן לעגיאָן האָט זיך שטאַרק פאַרשפּרייט צווישן דער יוגנט, איז ער

גראַד געווען קעגן דעם. די באַוועגונג פון אַ לעגיאָן האָט געמאַכט גרויסע פאַרשריט. אַ טייל האָבן געלייגט פיל האָפענונג אויף דעם פאַר דער צוקונפט פון פאַלעסטינע און די פירער האָבן זיך געווענדט צו אים נאָך מיטהילף. זיין ענטפער, פאַרוואָס ער מוז זיך אָפזאָגן אין דער אַרבעט איז געווען, אַז ער איז דורכאויס קעגן מיליטערישע אַקטן און איז ווייט פון זיין אַ ליבהאָבער פון אַזאַ „קונסט״. עס איז אמת, אַז יידן וואָלטן באַדאַרפט האָבן לעגיאָנען אין אַלע לענדער וואו זיי וואוינען, אַלס זעלבסטשוץ-מיטל לעת צרה. אָבער אַלס אַ פּאָליטישע אויפגאַבע, אויסצוקעמפן פאַלעסטינע פון טערק און מיט דעם לייזן די ארץ-ישראל פראַגע, איז אַ לעגיאָן נאָך זיין איבערצייגונג, ווייט פון צו זיין פּראַקטיש און דורך דעם וועט דער געוואונטשטער ציל קיינמאָל נישט דערגרייכט ווערן אין דער צוקונפט. כדי צו דעמאָנסטרירן פאַר דער וועלט, אַז די יידן זענען אויך מלחמה-פעיק, אויף דעם דאַרפן מיר נישט פאַרשווענדן אונדזערע כחות אויף אַ לעגיאָן. מיר יידן ווייזן גענוג אין אַלע אַרמייען פון דער וועלט, ווי גוט מיר קענען קעמפן. (107)

# די רעוואָלוציע אין רוסלאַנד

ווען די גרויסע איבערקערעניש איז פאָרגעקומען אין רוסלאַנד און די רעוואָלוציאָנערן האָבן איבערגענומען די מאַכט פון דער רעגירונג, *) האָט דאָס פון אָנהויב, ווי באַוואוסט, דערוועקט שמחה וששון ביי אַלע יידן אין דער גאַנצער וועלט. מען האָט זיך אָפּגעגעבן מזל טוב איינער דעם אַנדערן, דענקענדיק, אַז די אמתע ישועה פאַר די יידן איז שוין געקומען. אחד העם, זייענדיק אויך מלא שמחה וועגן דער מפלה פון די ראָמאַנאָווס, און ווינטשנדיק אַז די רעטונג פאַר די יידן אין רוסלאַנד זאָל זיין אַ דויער־האַפטיקע, האָט זיך אָבער נישט געקענט איינגאַנצן צופרידנשטעלן. זיינע חברים האָבן אים פאַרוואָרפן מיט בריוו, וועלנדיק הערן זיין מיינונג. און ער מיט זיין שאַרפן בליק און שטענדיק פעסימיסטישע שטימונגען, האָט נישט געגעבן צופיל באַדייטונג צו דער געשעעניש און נישט געגלויבט אין איר פאַרווירקלעכונג. ער האָט זיך אויסגעדריקט אין אַ וויץ, ווי יענע מחותנתטע וועלכע האָט נישט געוואָלט טאַנצן אויף דער חתונה, זי וויל אָפּוואַרטן ביז נאָך דעם ברית כדי צו זיין זיכער, אַז די שמחה פונעם פאַר פאָלק זאָל זיין אַ פולקאָמענע.

קענענדיק גוט רוסלאַנד מיט אירע אומשטענדן בנוגע דער יידישער לאַגע דאָרטן, האָט ער זיך באַלד אַרויסגעזאָגט סקעפּטיש און מורא געהאַט פאַר דעם יידישן גורל אין דער צוקונפט נאָך דער רעוואָלוציע. ער גיסט אויס זיין ביטער האַרץ פאַר זיינע פריינד, אַז ער האָט גרויסע דאגות פון דעם געדאַנק, וואָס לויט זיין מיינונג וועלן די יידן דאָרטן גאָר אין גיכן ליידן נאָך מער, סיי פיזיש און סיי מאָראַליש. פאַר דער פערזענלעכער פרייהייט וואָס זיי באַקומען, וועלן זיי דאַרפן גוט באַצאָלן מיט זייערע נאַציאָנאַלע אייגנשאַפטן און אפשר ווערן פאַר דעם גערודפט פון דער מאַכט.

צום באַדויערן האָט ער קיין גרויסן טעות נישט געמאַכט מיט זיינע סקעפּטישע פאָראויסזאָגונגען, פון וועלכע ער איז געווען דער ערשטער צו ליידן, בשעת די גאַנצע סביבה אַרום האָט געפייערט אַ נצחון. (108)

* פאַר דעם אָנקומען פון די „באָלשעוויקעס" מיט די יידישע צרות.

1918—1921

# סוף מלחמה און דער פרידן

א. די פטירה פון דר׳ טשלענאָוו און מענדעלע מוכר ספרים

ב. „ועד הצירים“ און די פאַרזעצונג פון ציוניסטישער טעטיקייט

ג. די פרידנס־קאָנפערענץ

ד. צוזאמענשטויסן אויפן פּאָליטישן געביט

ה. הכנות צו באזעצן זיך אין ארץ ישראל

# די פטירה פון דר׳ טשלענאוו און מענדעלע מוכר ספרים

דאָס יאָר 1918 איז אָנגעקומען. די מלחמה האָט נאָך אנגעהאַלטן און די יידישע צרות האָבן זיך פאַרגרעסערט פון טאָג צו טאָג, און דאָס האָט שטאַרק געווירקט אויף אחד העמס געזונט. ער באַקלאָגט זיך, אַז ער ווערט אַלט צו שנעל און איז מער נישט פעיק אפילו צו לייענען אַ גוט בוך. אַלץ וואָס ער טוט, ווען ער קומט נאָך דער אַרבעט, איז לייענען צייטונגען מכל המינים און שפּראַכן, און דעמאָלט ווערט זיין מוח צעטראָגן, טראַכטנדיק וועגן דער פאַרגיסונג פון מענטשלעך בלוט אין נאָמען און פאַרן כבוד פון „קולטור פאַר דער מענטשהייט״.

דערצו נאָך איז צוגעקומען דער פלוצלינגער טויט פון זיין בעסטן פריינד דר׳ טשלענאָוו, וועלכער האָט זיך גראָד דעמאָלט געפונען אין לאָנדאָן וועגן וויכטיקער ציוניסטישער אַרבעט, נאָך דער באַלפור דעקלאַ־ראַציע. אחד העם האָט זיך גאָר נישט געקענט טרייסטן און פשוט זיך נישט באַרויקט. ער האָט אים שטאַרק ליב געהאַט פאַר זיין ערלעכקייט און מסירת הנפש פאַר דעם ציוניסטישן אידעאַל.

דאָס איינציקע וואָס האָט אים דערמוטיקט איז געווען, זאָגט ער, דער ליכטיקער שטראַל וואָס האָט אָנגעהויבן שיינען פון ארץ ישראל, אַלס רע־זולטאַט פון דער באַלפור דעקלאַראַציע און די ניי געשאַפענע אומשטענדן, וואָס גיבן גוטע האָפענונג פאַר וויטערדיקער פּראָדוקטיווער אַרבעט.(109)

אין דערזעלבער צייט איז אים אָנגעקומען נאָך אַ שלעכטע בשורה: וועגן דעם טויט פון זיין באַליבטן חבר, וועמען ער פלעגט רופן: „אב זקן ר׳ מנדלי״. ער האָט זיך געפילט ווי אַן אמתער אבל און געווען טרויעריק נאָך אים. זיי האָבן צוזאַמען געאַרבעט אויפן פעלד פון ליטעראַטור איבער צוואַנציק יאָר, זייענדיק נאָך אין אָדעס, און זענען געווען שטאַרק צוגעבונדן איינער צום צווייטן. אחד העם באַקלאָגט זיך, אַז אפילו נאָך דעם ווי די גאַנצע חברותא פריינד־שרייבער האָבן זיך, צוליב די לעצטע געשעענישן, פונאַנדערגעשפּרייט אין פאַרשידענע טיילן פון דער וועלט, אָבער כל זמן יעדער האָט געוואוסט אַז ערגעץ וואו לעבט נאָך דער „זיידע״ און גייט אַן מיט

זיין ליטעראַרישער ארבעט, האָט מען זיך געפילט ווי איינס, צוגעבונדן דורך דעם גייסט פון דעם „אַלטן״. איצט, מיט זיין טויט, איז דער בונד אָפּגעשניטן און די חברותא צעשפּרייט.

עס איז כדאי איבערצוגעבן אייניקע שטריכן וועגן דעם ווי אחד העם האָט אָפּגעשאַצט די פּערזענלעכקייט פון מענדעלען:

ער איז געווען, זאָגט ער, אַן אמתער קינסטלער אין דער ליטעראַטור. זיין נשמה האָט פאַרמאָגט פאַרשידענע געפילן, דורכגעוועבט פון זייער אידעלע בייגונגען, וועלכע האָבן אָפּטמאָל געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ ווידערשפּרוך און קאָנטראַסט. אייניקע זאָגן, אַז מענדעלע איז געווען נאָר אַ קינסטלער לשם קונסט און אַלץ וואָס ער האָט געשאַפן, האָט אַנטהאַלטן אין זיך נאָר דעם קינסטלערישן געדאַנק. אַנדערע אָבער זענען אין דער מיינונג, אַז מענדעלע איז געווען נאָר אַ יידישער קינסטלער און זיין גאַנץ שאַפן איז דורכגעדרונגען מיט דעם גייסט פון נאַציאָנאַלע אייגנשאַפטן. אחד העמס מיינונג איז, אַז מענדעלע האָט פאַרמאָגט די קראַפט פון אַ קינסטלער צוזאַמען מיט דעם נאַציאָנאַלן גייסט, וועלכע פלעגן זיך אָפט צוזאַמענשטויסן. דורך „דער גאַנצער צייט פון דעם „שפּראַך קאַמף״, יידיש אָדער העברעיש, אין אונדזער לאַגער, האָט מענדעלע קיינמאָל נישט אַרויס-געזאָגט זיין מיינונג. זיינע קינסטלערישע געפילן האָבן זיך נישט אונטער-געגעבן צו קיין „פּרינציפּן״. שרייבנדיק זיינע בעסטע ווערק אין דער יידישער שפּראַך, איז נישט ווייל ער האָט איר געשטעלט העכער פון העברעיש, נאָר פשוט דאָס לעבן וואָס ער האָט געשילדערט אין די באַשרייבונגען, איז געווען ענג פאַרבונדן מיט יידיש און ער, אַלס קינסטלער, האָט געוואָלט אַרויסגעבן דאָס ריכטיקע און נאַטירלעכע בילד פון לעבן פון זיינע העלדן. אַזוי טוט אַ קינסטלער. אָבער דערנאָך האָט זיך דערוועקט אין אים דער רוח היהדות און אויף זיינע עלטערע יאָרן האָט ער איבערגעזעצט די בעסטע אויסגעקליבע-נע ווערק אויף העברעיש. און ווען מען האָט זיך צוגעקוקט ווי ער האָט מדקדק געווען מיט יעדן וואָרט אין דער איבערזעצונג, כדי דער העברעישער סטיל זאָל נישט פאַרלירן זיין געשמאַק דורך דעם אָריגינאַל אין יידיש, האָט מען לייכט געקענט זען, אַז ער איז געווען אַ ריכטיקער „חובב שפת-עבר״.

ער אליין האָט נישט ליב געהאַט צו רעדן, אָדער הערן ווי אַנדערע רעדן „עברית״, נישט ווייל ער איז געווען קעגן דער אויפלעבונג פון דער שפּראַך, נאָר זיין אידעלער קינסטלערישער געפיל האָט נישט געקענט

פאַרטראָגן די פאַלשע אויסדרוקן, וואָס די מערסטע האָבן באַנוצט אין זייערע העברעישע געשפּרעכן. אָבער דער צוקונפטיקער נייער דור אין ארץ ישראל, וועלכער האָט קיינמאָל נישט געוואוסט וואָס „יידיש" איז, דער וועט באַשטימט וויסן ווי אָפּשאַצן די גרויסקייט פון ר' מענדעלע און זיינע העברעישע ספרים. (110)

## „ועד הצירים" און די פאַרזעצונג פון ציוניסטישער טעטיקייט

נאָך דעם ווי דער טערק איז אינגאַנצן אַרויסגעשטויסן געוואָרן פון פּאַלעסטינער גרענעצן און די מלחמה איז נאָך געווען אין פולן גאַנג, האָט זיך אָנגעהויבן אַ גרויסע טעטיקייט אין די ציוניסטישע קרייזן צו מאַכן הכנות פאַר אַ פאַרברייטערטער אַרבעט אין ארץ ישראל לויט די פונקטן און גייסט פון דער „באַלפור דעקלאַראַציע". עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו שיקן אַהין אַ קאָמיסיע, פאָרשטייער פון פאַרשידענע לענדער, פאַר אויספאָרשן און אויסאַרבעטן פּלענער פאַר גרויסע טאָטן אין דער צוקונפט. אחד העם צוזאַמען מיט זיין בעסטן פריינד דר' חיים וויצמאַן, האָבן זיך פיל באַשעפטיקט מיט דעם אויפשטעלן פון דער קאָמיסיע, וואָס האָט זיך גערופן „ועד הצירים" און דר' וויצמאַן איז געוואָרן דער ראש הועד. די אַרבעט פון אויפשטעלן די קאָמיסיע איז נישט געווען קיין קליינע און גרינגע, אחד העם האָט זיך דורכגעשריבן מיט פיל יידישע פאָרשטייער איבעראַל, וועגן דער אויפגאַבע פון דער קאָמיסיע. דאָס פּראָגראַם פון דעם פּלאַן, וואָס די קאָמיסיע דאַרף אונטערזוכן, איז באַשטאַנען פון פאַרשידענע פונקטן: די ערד פראַגע און קאָלאָניזאַציע; דאָס באַנייען דעם אַלטן געדאַנק פון לייגן אַ פונדאַמענט פאַר דעם העברעישן אוניווערזיטעט; פאַריכטן און פאַרשענערן דעם כתל מערבי און דערהויפּט זען צו פאַראייניקן אַלע פראַקציעס צווישן די יידן אין ארץ ישראל, כדי מען זאָל קענען אָנגיין מיט דער אַרבעט אויף אַ זיכערן וועג.

דר' וויצמאַן האָט געפירט די פּאָליטישע קאָרעספּאָנדענץ, איבער־

הויפט מיט לאָרד באַלפור וועגן די אַלע ענינים, אָבער אחד העם איז געווען דער, וועלכער האָט פריער דורכגעקוקט אַלץ און געגעבן זיין הסכמה. ער איז געווען מלא שמחה פון דעם פאַקט, וואָס נאָך אַ צוויי טויזנט יעריקן גלות האָט מען זוכה געווען, אַז אַ ייד ווי ווייצמאַן זאָל שרייבן אין אַזאַ נוסח וועגן הויכע נאַציאָנאַל־יידישע אנגעלעגנהייטן.

צו זיין פרייד איז נישט געווען קיין גרענעץ נאָכדעם ווי דר׳ ווייצמאַן האָט אים מודיע געווען, אַז דער גרונד־שטיין פאַר דער אוניווערזיטעט איז געלייגט געוואָרן. ער זאָגט, אַז כאָטש דאָס בויען וועט זיך פאַרציען נאָך אייניקע יאָר, איז אָבער דער פונדאַמענט פון בנין אַליין שוין גענוג צו שאַפן אַ וויכטיקן היסטאָרישן מאָמענט. מיר יידן האָבן געלייגט דעם יסוד פאַר דער גאַנצער מענטשלעכער קולטור, אפילו ווען אַנדערע אומות האָבן אויסגעפירט דאָס פאַקטישע בויען.

די אוניווערזיטעט גופא, זאָגט ער, ווען זי וועט שוין פאַרטיק ווערן און פונקציאָנירן, וועט זי נאָך אַלץ דינען אַלס דער פונדאַמענט פאַר דעם צוקונפטיקן יידישן נאַציאָנאַלן לעבן, וואָס מוז געבויט ווערן אויף קולטורעלע יסודות. און לויט זיין מיינונג טאָר די אוניווערזיטעט נישט זיין אַ קאָפּירונג פון אַנדערע וועלטלעכע אינסטיטוציעס, נאָר דאַרף און מוז זיין די פאַר־קערפּערונג פון דעם אַלטן יידישן גייסט און די באַפרייאונג פון גלות־שקלאַפעריי. (111)

# די פרידנס קאָנפערענץ

דר׳ ווייצמאַן איז געקומען צוריק פון ארץ ישראל נאָך דעם ווי ער מיט דעם „ועד הצירים" האָבן דאָרט פאַרבראַכט אַ געוויסע צייט אין צוגרייטן פאַרשידענע פּלענער פאַר דער צוקונפטיקער אַרבעט. דער ישוב האָט זיך אָנגעהויבן פאַרגרעסערן, נייע מענטשן זענען אָנגעקומען, און מיט זיי, ווי געוויינלעך, זענען געשאַפן געוואָרן ווידערשפּרעכנדע מיינונגען, וועגן דער ווייטערדיקער אַרבעט און דעריבער האָט זיך געביטן די לאַגע דאָרטן מיט דער גרעסטער שנעלקייט.

די פּאַריזער פרידנס־קאָנפערענץ האָט זיך באַלד געדאַרפט צונויפקומען און די ציוניסטישע פירער מיט דר׳ ווייצמאַן אין דער שפּיץ זענען געוואָרן באַשעפטיקט אין צושטעלן דעם באַוואוסטן מעמאָראַנדום.

אחד העם האָט ווידער אָנגעהויבן שפּילן איינע פון די גרעסטע ראָלן אין דער דאָזיקער אַרבעט. קיין אָפיציעלן אָרט אינעם קאָמיטעט האָט ער נישט געוואָלט פאַרטרעטן, אָבער קיין זאַך איז נישט געטאָן געוואָרן אָן זיין וויסן און הסכמה. יעדן דאָקומענט און שריפט פאַר דער קאָנפערענץ האָט ער פריער דורכגעשטודירט און זיין צושטימונג און באַמערקונגען האָבן געהאַט אַ געוויסע וואָג אויף די באַשלוסן פון דעם קאָמיטעט, וואָס האָט זיך באַשעפטיקט מיט דער דאָזיקער פאַראַנטוואָרטלעכער אַרבעט. און אַזוי האָט אחד העם זיך ווידער אַריינגעוואָרפן מיט זיינע אַלע חושים אין דער ציוניסטישער, אָדער בעסער געזאָגט ארץ ישראלדיקער פּאָליטישער טעטיקייט. דורך דעם האָט ער זיך כמעט אינגאַנצן אָפּגעזונדערט פון ליטעראַרישער שאַפונג. אפילו זיין פערזענלעכע קאָרעספּאָנדענץ האָט ער פאַרנאַכלעסיקט. ער דריקט זיך אויס פאַר זיינע פריינד, אַז אין אַזעלכע שטורעמדיקע טעג זענען זיינע געדאַנקען נישט צום שרייבן און ער איז אַראָפּ פון דער שרייבער אַרענע. ער פילט, אַז ער ענדערט זיך און איז אין צווייפל אויב ער וועט אַמאָל זיך אומקערן צוריק צום שרייבן. (112)

# צוזאמענשטויסן אויפן פאליטישן געביט

די נייע געשאַפענע לאַגע אין דעם פּאָליטישן ציוניזם אין אָנהויב פון יאָר 1919 האָט אים ווידער געבראַכט צו נייע צוזאַמענשטויסן פון מיי־נונגען מיט אונדזערע וואָרט־פירער בנוגע דער פרידנס־קאָנפערענץ. ווען מען האָט פאַר אים פאַרגעלייגט דעם פּלאַן און די דאָקומענטן מיט וועלכע דער קאָמיטעט איז געווען גרייט צו קומען צו דער קאָנפערענץ, איז ער געווען קעגן דעם שוואַכן נוסח, מיט וועלכן מען וויל רעדן אין נאָמען פון יידישן פאָלק. דאָ האָט ער אַרויסגעוויזן זיינע ראַדיקאַלע, פּאָזיטיווע, אָן פשרות, מיינונגען, קעגן די פון זיינע אַנדערע חברים און יידישע מנהיגים בכלל. ער איז באַשטאַנען דערויף, אַז דער נוסח זאָל אנטהאַלטן אַ „פאָדערונג" און נישט נאָר רעדן פון יושר און רעכט. מען מוז פאָדערן פון די פעלקער „מען זאָל צוריק אָפּגעבן דאָס היסטאָרישע נאַציאָנאַלע אייגנטום פון יידישן פאלק —ארץ ישראל". ער האָט געבעטן רחמים ביי די אַלע, וועלכע זענען געשטאַנען נאָענט צו די הויכע פענצטער, בפרט ביי דר׳ ווייצמאַנען, אַז מען זאָל נישט אויסלאָזן קיין פונקט פון אונדזערע פאָדערונגען. און עס איז טאַקע כדאי צו באַמערקן, אַז דער מאַנדאַט, ווען ער איז באַשטעטיקט געוואָרן, איז געווען לויט דעם נוסח פון אחד העם. *)

ראַדיקאַל אין זיינע פאָדערונגען צו די פעלקער, איז ער גלייכצייטיק שטאַרק באַזאָרגט געווען פון דעם גרויסן טומל און פאַנטאַזיעס, וואָס זענען פאַרשפּרייט געוואָרן צווישן די מאַסן, אַז אָט איז שוין געקומען די גאולה שלימה. דערהויפּט האָט ער פּראָטעסטירט קעגן די פּאַלעסטינער מיט זייערע פיל שפּאַלטונגען, פּאַרטייען און פראַקציעס פון פארשידענע פּאָליטישע שאַטירונגען. ער הויבט אויף זיין שטימע קעגן די אַלע רייסערייען צווישן זיך וועגן דעם ווי אַזוי די יידישע מדינה זאָל זיך פירן. ער זאָגט: דערווייל איז דאָס לאַנד נאָך נישט אונדזערס, מיר דאַרפן עס נאָך איינעמען מיט

*) אָבער מיט פיל ענדערונגען וואָס די ענגלישע רעגירונג האָט געמאַכט, צו זיין גרויסן באַדויערן.

באַזעצן זיך, דורך אונדזערע פּאַקטישע און ממשותדיקע אַרבעטן און נישט דורך פּאָליטישע פּאַרטייען. אונדזער ציל וועלן מיר דערגרייכן נאָר לויט סיסטעמאַטישע דעראָבערונגען פון לאַנד מיט טאַקטיק און געדולד, אָבער נישט מיט מחלוקת און דעבאַטן צווישן זיך, וועגן פּאָליטישע פּראָגראַמען.

ער וואָלט זייער גערן זיך אריינגעוואָרפן אין מער אַרבעט און אויך געווידמעט זיין לעבן צו דעם, אָבער זיין געזונט האָט אים דאָס נישט דערלויבט. זיין קומען אין נאָענטער באַרירונג מיט דער דיפּלאָמאַטישער אַרבעט און צוקוקנדיק זיך צו די אונטערהאַנדלונגען וועגן אַלגעמיינע וועלט־אינטערעסן אויף דער פרידנס־קאָנפערענץ, וואו יעדער צד האָט נישט געזוכט יושר און גערעכטיקייט, נאָר איינער האָט געוואָלט איינשלינגען דעם צווייטן, האָט דאָס שטאַרק געווירקט אויף זיין צושטאַנד, פיזיש און מאָראַליש. דערצו זענען נאָך צוגעקומען אין דער זעלבער צייט די פּאָגראָמען אין רוסלאַנד, דערהויפּט אין אוקראַאינע, וואָס האָט גאָר דערשיטערט זיין געזונט. ער פלעגט זיך אָפּטער באַקלאָגן אויף דעם, אַז ער איז נישט אימשטאַנד עטוואָס צו שרייבן, כאָטש ער האָט פיל צו זאָגן, אָבער ער האָלט פאַר גלייכער צו שווייגן.

אמת, זאָגט ער, אַז ער איז נישט געווען אין די פאָדערשטע רייען פון דער מלחמה, פונדעסטוועגן איז ער אַרויס פון איר אַ דערשלאָגענער און אַ פאַרוואונדעטער. פון אָנהויב האָט ער געדענקט, אַז דער „שלום" וועט היילן זיינע וואונדן, אָבער די האָפענונג איז פאַר אים איצט פאַרלוירן. דער כלומרשטער „שלום מיטן יושר אין אים" האָט נאָך פאַרגרעסערט זיינע וואונדן. ער האָט חרטה וואָס ער האָט זיך נישט פון דער יוגנט אָן אָפּגעגעבן מיט נאַטור־וויסנשאַפט פון שרצים און ווערים אנשטאָט צו שרייבן וועגן דעם מענטש און זיין נאַטור, וועלכער איז נישט ווערט צו רופן זיך דער „בחיר היצירים" און זינקט אין טיפן אָפּגרונט.

אָט אין אַזאַ צושטאַנד, מיט אַזעלכע פּעסימיסטישע געדאַנקען, האָט ער זיך געפונען צוליב די מלחמה־רעזולטאַטן, וואָס זענען געווען נוגע דער מענטשהייט.

אין דערזעלבער צייט האָבן זיך געוויזן סימנים פון אַ פאַרגרעסער־טער עמיגראַציע נאָך ארץ ישראל צווישן די מאַסן, צוליב פאַרשפּריי־טע גוזמאות אין די יידישע צייטונגען, אַז אָט, אין אייניקע חדשים אַרום וועט פּאַלעסטינע ווערן אַ יידישע מדינה כהלכה. דערהויפּט איז אַזאַ

פראָפּאַגאַנדע אָנגעפירט געוואָרן אין דער אַמעריקאַנער יידישער פּרעסע. אחד העם האָט זיך געפילט זייער דערשלאָגן דערפון, ער פּראָטעסטירט קעגן אַזאַ טאַקטיק און ער הויבט אויף זיין שטימע צווישן זיינע פריינד פאַרוואָס זיי זענען רויק און זעען נישט אין דער בהלה אַ גרויסע סכנה סיי פאַר די וואָס לויפן שוין אַהין און נאָך מער און ערגער פאַר דער גאַנצער נאַציאָנאַלער אַרבעט אין ארץ ישראל.

אין יענער צייט האָט אין לאָנדאָן געוויילט זיינער אַ באַקאַנטער יידישער שרייבער פון אמעריקע, אַ פאָרשטייער פון דער צייטונג „דער טאָג". אין אַ געשפּרעך מיט אים, האָט אחד העם אויסגעדריקט זיין גאַנצן פאַרדרוס קעגן דער טאַקטיק פון די צייטונגען און וועגן דער גרויסער סכנה פון אַ מאַסן־עמיגראַציע. דער שרייבער האָט זיך באַנוצט מיט דער געלעגנהייט און אין „טאָג" איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אַ „הזהרה" אין נאָמען פון אחד העם. דער אַרטיקל האָט געמאַכט אַ גרויסן רושם איבעראַל, און אין אַלע ציוניסטישע קרייזן איז די פראַגע דיסקוטירט געוואָרן. געוויינלעך, איז, לויט דעם אַמעריקאַנער שטייגער, דער אינהאַלט פון אַרטיקל געוועזן שטאַרק מוגזם און צו אחד העם׳ס ווערטער האָט מען אַ סך צוגעלייגט. עס איז אויסגעקומען, אַז לויט זיין מיינונג וועט ארץ ישראל נישט זיין אימשטאַנד אַריינצונעמען צופיל מענטשן און דאָסגלייכן.

אחד העם האָט אָנגעהויבן קריגן פיל אָנפראַגעס פון זיינע פריינד, וואָס האָבן געפאָדערט פון אים אַ דערקלערונג. עס איז אינטערעסאַנט ווי רויק און געלאַסן ער האָט זיי געענטפערט, אַז ער האָט דאָס אַרטיקל נישט געשריבן און וואָס עס איז נוגע דער עמיגראַציע־בהלה אָן אַ סיסטעם איז זיין פולער גלויבן, אַז דאָס קען נאָך ח״ו ברענגען אַ גרויסע סכנה פאַר דעם גאַנצן אידעאַל. (113)

# הכנות צו באזעצן זיך אין ארץ ישראל

אחד העם קלייבט זיך צו מאַכן זיין היים אין ארץ ישראל אויף שטענ־דיק. ער ציילט שוין די מאָנאַטן און וואָכן ביז דעם טאָג, וואָס ער האָט באַשטימט, אָבער זיין קראַנקהייט שטערט אים צו באַשטימען גענוי ווען ער וועט קענען אָפּפאָרן. ער ווערט שוואכער פון טאָג צו טאָג. עס ווירקט אויף אים די אומנאָרמאַלע לאַגע פון די יידן אין פיל לענדער און די באָלשעוויסטישער איבערקערעניש, וואָס האָט זיך דעמאָלט אָנגעהויבן. פאַר־שידענע לעגענדעס האָבן זיך דאַן פאַרשפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט, אַז דער באָלשעוויזם איז אַ ריינע יידישע באַוועגונג, מיטן ציל צו פאַרכאַפּן די מאַכט אין אַלע לענדער. ווי באַוואוסט, האָבן יידן אַ סך געליטן פון דעם, און אחד העם האָט פּשוט נישט געקענט פאַרטראָגן אָט די אַלע געשעענישן. זיין געזונט זינקט, נאָך דערצו ווערט ער זייער נערוועז, וואָס ער קען נישט גלייך אָפּפאָרן קיין ארץ ישראל. די דאָקטוירים האָבן אים שטרענג פאַר־באָטן אונטערצונעמען אַזאַ רייזע. ער מוז פריער פאָרן קיין שווייץ אויף אייניקע חדשים, זיך גוט אויסרוען און אָנזאַמלען פרישע קרעפטן. זיי האָבן אים אפילו פאַרזאָגט, אַז ער זאָל זיך נישט באַשעפטיקן מיט לייענען און שרייבן. די לעצטע יאָרן פלעגט ער כמעט יעדן טאָג באַזוכן אויף אייניקע שעה דעם „בריטישן מוזעאום״, דאָרט לייענען און שטודירן, און איצט האָט ער אויך דאָס געמוזט אויפגעבן.

קומענדיק אין דער שווייץ, האָט ער זיך אַביסל באַרויקט, נאָך דעם ווי די פּראָפעסאָרן דאָרטן האָבן אים דערקלערט, אַז ער ליידט נישט פון קיין געפערלעכער קראַנקהייט, נאָר אַז ער האָט אַ נערוון שוואַכקייט, און דאָס אייניציקע וואָס קען אים העלפן, איז פולשטענדיקע רו. ער איז שנעל געקומען צו די כוחות, ער ווערט מונטער און פול מיט האָפענונג, אַז גאָר אינגיכן וועט ער זיך באַזעצן אין ארץ ישראל. ער הויבט אָן צוריק זיין קאָרעספּאָנדענץ מיט זיינע חברים אין אַ זייער פריילעכן טאָן, האָפנדיק אַז די צייט קומט און ער וועט נאָך קענען עפּעס אויפטאָן לבנין־הארץ. (114)

**דורך דער צייט האָט מען אין סאַן־רעמא אונטערגעשריבן אָפיציעל**

און באַשטעטיקט דעם מאַנדאַט צו ענגלאַנד איבער ארץ ישראל. ווי באַוואוסט, האָט די געשעעניש אַרויסגערופן פיל פרייד און שמחה ביי אַלע יידן אין דער גאַנצער וועלט. אָבער אחד העם מיט זיין קלאָרן און קאַלטן בליק אויף דעם ציוניסטישן אידעאַל איז זייער ווייניק נתפעל געוואָרן. לויט זיין מיינונג איז די איצטיקע שמחה נאָך צו פרי און מען כאַפּט אַביסל אַריבער די מאָס. ער, דער גרויסער טרוימער פון אַ יידישער נאַציאָנאַלער ווידערגעבורט, איז איצט אויך געווען, ווי שטענדיק, דער פּראַקטישער מענטש צווישן זיינע חברים. עס איז אמת, זאָגט ער, אַז דער אַקט אין סאַן־רעמאָ איז אַ דבר גדול, אָבער משיח בן דוד איז נאָך אַלץ נישט געקומען. פון אונדזערע מעשים און דער ריכטיקער אַרבעט, מיט וועלכער מיר וועלן זיך פאַרנעמען אין דער צוקונפט, וועלן קומען די רעזולטאַטן. און דער געוואונטשטער דערפאָלג. נישט אונטערגעשריבענע פּאַפּירן נאָר טאַטן וועלן אונדז ברענגען צום ריכטיקן ציל. ער האָט קיין צוטרוי נישט געהאַט צו דער ענגליש־פּאַלעסטינער אַדמיניסטראַציע, זיי טוען וואָס זיי ווילן און דעריבער איז אונדזער שמחה פריצייטיק. (115)

דערווייל גייט אַוועק נאָך אַ יאָר און זיין נערוון צושטאַנד דערלויבט אים נאָך אַלץ נישט צו מאַכן די רייזע קיין ארץ ישראל, פון דעם געדאַנק אליין האָט ער זיך געפילט ערגער. דערצו האָט ער זיך נאָך געזאָרגט וועגן דער שלעכטער פּאָליטישער לאַגע מיט דער אַראַבער פראַגע אין ארץ־ישראל, וועלכע האָט נאָך מער גערויבט זיין רו. עס איז שוין געקומען אַזוי ווייט, אַז מער ווי פיר בריוו אַ וואָך איז ער נישט געווען אימשטאַנד צו שרייבן. אין אים האָט זיך דערוועקט אַ שטאַרקער געפיל פון קנאה, זיך צוקוקנדיק ווי אַלע זיינע חברים פאַרלאָזן איינער נאָכן אַנדערן דעם רוסישן גיהנום און באַזעצן זיך אין ארץ ישראל און זעצן דאָרטן פאָר זייער נאַציאָנאַלע אַרבעט. ער קען נישט איינשטימען מיט דעם געדאַנק, אַז ער זאָל דאַרפן קומען קיין ארץ ישראל אַ צעבראָכענער אין געזונט. ער שטאַרקט זיך אָבער, מיט דער האָפענונג, אַז אוירא דא״י וועט שטאַרקן זיינע נערוון, בפרט ווען ער וועט זיין צווישן זיינע אַמאָליקע פריינד און חברים, און מיט דעם וועט ער נאָך קענען עפּעס אויפטאָן פאַר זיין אידעאַל. (116)

1922—1927

# אין ארץ־ישראל

דעם 27־טן דעצעמבער, 1921 (חנוכה) האָט ער מיט זיין פאַמיליע פאַרלאָזן לאָנדאָן און דעם 31טן האָבן זיי זיך געזעצט אויף אַ שיף אין מאַר־סעל, אויפן וועג קיין יפו. פאַר זיין אָפּפאָר האָט ער זיך געזעגנט דורך בריוו מיט אַלע זיינע פריינד, מיט וועלכע ער פלעגט זיך דורכשרייבן, בעטנדיק פון זיי אַ ברכה, אַז זיי זאָלן אים ווינטשן, ער זאָל זיין אימשטאַנד פאָרצוזעצן, דאָרט אין ארץ ישראל, זיין אַרבעט פאַר דעם יידישן פאָלק, ווייל אָן אַזאַ אַרבעט איז זיין לעבן גאָר נישט ווערט פאַר אים. (117)

אין תל־אביב האָט ער זיך באַזעצט אין אַ פּראַכטפול הויז, וואָס איז אים געשענקט געוואָרן פון דער שטאָט פאַרוואַלטונג, אויף דער גאַס, וועלכע האָט געטראָגן דעם נאָמען „אחד העם".

די ערשטע אַרבעט צו וועלכער ער האָט זיך גענומען, איז געווען דאָס זאַמלען און רעדאַקטירן, מיט דער הילף פון אייניקע חברים, דערהויפּט זיין נאָענטסטן פריינד י. ראַבניצקי, זיין גאַנצע קאָרעספּאָנדענץ (1,600 בריוו) פון דער גאַנצער צייט פון זיין קהלישער און ליטעראַרישער אַרבעט. ער האָט זיי אַרויסגעגעבן אין זעקס בענדער און לויט זיינע ווערטער זענען פאַרבליבן ביי אים נאָכאַמאָל אַזויפיל בריוו, וועלכע די צייט איז נאָך נישט געקומען זיי צו פאַרעפנטלעכן.

אין ארץ ישראל האָט ער זיך ווייניק אָפּגעגעבן מיט ליטעראַרישער אַרבעט און שרייבן, אַחוץ דאָס רעדאַקטירן פון די אויבנדערמאָנטע בריוו (אגרות אחד העם).

ווען מען איז צוגעשטאַנען צו אים ער זאָל געבן זיין מיינונג וועגן פראַגן פון וויכטיקע ענינים אין לאַנד, פלעגט ער ענטפערן אין דער פאָרם פון אָפענע בריוו, וועלכע זענען גלייך פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין די ארץ־ישראל־צייטונגען און די לייענער פלעגן זיי אויפנעמען מיט גרויס

צופרידנהייט. דער „רוח הקודש״, זאָגט ער, איז ביי אים אַוועק און ער איז שוין מער נישט פעיק צו שרייבן, וואָס ער וואָלט גערן טאָן. ער מיינט דעריבער, אַז שוויגן אָדער וואָס ווייניקער שרייבן, וועט זיין פיל גלייכער פאַר אים (118)

אין חודש אלול תרפ״ב (1922) האָט די ציוניסטישע וועלט געפייערט דעם 25־יאָריקן יובליי, זינט דעם ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס. אין ארץ ישראל האָט מען אַרויסגעגעבן לכבוד דעם יום טוב אַ בוך מיט דעם נאָמען „ספר הקונגרס״. דער רעדאַקטאָר, ל. יפה האָט זיך צו אים געווענדט ער זאָל ביישטייערן עפּעס צום בוך און אַרויסזאָגן זיינע מיינונגען וועגן קאָנגרעס. אין זיין ענטפער, וואָס איז דערנאָך געדרוקט געוואָרן אינעם בוך, האָט ער נאָכאַמאָל אַרויסגעוויזן זיין גרויסע עקשנות און שטאַרקן ווילן. ער זאָגט, אַז נישט אַכטנדיק, וואָס די גרויסע מאַיאָריטעט גלויבט, אַז סוף כל סוף האָט די ציוניסטישע פּאָליטישע באַוועגונג, וועלכע ער האָט אַזוי שטאַרק באַקעמפט, געזיגט, איז ער נאָך אַלץ זיכער, אַז זיין קאַמף מיט דעם הערצעליסטישן ציוניזם איז געווען אַ גערעכטער. דער גרויסער דערפאָלג וואָס דער ציוניזם האָט געהאַט פּאָליטיש דורך דער באַלפור־דעקלעראַציע און די דער־פאָלגרייכע אַנטוויקלונג פון ארץ ישראל, אָט די אַלע נצחונות זענען נישט דער רעזולטאַט פון דיפּלאָמאַטיע, נאָר פון דעם טיפן גייסט און שטאַרקן ווילן פון דעם טייל פונעם פאָלק, וואָס איז מקריב זיין לעבן אין דער פּיאָנערן־אַרבעט, און אויב דאָס גאַנצע פאָלק וועט נישט צושטיין צו אונדז כדי אַרויסצוברענגען מכח אל הפועל די אַלע פונקטן, וואָס דער „מאַנדאַט״ אַנטהאַלט אין זיך, דאַן זענען די אַלע אונטערגעשריבענע און באַשטעטיקטע דיפּלאָמאַטישע פּאַפּירן גאָר נישט ווערט פאַר אונדז. לויט זיינע מיינונגען און איבערצייגונגען איז אונדזער וויכטיקע אויפגאַבע צוערשט בויען דאָס פאָלק, כדי עס זאָל קענען בויען דאָס לאַנד. דערווייל שטייען מיר נאָך ביים אָנהויב און וואַרטן אויף די בויער.(119)

קורץ נאָכן אויבערדעמאָנטן בריוו, האָט תל־אביב געפייערט די באַ־שטעטיקונג פון דעם מאַנדאַט ביי דער פעלקער־ליגע. ער האָט זיך גע־פילט שוואַך און נישט געקענט פערזענלעך נעמען אָנטייל אין דעם יום טוב און אויף דער גרויסער פאָלקס פאַרזאַמלונג. ער שיקט צו אַ בריוו און אַ באַגריסונג, וועלכע מ׳האָט פאָרגעלעזן אויף דער פאַרזאַמלונג און איז דער־נאָך געדרוקט געוואָרן אין „הפועל הצעיר״. אין דעם בריוו האָט ער נאָכ־

אַמאָל באַטאָנט זיין פּאַרדרוס, וואָס דאָס פאָלק אין דער גאַנצער וועלט באַגרייפט זייער שוואַך דעם גרויסן היסטאָרישן מאָמענט. ער זעט אין דעם מאַנדאַט אַז די פעלקער זענען מודה אין דער היסטאָרישער פאַרבינדונג צווישן עם־ישראל און ארץ־ישראל. אָבער דער מאַנדאַט אַליין וועט נישט בויען דאָס לאַנד, אויב דאָס גאַנצע יידישע פאָלק וועט זיך נישט באַוועגן און ברענגען די נויטיקע קרבנות. דער „מאַנדאַט" אַלס אַזעלכער איז פאַר אונדז דער שווערסטער נסיון איצט און אויך פאַר דער צוקונפט, אויב דאָס פאָלק וועט נישט ווייזן, אַז עס לעבט און איז גרייט צו בויען פאַר זיך דעם גרויסן נאַציאָנאַלן בנין אין זיין לאַנד. און ווען דאָס פאָלק וועט דערפילן די פליכט צו זיך אַליין, דעמאָלט און נישט פריער וועט אונזער שמחה זיין פאַרפולט און דער נצחון וועט זיין אויף אייביק. (120)

מיט איינעקע יאָר שפּעטער, אין תרפ"ה, האָט מען אויפגעמאַכט די ערשטע אָפּטיילונג פון דעם העברעישן אוניווערזיטעט אויפן הר הצופים. זייענדיק קראַנק, האָט ער נישט געקענט מאַכן די רייזע און בייוואוינען די דערעפנונג. ער שיקט צו אַ באַגריסונג־בריוו צו די פאַרזאַמלטע אין וועלכן ער דריקט אויס זיין גרויסע שמחה און האָפענונג פאַר דער צוקונפט פון יידישן גייסט. ער זאָגט: די אַלטע הבטחה פון אונדזערע נביאים, „כי מציון תצא תורה", נעמט שוין זיך באַקליידן אין איר ווירקלעכער געשטאַלט. ער אַלס איינער פון דעם ערשטן דור, וואָס האָט אָנגעהויבן בויען די נאַציאָנאַלע דערציאונג דורך די ערשטע בתי הספר ביפו, גיט איבער מיט שמחה די ברכות צו דעם נייעם יונגן דור, אַז ער זאָל פאָרזעצן אונדזער גרויסע שווערע אַרבעט פאַר דעם דור, וואָס קומט נאָך אים עד דור־דורות.

ווען מען האָט געבויט דאָס בית־שני אין די צייטן פון עזרא, זאָגט ער, האָבן די אַלטע לייט, וועלכע האָבן נאָך געדענקט די גרויסקייט פון בית־הראשון, אויסגעבראָכן אין אַ געוויין. מיר, אָבער, דאַרפן טאָן דעם היפך. בויענדיק די אַמאָליקע בתי־ספר אין פאַריקן דור, האָבן מיר זיך גאָר נישט פאַרגעשטעלט זוכה צו זיין און זען די בויאונג פון אַן אוניווערזיטעט אויף דעם הר הצופים. מעגלעך, אַז דער נייער דור וועט אויך באַגעגענען פיל שוועריקייטן. זאָל ער זיך דערמאָנען אין אונדז, ווי שווער עס איז אָנגעקומען צו בויען די „בתי הספר ביפו" און דעמאָלט וועט קיין פלאַץ נישט זיין פאַר יאוש אָדער ספק. אַזוי גרויס איז געווען זיין באַגייסטערונג אין דער שאַפונג פון די נייע אינסטיטוציעס. (121)

אָט דער יום טוב אויפן הר־הצופים און דערנאָך, מיט אייניקע חדשים שפּעטער, ווען לאָרד באַלפור מיט גענעראַל אַלענבי האָבן אָפיציעל אויפ־געעפנט דעם אוניווערזיטעט און ער איז געווען אימשטאַנד אויך בייצוואוי־נען און נעמען אַן אָנטייל אין דער גרויסער היסטאָרישער שמחה — דאָס אַלץ האָט אין אים געשאַפן נייע קרעפטן און ער האָט זיך געפילט זייער גוט.

שטייענדיק אויפן הר־הצופים ביי די צערעמאָניעס, נעבן די גרויסע וועלט־פּערזענלעכקייטן, האָט מען געקענט לייכט באַמערקן אויף זיין פּנים, אַז דער גאַנצער יום טוב איז זיינער און, אַז דאָס וואָס ער האָט געפלאַנצט אין פאַרלויף פון אַ גאַנצן דור, האָט ער איצט זוכה געווען צו זען די פּרוכט.

מיט אַ יאָר שפּעטער איז זיין צושטאַנד געוואָרן פיל ערגער און עס איז אים געווען שווער אפילו אַרומצוגיין אין זיין צימער. אין די הייסע זומער־חדשים האָט ער זיך באַזעצט אויפן הר הכרמל, וואו די לופט איז פיל קילער. דורך די אייניקע חדשים אויפן הר הכרמל איז זיין געזונט געוואָרן בעסער אויף אַזויפיל, אַז ער איז שוין געווען אימשטאַנד צו לייענען, שרייבן בריוו און אַמאָל אויך פאַרצייכענען געוויסע ליטעראַרישע נאָטיצן. אין דעם זומער תרפ״ו איז אים געוואָרן זיבעציק יאָר. אויף זיין פאַרלאַנג האָט מען נישט געמאַכט קיין פייערונג אין דער עפנטלעכקייט. דעם טאָג האָט ער פאַרבראַכט רויק אין דער געזעלשאַפט פון זיינע חברים און הויז־געזונט אויפן באַרג. פונדעסטוועגן האָט די יידישע וועלט נישט פאַרגעסן דעם טאָג. טויזנטער טעלעגראַמעס און בריוו זענען אָנגעקומען צו אים פון אַלע עקן וועלט און די העברעיִשע צייטונגען אין ארץ ישראל און אויך איבער דער וועלט זענען אַרויס מיט ספּעציעלע מאמרים אָדער יובל־אויסגאַבן לכבוד דעם טאָג. אחד־העמען האָט געשמייכלט צו זען די אָנערקענונג פון די גרויסע מאַסן צו אים.

די גאַנצע פינף יאָר וואָס ער האָט געוואוינט אין תל־אביב, נישט קוקנדיק אויף זיין שוואַכן געזונט, האָט ער נישט געקענט רוען, ער האָט געמוזט אָנטייל נעמען אין קהלשע ענינים פון דער פאַרוואַלטונג פון שטאָט ביז די קלענסטע דערציאונגס אַנטשטאַלטן. ווען נאָר זיין געזונט האָט אים דערלויבט, פלעגט ער זיך באַטייליקן אין די זיצונגען פון די פאַרוואַלטונגען. זיין פּערזענלעכקייט און אָנוועזנהייט פלעגט האָבן אַ גרויסע מאָראַלישע ווירקונג אויף פיל כלל זאַכן.

זיינע טעג פלעגט ער פאַרברענגען לויט אַ באַשטימטן סדר. אין דער

פרי איז זיין באַשעפטיקונג געווען, שרייבן און ענטפערן אויף די פיל בריוו, וואָס פלעגן אָנקומען צו אים פון איבעראַל. בכלל איז ער געווען זייער פינקטלעך אין ענטפערן אויף יעדן בריוו און אַזוי איז ער אָנגעגאַנגען ביז די לעצטע טעג זיינע. דערנאָך איז געווען זיין מנהג כמעט יעדן טאָג צו באַזוכן די „הרצליה"־גימנאַזיע. נאָך מיטאָג — לייענען צייטונגען, באַזוכן זיינע שכנים און חברים אָדער אַרויספאָרן שפּאַצירן צום ים. אָממערסטן פלעגט מען אים דעמאָלט זען אין דער געזעלשאַפט פון זיינע בעסטע חברים, יהודה גראַזאָווסקי אָדער י. ח. ראַבניצקי. פרייטיק צונאַכטס און שבת מיטאָג־צייט איז זיין הויז געווען פול מיט באַזוכער, פריינד, ליטעראַטן, כלל־טוער און סתם געסט־רייזנדע, וועלכע זענען געקומען באַזוכן דאָס לאַנד. ער איז שטענדיק געווען דער צענטער פון אַלע געשפּרעכן און האָט אויסגעהערט מיט אויפמערקזאַמקייט וועגן וואָס אַנדערע האָבן געהאַט צו זאָגן מכח עניני־הכלל און ליטעראַטור־אַנגעלעגנהייטן.

אין תל־אביב האָט ער זיך געפילט באַקוועם און אָנגענעם צו וואוי־נען. ער האָט אָנערקענט די איבערגעבנהייט וואָס איז אים אַרויסגעוויזן גע־וואָרן פון דער תל־אביבער באַפעלקערונג. צום ביישפּיל, אין אָוונט אָדער מיטאָג־צייט, פלעגט דער דורכפאָר פאַר זיין הויז זיין אָפּגעצוימט מיט אַ קייט פון דער שטאָט פאַרוואַלטונג, כדי נישט שטערן זיין שלאָף.

אָבער נישט צו לאַנג איז אים געווען באַשערט צו שעפּן נחת און הנאה האָבן פון די פרוכט פון זיין אַרבעט. אינמיטן ווינטער פון יאָר תרפ״ז (1927) איז זיין צושטאַנד געוואָרן ערגער פון טאָג צו טאָג. ער האָט אָנגע־ווענדט אַלע קרעפטן זיך צו שטאַרקן און נישט אונטערגעבן זיך. אפילו אין די לעצטע גסיסה־טעג פלעגט ער זיצן אויף זיין שטול אין זיין אַרבעטס־צימער, געבעטן מען זאָל אים פאַרלייענען די לעצטע נייעסן פון דער וועלט. זיין שטאַרקער ווילן צו לעבן און שאַפן, האָט געמאַכט אַלעמען, אפילו דעם דאָקטער, צו גלויבן, אַז ער וועט נאָך אָנהאַלטן פיל לענגער.

זונטיק כ״ח טבת, תרפ״ז, זעקס אַזייגער אין דער פרי, איז געווען זיין יציאת נשמה.

די שרעקלעכע נייעס האָט זיך פאַרשפּרייט איבערן לאַנד אין פאַרלויף פון איין שעה צייט. אַ שטראָם מענטשן האָט זיך געצויגן פון אַלע געגנטן נאָך תל־אביב צו דער לויה, וועלכע איז פאָרגעקומען אין דעם זעלבן טאָג. צענדליקער טויזנטער מענטשן פון אַלע שיכטן און קלאַסן זענען נאָכ־

געגאַנגען אים באַגלייטן. די גאַנצע אַרבעט און האַנדל איבערן לאַנד האָט זיך אָפּגעשטעלט אין דער צייט פון די לויה שעהען. מען האָט אים געבראַכט צו זיין אייביקער רו אין שכנות מיט דר׳ מאַקס נאָרדוי, זיין אַמאָליקער קעגנער אַרום די אידעען פון דער יידישער נאַציאָנאַלער אויפלעבונג. (122)

אחד העם איז געשטאָרבן, אָבער זיין גייסט לעבט נאָך אין אונדז פיל שטאַרקער ווי אַמאָל. אומאָפּהענגיק פון קלאַס גייט מען די טריט פון דעם עמוד־האש פון זיין תורה, וואָס באַלייכט אונדז אויפן וועג פון זעלבסט־באַפרייאונג עד סוף כל הדורות.

# ביבליאגראפישע רשימה

**נאָטירט פון אחד העם'ס „פרקי זכרונות", געדרוקט אין „רשימות" חלק ה', אויך פון פ. לחובר „תולדות הספרות העברית החדשה", ג'.**

## בריוו און מאמרים

1. רבניצקי, ד"ר קנטור: יוני־נאָוועמבער, 1896.
2. ברבש, — אויגוסט־סעפטעמבער, 1896.
3. ד"ר ש. ברנפעלד, ד"ר קנטור — אָקטאָבער — ד. כהנא, י. ווייסבערג, א. לודביפול — נאָוועמבער, 1896.
4. אחיאסף, מרדכי בן הלל הכהן — נאָוועמבער־דעצעמבער, 1896.
5. פ. פינס — נאָוועמבער, 1896. ד"ר ד. קויפמאן — יאַנואַר, 1897.
6. ד"ר ה. גרשוני — אַפּריל, 1897.
7. י. צייטלין — יאַנואַר, 1897.
8. ילקוט קטן עפ"ד 3, זייט 14.
9. מ. כהן, ד"ר ברנפלד, פעברואַר־מערץ, 1897.
10. ד"ר ברדטשבסקי, מערץ־מאי, 1897. — ד"ר ברנפלד, מערץ, 1897.
11. ילקוט קטן, י"ט עפ"ד 3, זייט 44.
12. עפ"ד 1, ילקוט קטן ט"ו עפ"ד 3.
13. מאיר איש־שלום — נאָוועמבער, 1896 — אפריל, 1897.
14. ילקוט קטן י"ז, עפ"ד, 3.
15. ד"ר מיכלסון, יולי, 1897.
16. אוסישקין — יוני, 1897.
17. ילקוט קטן כ"א, 1897.
18. רבניצקי — סעפטעמבער, 1897.
19. ד"ר עהרענפרייז — מערץ, 1898.
20. ד"ר עהרענפרייז — דעצעמבער, 1897.
    — ד"ר ברדטשעבסקי — יאַנואַר, 1898.
21. קליינמאן — יולי, 1898.
22. ד"ר ברנפלד — אָקטאָבער, 1897.
23. ד"ר ניימארק, ראובן בריינין — פעברואר, 1898.

24. ד״ר טשלענאָוו — אָקטאָבער, 1898.
25. אחיאסף — מאי, 1898.
26. ד״ר ברדיטשבסקי — מערץ, 1898.
27. ילקוט קטן כ״ז — 1898.
28. י. רבניצקי — אויגוסט, 1898.
29. ד״ר טשלענאָוו — סעפטעמבער, 1898.
30. שולמאן — יאַנואַר, 1899.
31. עפ״ד 3, ילקוט קטן ל״ח.
32. לובצקי — יאַנואַר־פעברואַר, 1899.
33. רבניצקי — יאַנואַר, 1899.
34. רוזנבלאט — יאַנואַר 1899.
35. רבניצקי — פעברואַר, 1899.
36. אוסישקין, בערנשטיין־כהן און אַנדערע — מערץ־מאי, 1899.
37. „השלח״ — מאי 1899; עפ״ד ב׳ „המדינות ואוצר הישוב״.
38. מרדכי בן הלל הכהן — מאי, 1899.
39. ניימאַרק — יוני, 1899.
40. א. קפלן, ד״ר ברנפלד — סעפטעמבער־אָקטאָבער, 1899.
41. א. קפלן — יוני, 1900.
42. א. קפלן, לוברסקי, גרוזובסקי — יולי־אויגוסט, 1900.
43. א. קפלן — אָקטאָבער־נאָוועמבער, 1900.
44. פרישמאן, א. קפלאן — דעצעמבער, 1900; אָדער „בעלי תשובה״ עפ״ד 3.
45. ש. פ. ראבינאָוויטש (שפ״ר) — פעברואַר־מערץ, 1901.
46. „השלח״ — 1901.
47. אייזנשטדט — מערץ, 1901.
48. קפלן — מערץ, 1901.
49. ילקוט קטן ל״ח, ל״ט — ווייצמאן, אייזנשטדט — יוני־יולי, 1901.
50. ד״ר קלויזנר, ד״ר ניימארק — יולי, 1901.
51. קפלן, ד״ר ברנפלד — אויגוסט־אָקטאָבער, 1901.
52. איינקע בריוו אין יאַנואַר, 1902.
53. **עפ״ד 2.**
54. אַקציאָנס קאָמיטעט — פעברואַר, 1902.
רבניצקי — אויגוסט, 1902.
55. ד״ר ברנשטיין־כהן, ד״ר קלויזנער, ד״ר ברנפעלד און אַנדערע —

מאי־אָקטאָבער, 1902.

56. עפ״ד ב.

57. ד״ר נוסיג — מאי, 1902 און אַנדערע.

58. חברה „לבנון״ — יוני, 1902.

59. מלטר — אויגוסט, 1900.

60. „משה״ עפ״ד 3, החנוך הלאומי עפ״ד 4.

61. אחיאסף, ד״ר שמריהו לעווין — דעצעמבער, 1902.

62. „החטא וענשו״, „הציוניות ותקון העולם״, עפ״ד 3.

63. ד״ר קלויזנער — אַפּריל, 1903; אייזנשטדט — מאי, 1903; מ. לעווין, רבניצקי — מאי־יוני 1903.

64. „הבוכים״ עפ״ד 3, א. — אויגוסט, 1903.

65. הרב מאזאה — פעברואַר, 1904; ד״ר עהרענפרייז — יאַנואַר, 1904; „תחית העם״ עפ״ד 2; „פינסקר ומחברתו״ עפ״ד א.

66. פרלמון, לעווין — דעצעמבער, 1903; מ. רייזין — יאַנואַר, 1904.

67. הקדמה לעפ״ד 3: דובנוו, רבניצקי — יולי, 1904.

68. דרויאנוב, דובנוב — אפריל, 1906.

69 לובארסקי — אפריל, 1906.

70. פון פיל בריוו אין סעפּטעמבער, 1906.

71. ד״ר טשלענוב, גוטמאַן, דובנוב — 1907.

72. בן הלל הכהן, דובנוב — דעצעמבער, 1907. בן ציון — פעברואַר, 1908.

73. א. גוטמאַן, דובנוב, גוטץ, מנדלי מוכר ספרים, קלויזנר — פעברואַר־אָקטאָבער, 1908 ביז יאַנואר 1909.

74. הרב דייכעס — אפריל, 1916.

75. ב. ביינש, ראפאלאָוויץ — אָקטאָבער, 1916.

76. ד״ר מ. שיינקין — פעברואר, 1908.

77. ד״ר ש. לעווין, בן הלל הכהן, ד״ר שכטר — פעברואַר, מערץ נאָוועמבער, דעצעמבער, 1908.

78. אוסישקין, ד״ר ש. לעווין, ד״ר יאַקובסון און אַנדערע — אויגוסט־אָקטאָבער, 1908.

79. ל. לעווינסקי — נאָוועמבער. 1908.

80. ש. דובנוב — סעפּטעמבער, 1909, „ריב לשונות״, „השלח״ 1910.

81. רבניצקי — דעצעמבער, 1908. דובנוב, לעווינסקי, קלויזנר —

פעברואַר־מערץ, 1909, עפ״ד ד׳

82. לאדזינסקי, ד״ר קלויזנר, דובנוב — יאַנואַר־פעברואַר, 1910.

83. ד״ר טשרנוביץ — מערץ, 1910.

84. „על שתי הסעיפים״ עפ״ד 4. בריוו פון אָקטאָבער־נאָוועמבער, 1910.

85. „תורה מציון״ עפ״ד ד. לאדזינסקי, בן הלל הכהן, ראבניצקי — פון דעצעמבער 1910 ביז פעברואַר 1911 און נאָך אַנדערע בריוו.

86. עפ״ד א. בריוו: מרדכי בן הלל הכהן — מערץ און אפּריל, אײזענשטאדט — יולי, 1911.

87. דרויאנוב, ד״ר מ. רייזין — דעצעמבער־מאי, 1910—1913.

88. „סך הכל״, „הוספה״ עפ״ד ד. בריוו צו אוסישקין, קלויזנר, דרויאנוב, בן הלל הכהן, גרוזובסקי פון מערץ ביז יוני, 1912.

89. בן־עמי — יאַנואַר, 1912.

90. טשרניכובסקי — פעברואַר, 1912; רבניצקי — מאי—נאָוועמבער, 1913.

91. דובנוב, רבניצקי און אַנדערע — סעפּטעמבער 1912; מ. סמילנסקי — יאַנואַר, 1913.

92. קלויזנר, דרויאנוב — אָקטאָבער־דעצעמבער, 1912; מ. סמילנסקי — יאַנואַר, 1913.

93. אייזנשטאדט, גרוזובסקי, אוסישקין, טשלענוב — יאַנואַר־אפּריל, 1913.

94. ד״ר מ. רייזין — מאי־דעצעמבער, 1913; יאַנואַר, 1917.

95. גרוזובסקי, דרויאנוב, בן הלל הכהן, ד״ר ש. לעווין, ד״ר שכטר, פאול נתן, בריוו פון מאי־דעצעמבער, 1913.

96. די מערסטע בריוו אין 1914.

97. „עוללות״ י״א, אגרות 6.

98. אוסישקין, לובארסקי, לאדזינסקי — מאי־סעפּטעמבער, 1913.

99. פבזנר, דרויאנוב, אייזנשטדט און אַנדערע — נאָוועמבער־דעצעמבער 1913.

100. אדעסער קאָמיטעט פון חו״צ — פעברואַר, 1914.

101. מערץ בריוו, 1914.

102. נחום סוקולוב — סעפּטעמבער, 1916.

103. ד״ר חיים ווייצמאן — אפּריל־מאי, 1914.

104. ווייצמאן, טשלנוב, סיימאן — סעפּטעמבער ביז דעצעמבער, 1914; פבזנר, סוקולוב, ווייצמאן, סיימאן, און נאָך איניקע בריוו פון 1914 ביז 1917.

105. דובנוב, קלויזנר, ח. טשרנוביץ, עברי, קאסטליונסקי — אפּריל־

סעפטעמבער, 1915; מקסימון, סכר, דובנוב — יאַנואַר־מאַי, 1916.

106. לובארסקי — יוני, 1916.

107. טרומפלדור — נאָוועמבער, 1916.

108. לובארסקי, דובנוב, אוסישקין, לדזינסקי און אַנדערע — פעברואַר־אָקטאָבער, 1917.

109. בן הלל הכהן, לדזינסקי, ד״ר טשרנוביץ — יאַנואַר־פעברואַר, 1918.

110. א. טסל — יאַנואַר, 1918.

111. ד״ר ווייצמאַן, מרס. ווייצמאַן — יולי־אויגוסט, 1918.

112. „שטיבל״ — פעברואַר, 1919.

113. ד״ר ש. לעווין, גרוזובסקי, בן־עמי בן הלל הכהן, ד״ר ווייצמאַן — אַפּריל ביז סעפּטעמבער, 1919.

114. לדזינסקי, גליקסון — נאָוועמבער, 1919.

ד״ר טשרנוביץ, בן הלל הכהן, בן עמי, מ. סמיליאנסקי — פעברואר, 1920.

115. לובארסקי — מאי, 1920.

116. ד״ר קלויזנר, בן הלל הכהן — יולי, 1921.

דרויאנוב — אָקטאָבער, 1921.

117. ד״ר ש. ברנפלד — דעצעמבער, 1921.

118. ל. יפה — סיון, תרפ״ב.

119. ל. יפה — סיון תרפ״ב.

120. אספת העם בתל־אביב — תמוז, תרפ״ב.

121. בריוו צו ד״ר י. מגנס — כ״ב כסלו, תרפ״ה.

122. „אחד העם״ ביי מ. גליקסון.

# אינדעקס

## א.



## ב.



## ג.

## ד.



## ה.



## ו.

## ז.



## ח.



## ט.



## י.

## ל.



## מ.



## נ.



## ס.



## ע.



## פ.

# אינהאלט-פארצייכעניש

אין פארלאג י. ל. פרץ־ביבליאטעק
זענען ביז היינט דערשינען פאלגנדע ביכער:

| | |
|---|---|
| י. זרבבל: | בלעטער פון אַ לעבן (2 בענדער) |
| מענדל מאַן: | נאַכט איבער גלושינאָ |
| אברהם סוצקעווער: | אין מדבר סיני |
| ישראל טאַבאַקמאַן: | מיינע איבערלעבונגען |
| ש. בערלינסקי: | בילדער און דערציילונגען |
| י. פאַפיערניקאָוו: | היימישע און נאָענטע |
| מענדל מאַן: | ביי דער ווייסל |
| ק. צעטניק: | דאָס הויז פון די ליאַלקעס |
| יוסף בירשטיין: | אויף שמאָלע טראָטואַרן (ראָמאַן פון קיבוץ לעבן) |
| אפרים שרייער: | קונסט און טעאַטער (העברעיש) |
| יצחק פאַנער: | שלום אש אין זיין לעצטער היים |
| מלך נוי — ניישטאַדט: | דאָס ערשטע און דאָס צענטע יאָר מדינת־ישראל |
| מרדכי יפה: | צען ישראל־דיכטער |
| יוסף ראָזען: | געקליבענע שריפטן (העברעיש) |
| יצחק לעוו: | אין געראַנגל |
| י. האָפּער: | אַ הויף אויף פּאַקאַרנע (2 בענדער) |
| פ. גראַנאַטשטיין: | מענטשן פון נעכטן |

*Publishing I. L. Peretz Library,*
31 *Allenby Str. Tel-Aviv, Israel.*